

דוד עדעלשטאַדט.

דוד עדעלשטאדט

# שריפטען

מיט א פאררעדע איבער דאס לעבען און שאפען פון דעם דיכטער,

פון

מ. קאטץ

ארויסגעגעבען פון

פארלאג „ארבייטער פריינד" און „פרייע ארבייטער שטימע"

לאנדאן, 1909—ניו יארק, 1925

„פרייע ארבייטער שטימע" דרוקעריי, 48 קאנעל סט., נ. י.

# דוד עדעלשטאַדט.

---

אַ גראַדע פיגור פֿון מיטעלער הויך, סימעטריע אין דעם געבוי פֿון די גליעדער; אַ ליכטיגער פנים מיט איידעלע, צאַרטע געזיכטס-ציגע, אויף וועלכע עס איז אויסגעגאָסען אַ חן פֿון הויכער אינטעליגענץ און פֿון טיעפֿען געפֿיהל; אַ פּאָר ווייט צוּעפֿענטע, קאַרע אויגען בעזיימט מיט אַרקען-פֿאָרמיגע שאָטען-ברעמען — אויגען, אין וועלכע עס שפּיגעלט זיך שטענדיג אָב אַ פֿראַגע און אויסרוף, אַ מין פֿערוואונדערונג, ווי זיי וואָלטען שטענדיג אייך זאָגען:

„אָה מענש, פֿאַר ליעבע, גליק און לעבען
איז די נאַטור, די וועלט בעשאַפֿט;
דיר איז אַ פֿרייע ערד געגעבען,
און איצט איז ערד און מענש פֿערשקלאַפֿט."

אַזוי שטעהט עד היום פֿאַר מיינע אויגען די געשטאַלט פֿון'ם לאַנג פֿערשטאָרבענעם און נאָך לאַנג אונפֿערגעסליכען דיכטער. ווער עס זעהט איין מאָל אַזאַ פנים, ביי יענעם ווערט וואַרעם אין האַרצען און דאָרט ווערט איבערגעלאָזען אַן איינדרוק אויף אייביג — אַן איינדרוק פֿון אַ קריסטוס-געזיכט, אַזוי ווי ערשיענען אויף דער וועלט אָבצוקומען פֿאַר די זינד פֿון די פֿער-בלאָנדזשעטע מענשען-קינדער.

ניט אומזיסט האָט זיך די געשטאַלט פֿון דעם דיכטער איינגעפּרעגט טיעף אין די הערצער פֿון אַלע, וועלכע האָבען איהם געקענט און מיט איהם די מינדעסטע מגע ומשא געהאַט, און ניט

אומזיסט האָט זיך וועגען איהם דער קלאַנג פֿערשפּרייט ווייט און ברייט, וואו נור עס זיינען פֿאַראַן ליידענדע און אונטערדריקטע אידישע פּראָלעטאַריער, וועלכע זיינען דורך דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ געקומען צום בעוואוסטזיין; ניט אומזיסט איז ביי אַלעמען די פֿאָרשטעלונג פֿון׳ם פּאָעט בעקרוינט מיט דעם קראַנץ פֿון אַ מאַרטירער; ניט אומזיסט האָבען זיך ביי אונזערע ליידענדע פּראָלעטאַריער־ברידער אין די רוסיש־אידישע שטעדט געבילדעט לעגענדעס *) וועגען דעם **לעבען און שאַפֿען פֿון דוד עדעלשטאַדט**.

מען זאָגט געוועהנליך, אַז קיין צדיק איז ניט אַ צדיק פֿאַר זיין שטעדטעל. און באמת: אָפֿט פּאַסירט עס, אַז מענשען, וועגען וועלכע עס געהען אַרום קלאַנגען ווי וועגען הייליגע, מענשען, וועלכע מען אַכטעט, שעצט און פֿאַר וועלכע מען איז בעגייסטערט, צו פֿערדאַנקען די דערצעהלונגען וועגען זיי און וועגען זייערע גוטע מעשים, אָדער צו פֿערדאַנקען זייערע שריפֿטען, וואָס מאַכען אויף מענשען אַ טיעפֿען איינדרוק, פֿערלירען אָבער אין אונזערע אויגען פֿיעל פֿון זייער ווערטה, ווען מיר דערקענען זיי נעהנטער, ווען מיר לעבען צוזאַמען מיט זיי און בעאָבאַכטען זיי אין אַלע זייערע קעהרונגען און ווענדונגען. וואָרום נאָך אַלעמען איז דאָך אַ מענש פֿון פֿלייש און בלוט תמיד אַ בשר־ודם, אַ פּשיטא שוין אונטער די אומשטענדען, אונטער וועלכע מענשען קומט אוים צו לעבען

---

*) „ביי אונז אין רוסלאַנד — האָט מיר איבערגעגעבען אין אַ געשפּרעך אברהם רייזען — רעדט מען פֿון עדעלשטאַדט, ווי וועגען אַ הייליגען. עס געהען זאָגאַר אַרום פֿערשידענע לעגענדעס וועגען זיין לעבען, און אַרבייטער ריידען וועגען איהם און זינגען זיינע לידער מיט טרערען אין די אויגען.“

אין דער היינטיגער וועלט, און בפרט אונטער די אומשטענדען אין דער אמעריקאנער בורזשואזנער אטמאספערע, וואו די נסיונות זיינען אזוי גרויס און וואו דער אידעאליזם ווערט בטל בששים פון דער ארומרינגלענדער „לעבען־מאכעריי" אין א געשעפטס־וועלט. ווי אפט זיינען די ענטוישונגען, ווען מען בעקענט זיך נעהנטער מיט א בעריהמטהייט, מיט א שרייבער, מיט א פאעט, מיט א רעדנער, מיט א געלויבטען און פערגעטערטען כלל־טהוער.

וואס פאר אן אויסנאהם עס איז דעריין געוועזן דער דיכטער, ווי אנדערש איז געוועזן דער פאל מיט איהם! מיר, זיינע חברים, וועלכע זיינען געוועזן אזוי נאהענט נעבען איהם אין דער צייט פון זיין שאפען, אין דער צייט פון זיין טהעטיגקייט אויף יענער ערשטער שטופע פון פערשפרייטען, פראפאגאנדירען סאציאליסטישע און אנארכיסטישע אידעען צווישען די איינגעוואנדערטע אידען אין דער נייער וועלט און שאפען אן ארבייטער-בעוועגונג, וועלכע זאל קעמפפען פאר א בעסערע וועלט — מיר וויסען, אז וואס נעהנטער מען האט געקענט איהם, וואס אפטער מען האט פערקעהרט מיט איהם און געזעהן איהם אין אלע זיינע פיהרונגען און בענעהמונ־גען, אלץ מעהר רעספעקט האט מען געמוזט פיהלען פאר איהם, אלץ ווארעמער איז מען געווארען צוגעבאקען צו איהם, אלץ ליעבער האט מען איהם בעקומען, אלץ העכער האט זיך אויפ־געהויבען פאר די אויגען זיין גייסטיגע פיגור.

עדעלשטאדט'ס צויבער־קראפט איז בעשטאנען אין דער ריינקייט פון זיין נשמה, אין דער זויבערקייט פון זיין גאנצען וועזען — א מאראלישע קראפט, וואס האט אונבעוואוסט געווירקט מיט איהר זיטליכקייט, מיט די גוטע מידות, מיט דעם מזג טוב, מיט יענע וואונדערליכע איינענשאפטען, וועלכע א מענש קען זיך נים ערווערבען סיידען דורך יסורים, וואס לייטערן זיין נשמה,

אָדער דאָס זיינען איינגעבאָרענע אייגענשאַפטען, אין וועלכע ער אַליין איז ניט שולדיג, אַזוי ווי עס איז ניט שולדיג דאָס שעהנע קינד, וואָס זיין פנים איז אַזוי ליעבליך, אַזוי אָנציהענד און דער־מאָנט אונז אָן דער געשטאַלט פון אַ מלאך; אַזוי ווי עס איז ניט שולדיג די בלום, וואָס זי גיט אַרויס פון זיך אַזאַ בשמים־ריח. אייגענשאַפטען, פון אַ העכערער מדרגה מענש האָט די נאַטור אַליין ערצויגען אין דעם דיכטער.

עס זיינען פאַראַן מענשען, וואָס זיינען פון דער נאַטור אַנאַרכיסטען-קאָמוניסטען; דאָס זיינען זעלטענע מענשען. און ווען אפילו קיין טהעאָריע פון אַנאַרכיזם און קאָמוניזם וואָלט אויף דער וועלט ניט געווען, און ווען אפילו זיי וואָלטען ניט בעקענט ווערען מיט פאַטענטירטע אידעאַלען, וועלכע לייגען אַרויף אַ בעשטימטע סיגנאַטור, זיי וואָלטען אין זייער עצמיות געבליבען דיזעלבינע, ניט וויסענדיג אפשר ווי מען רופט דאָס. דאָס זיינען מענשען, וועלכע קענען ניט פערטראָגען אַ הערשאַפט איבער זיך; אפילו דער מינדעסטער קאָמאַנדאָ־טאָן, אַ בעפעהלענדעס וואָרט בלויז, בעליידיגט זיי אויף דאָס טיעפסטע. עס איז פאַר זיי אָרגאַניש און פסיכאָלאָגיש אונערטרעגליך דער טאָן פון אַ בעפעהל אָדער אַ קאָמאַנדירענדער בליק; זייערע צאַרטע נערווען קענען דאָס ניט פערליידען, זייער עמפפינדליכע נשמה ווערט אויפגעבראַכט. און פונקט אַזוי, און אפשר נאָך מעהר, ווי זיי קענען ניט פערטראָגען אַ קאָמאַנדאָ־וואָרט איבער זיך, איז רערווידער זייער נאַטור צו בעפעהלען דעם צווייטען, אַ הויכען קאָמאַנדירענדען קול אויפהויבען נעגען אַן אַנדערען. דאָס איז פאַר זיי אויך אָרגאַניש און פסיכיש אונמעגליך. אַזעלכע מענשען קענען ניט הייסען, זיי קענען אָבער האַסען! פון זייער נאַטור אויס האַסען זיי דעם בעפעהלהאָבער און פעראַכטען די שקלאַפישע נשמה, דעם שמייכלער, דעם

חניפה׳ושניק. ביי זיי פֿעהלט דאָס געפֿיהל פֿון „מיינע" אין איינגענטהום, ווייל זיי קענען קליינליך ניט זיין, און אויב זיי פֿעהלט די לוסט הנאה צו האָבען פֿון „דיינע", פֿעראַכטען זיי אָבער דעם „דיין", ווי דעם הונד אויף זיין ביין.

פרופֿט צו אַזאַ נאַטור צוגעבען יענעם מזג טוב, יענע האַר־ציגע גוטסקייט און יענע איינדרוקספֿולע ווייכקייט און זאַנפֿטקייט, וועלכע ווערט געריהרט פֿון דעם מינדעסטען אויסדרוק פֿון ליידען אויף אימיצענס פנים — אַ גוטסקייט, וועלכע איז אויך אין זיי אַ נאַטירליכע, אינסטינקטיווע, ניט אַן אויסגעלערענטע פֿון מאָראַל־ביכער, און איהר ווערט האָבען פֿאַר זיך אַ פערזאָן, וואָס צייכענט זיך אויס מיט איהר גאַנצקייט, וואו דער ווילען, די געפֿיהלען און די געדאַנקען געפֿינען זיך אין אַ וואונדערליכער האַרמאָניע. דאָס האַרץ פֿון אַזאַ מענשען נעהמט אויף ווייך, אַזוי ווי וואַקס, די איינדריקע, און איינמאָל אויפֿגענומען אַן איינדרוק, ווערט ער שוין ניט פֿערגלעט, וואָרום אין דער טיפֿער, געפֿיהלפֿולער נאַטור געשטאַלטעט זיך דער איינדרוק צו אַן איבערצייגונג, וואָס ווערט אַזוי פֿעסט, ווי אין גאָלד אויסגעקריצט. מען רופֿט דיזע מענשען מאָראַלישע מענשען, אָבער מען מאַכט אַ טעות, ווען מען מיינט, אַז דאָס איז אַ מאָראַל פֿון דרויסען אין זיי אַן איינגעווירקטע, — ניין, דאָס איז אַ זיטליכע נאַטור, אַ מין אָסקעטען־נאַטור, אין וועלכער די ריינהייט גופא, די גוטסקייט גופא, די אָברופֿונג גופא אויף דעם צווייטענס יסורים און די פֿעראַכטונג צו דער הערשזוכט און צו דער אונטערטהעניגקייט ווערט אַ ליידענשאַפֿט, אַ פֿייעריגע ברענענדע ליידענשאַפֿט, אַ שטענדיגער פֿלאַם, וואָס פֿערצעהרט אין זיי אַלע אַנדערע ליידענשאַפֿטען. אָט דאָס איז געווען די גייסטיגע געשטאַלט פֿון דוד ערעלשטאַדט. און דערמיט ערקלעהרען זיך אויך יענע חסרונות, וועלכע ליטעראַטור־קריטיקער מוזען געפֿינען,

ווי אין די ניט געקינצעלטע אויסערליכע פֿאָרמען, אַזוי אין דעם ניט־וואַריאירטען, אָפּט מאָנאָטאָנעם אינהאַלט פֿון זיינע אידישע געדיכטע. עדעלשטאַדט'ס וועלט־שמערץ איז דער שמערץ פֿון די עניים און אביונים, דער וועלט־שמערץ פֿון אַ ישעיה הנביא; עדעלשטאדט'ס וועלט־דראַמאַ איז דער קאַמפּף פֿון קאַפּיטאַל און אַרבייט; דאָס שפּיעל פֿון ראַנגלענדע נאַטור־קרעפֿטען, דער יצר טוב און דער יצר הרע, דאָס שטעלען איהם פֿאָר די ווילדע כוחות פֿון די וועלט-שלינגער און דער שטיינענדער בעוואוסטזיין פֿון די, וואָס ווילען אויפֿהערען זיין פֿערשלונגענע. אָנגעהויבען האָט עדעל-שטאַדט'ס מוזע זינגען איהם אין דער רוסישער שפּראַך.

און אָנגעהויבען זינגען האָט זי, ווי ביי יעדען פּאָעט, פֿון דער נאַטור און איהרע שעהנקייטען און פֿון אַלעם, וואָס קען רייצען דעם יונגען מענשען'ס פֿאַנטאַזיע, פֿון אַלעם, וואָס עס שפּיגעלט זיך אָב אין זיין נשמה פֿון דער אַרומיגער וועלט. וואָס מעהר אָבער עס ווערט רייף זיין נאַטור, אַלץ מעהר גיט אַרויס זיין לירע די טענער פֿון פּראָטעסט געגען אונטערדריקונג, ביז ער הערט אויף ליריש צו זיין; אַלע סטרונעס פֿון זיין לירע גיבען אַרויס איין האַרץ־רייסענדען געשריי, איין מאָטיוו, איין ליעד—

דאָס ליעד פֿון קאַמפּף
וואָס קלינגט ווי קייטען
פֿון'ם פֿערשקלאַפּטען קריסט און איד.

דער פֿלאַמענדער מאָטיוו פֿון קאַמפּף האָט פֿערשלונגען אַלע אַנדערע מאָטיוועז און דאָס רויט אַלע אַנדערע קאָלירען פֿון זיין מאַלאַנט, ווי די פֿערשיעדענאַרטיגע קאָלירען אין דעם קאַמפּף פֿון מאָרגען־אויפֿגאַנג געגען פֿינסטערע נאַכט ווערען בענאָסען מיט איין איבערוועלטיגענדען פּורפּור־רויט, מיט וואָס עס ווערט בעלויכ-טען דער גאַנצער האָריזאָנט, איידער עס קומט דער ליכטיגער טאָג.

שוין אין זיינע רייפע רוסישע געדיכטע קרעכצט דעם פּאָעט'ס לידע:

„איך בין ניט געבאָרען פאַר זיסע אַריען,
פאַר ליעבעס-טראַנק און שעהנהייטס-בלומען;
ד'בין ניט אַ פּאָעט, ד'בין אַ פּראָלעטאַריער,
אַ קינד פון אָרעמקייט, פון קאַמפף אַ טרוימער.
דער קאַמפף פאַר ברויט, דאָס'ז מיין מוזע,
דער פאַבריק-גיהנום איז מיין פּאַרנאַס,
די קראַנקע ברוסט אונטער אַרבייטס-בלוזע
איז דער זיסער נעקטאַר פון אונזער גאַס."

איז ער ווירקליך ניט געבאָרען געוואָרען פאַר זיסע מעלאָדיען? ווען מען לעזט זיינע יוגענד-ליעדער אין רוסיש, וועלכע זיינען אפשר אומבעדייטענד, אַלס דער פּראָדוקט פון אַ טרוימערישען קינד, זעהט מען אָבער יענעם איינגעבאָרענעם טאַלאַנט, וועלכער וואָלט אונטער גינסטיגע אומשטענדען געדאַרפט ענטוויקלען זיך צו עטוואָס קינסטלעריש גלענצענדעס. עס מעג זיך זיין אַ בעזונדער פראַגע, אויב ער וואָלט זיין פאָלק און זיינע ליידענס-ברידער בריינגען דאַן אויך יענע נוצען, וועלכע זיינע פּראָדוקטען האָבען געבראַכט אין וועקען דעם בעוואוסטזיין פון די אָרעמע, ווען ער האָט זיך פערוואַנדעלט אין גאַנצען אין אַ פּאָעט-אַגיטאַטאָר, אויב מען קען מיט איין וואָרט בעצייכנען זיין גאַנצע שאַפונג, ווי עס ערשיינט אין דעם פאָרליגענדען בוך. אָבער—ערקלעהרט ער אונז אַליין:

„פריה זיינען געשטאָרבען מיינע האָפנונגען זיסע,
פריה האָב איך דערזעהען דעם ווילדען קאָנטראַסט,
דאָס אַרבייטער פאָלק אין אַ פינסטערער תפיסה
און שווינדלער און רויבער אין רייכען פּאַלאַסט..."

* * *

עדעלשטאַדט איז געבאָרען געוואָרען פֿון נים רייכע עלטערן אין דער עכט־רוסישער שטאָדט קאַלוגאַ דעם 9טען מאַי 1866. זיין פֿאָטער אַ פּראָסטער, גוטהאַרציגער, שטילער מענש, זיין מוטער, אַ שעהנע פּשוט'ע אידישע פֿרוי, וועלכע האָט געמוזט זיין די בעל־פּרנסה'ניצע, די עקרת הבית. זיין אידישע ערציהונג איז געווען אַ קנאַפּע. מען קען זיך פֿאָרשטעלען, וואָס פֿאַר אַ מלמד ער האָט געמוזט האָבען אין אַ קאַלוגאַ, וואוהין אַ פֿער־וואַנדערטער אָרעם־בחור, וואָס איז מסתמא געווען אַן עם הארץ אין זיין ישיבה, איז אַוועק אַ פּרנסה מאַכען פֿון מלמד'עווען מיט די קינדער פֿון ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטען און וואו אַ שוחט האָט מסתמא געשפּיעלט די ראָלע פֿון אַ רב, אַ בעל־קורא, אַ חזן און אַ מסדר־קדושין. אַ קנאַפּע לוסט האָט ער געהאַט צו געהן אין חדר.

אָבער דערפֿאַר האָט ער געהאַט אַ גוטען רוסישען לעהרער; דאָס איז דאָך געווען די השכלה־צייט, דער פּעריאָד פֿון „פּראָס־וועשטשעניע" אין רוסלאַנד. נים קיין גרויסע בילדונג האָט ער געקענט געניסען אויף די געצעהלטע גראָשענס פֿון נים רייכע עלטערן, אָבער ער האָט ליעב געהאַט פֿיעל צו לעזען, און שוין אַלס קינד פֿיעל צו שרייבען און בעשרייבען. אָט קומט ער פֿאַר פֿאַר מיינע אויגען, לויט דערצעהלונגען, אַלס אַ שטילער, געלאַ־סענער אינגעלע פֿון אַ יאָהר אַכט, מיט גרויסע פֿערטראַכטע אויגעלאַך. די גאַנצע פֿאַמיליע זיצט ביים טיש; מען רעדט, טהוט, עסט אָדער דערצעהלט מעשיות, און דאַווידקע פֿער'גנב'עט זיך אין אַ ווינקעלע און שילדערט, פֿערפֿאַסט, שרייבט אַ „סאָטשי־נעניע". זיין לוסט צו שילדערן, צו בעשרייבען האָט געמוזט אין איהם זיין ליידענשאַפֿטליך פֿון פֿריהער קינדהייט אָן. נאָך אַלס נײַן־יעהרינגער אינגעל איז ער געווען שטאַרק בעגייסטערט פֿון

טהעאַטער. די גרויסע אַקטריסע זאָרינאַ גאַסטראָלירט אין קאַלוגאַ, און אין דער פּראָווינציעלער שטאָדט איז דאָס אַ גאַנצע ערײיגנים, אַ גרויסע פּאַסירונג. דאָס טהעאַטער איז ניט ווייט פֿון הויז און דוד'ל לויפֿט אַלע אָבענד אַהין. ער היט אָב אין שטאָדטישען גאָרטען, ווען די קינסטלערין געהט שפּאַצירען, זיינע אויגעלעך צופֿענען זיך, ער קוקט איהר נאָך, שלינגט איהרע בעוועגונגען, און דאָ טאַקע תיכף שרייבט ער אַ ליעד, בעזינגט זאָרינאַ'ן. אַ „קוואַרטאַשקע" געהט פֿערביי, אָרדנונג מוז מען אויפֿהאַלטען, בפֿרט ווען די אַקטריסע אַליין געהט שפּאַצירען; ער דערזעהט אַ אינגעל שפּירט נאָך די „זוועזדאַ" און שרייבט עפּעס: סטייטש, וואָס איז דאָס? צו עפּעס ניט אַ סכנה פֿאַר'ן „פּאָריאַדאָק"? ער פּאַקט דעם בונטאָווששיק, נעהמט דאָס פֿערשריבענע פּאַפּירעל און ווערט נתפּעל: גראַמען וועגען זאָרינאַ. ער פֿערשרייבט דעם נאָמען און אַדרעס פֿון דעם געפּאַקטען בעל-עבירה, שיקט רופֿען דעם פֿאָטער און איז איהם מתרה: — „עדעלשטאַדט, דיין זוהן וועט זיין אַ גרויסער פּאָעט. ווען עס וואָלט געווען אַן אַנדערער, וואָלט איך איהם בעשטראָפֿען דערפֿאַר". וואָס פֿאַר אַ מערקווירדיג שפּיעל פֿון שיקזאַל! אַ פּריסטאַוו ענטדעקט עדעלשטאַדט'ס טאַלאַנט און איז איהם מוחל די עבירה, וואַהרשיינליך צו פֿער-דאַנקען דעם אומשטאַנד, וואָס דאָס איז געווען נאָך דער רעפֿאָר-מען-צייט אין רוסלאַנד, די רעפֿאָרמען פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען.

אין הויז רעדט מען שוין וועגען דוד'לס געדיכטע. אַן אָפּיצער אַ שכן איז אַן איינגעהער אין הויז, ער קומט אַריין פֿערברייגגען מיט די עלטערע ברידער פֿון'ם קינד-פּאָעט. מען טרינקט טהעע און מען צורעדט זיך וועגען פּאָליטיק, וועגען דעם פּסק פֿון נאַ-פּאָלעאָן דעם דריטען, אַזוי ווי דאָס איז געווען נאָך דער דייטש-

פֿראַנצויזישער מלחמה און נאָך דער קאָמונע אין פֿראַנקרייך. דער אָפּיצער ווייזט היסטאָריש אויף, אַז דריי איז אַ סכנות'דיגע צאָהל, און ווען אַלעקסאַנדער דער דריטער וועט ווערען קיסר, וועט מסתמא אויך אַן אונגליק פּאַסירען. דער יונגער איננעל הערט זיך צו און עס ווערט שוין בעשאַפֿען ביי איהם אַ געדיכט „ראָקאָוואָיע טרי" — מען לעזט עס פֿאָר, דער לעהרער, דער אָפּיצער, די ברידער, די שכנים, און דאָס ווערט צוטראָגען איבער דער שטאָדט; מען לויבט דעם קינד-פּאָעט. זיין גאַנצע גייסטיגע נאַהרונג בעקומט דער איננעל פֿון לעזען פֿיעל.

ער איז שוין אַלט לערך צוועלף יאָהר. אין שטאָדט פּאַסירט אַ וויכטיגע ערייגניס. עס איז געשטאָרבען דער גרויסער דאָקטאָר איוואַראָווסקי, וועלכער האָט געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער גע־בערניע; ער איז געוועזען אַ פּוילישער פֿערשיקטער אין קאַלוגאַ, אַ טיכטיגער אַרצט און אַ גוט־האַרציגער מענש. פֿון רייכע האָט ער געריסען, אָרעמע פֿלעגט ער היילען אומזיסט און נאָך געבען מזומן אויף אַ רפֿואה. דאָס הערצעל פֿון'ם יונגעל-פּאָעט ווערט געריהרט פֿון דעם פֿריה־צייטיגען טויט פֿון דעם גוטען מענשען, וועלכער איז געוועזען אַ פֿאָטער און בעשיצער פֿאַר די אָרעמע, און ער בעווייגט איהם אין אַ נעקראָלאָג. די קאַלוגא'ער איינציגע צייטונג, די „גובערנסקיאַ וועדאָמאָסטי" דרוקט דעם פּראָדוקט פֿון דער יונגער פֿעדער און דאָס ווערט געלעזען און געלויבט, אפילו דער גובערנאַטאָר אַליין ווערט אויפֿמערקזאַם דערויף.

אין קאַלוגאַ איז דאַן געוועזען גובערנאַטאָר באַראָן פֿאָן שעווימש*).

---

*) אַ ברודער פֿון דעם בעוואוסטען סאָציאַליסטישען שריפֿטשטעלער אין אַגיטאַטאָר ס. ש ע ו י ט ש, וועלכער איז פֿריהער געוועזען מהעטיג אין רייכשלאַנד, האָט געהייראַט מיט דער בעוואוסטער געליעבטער פֿון פֿ. לאַסאַל,



דער גובערנאַטאָר האָט זיך פֿעראינטערעסירט צו וויסען, ווער איז דאָס דער עדעלשטאַדט, און האָט איהם געשיקט רופֿען. ווי איבער־ראַשט איז ער געוואָרען, ווען ער האָט דערזעהען פֿאַר זיך נאָך גאָר אַ יונג קינד. ער האָט איהם אָנגעקוקט, געגלעט איבערן קעפעל: „דו וועסט זיין אַמאָל אַ שעהנער פאָעט, און ווייטער ווען דו וועסט וואָס אויפֿשרייבען, ברייננג דאָס צו מיר, איך וועל וועהר גערן זיין."

אָבער קאַלוגאַ איז געווען שוין צו ענג פֿאַר דעם אינגעל־פאָעט. דאָס הערצעל האָט געצויגען אין דער גרויסער וועלט, און ער פֿאָהרט קיין קיעוו, וואו ער האָט געהאַט אַ ברודער. קיעוו האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף דער פאָעטישער נשמה; אַן אוניווערזיטעט-שטאָדט, דער ברייטער דניעפער, די אַרומיגע בערג, די „הייליגע" לאַווּרעס. אָבער קיין ברייטע בעקאַנטשאַפֿט האָט ער נים געהאַט, זייענדיג אַזוי יונג און אַזוי בעשיידען פֿון דער נאַטור, און ער פֿערברייננגט זיינע טעג און מאָנאַטען אין לעזען, אין זיצען אויף די בערג און טרוימען און שילדערן די שעהנע נאַטור. מיר האָט זיך געמאַכט אמאָל צו לעזען אַ קליינעם געדיכט זיינס אַ רוסישעס, פֿון די ערשטע, וועלכע ער האָט גע־שריבען צו יענער צייט: „דווע יאָלקי" — מיר דוכט, אַז צו וועלכען מבין אין האַנד אַזאַ געדיכט וואָלט נים אַריינפֿאַלען, וואָלט ער, אויף דעם גרונד פֿון דיזען קליינעם פראָדוקט אַליין, אָהן שום ספק אַרויסטראָגען די מיינונג, אז דאָס ענטוויקעלט זיך אַ בעדייטענדע קראַפֿט, אַ זיכערער טאַלאַנט.

---

העלענאַ פֿאָן ראַקאָווין, און איז נאָך ביסמאַרק'ס אויסווייזונג-געזעץ גע־קומען נאָך אַמעריקאַ און רעדאַקטירט די סאָציאַליסטישע טעגליכע „פֿאָלקס-צייטונג".

און דאָ אין קיעוו פּאַסירט יענע שווידערליכע קאַטאַסטראָפע, וועלכע איז פֿערשריבען מיט בלוט אין די אַנאַלען פֿון רוסישען יודענטהום. ערדעלשטאַדט איז דאַן אַלט געווען פֿופצעהן יאָהר. ער געהט איין טאָג אויף פּאַדאָל און פֿאַלט אַריין אין אַ צורייצטער מאַסע גראַטילעס, וועלכע מאַרשירען צו סאָלאָמינקע חרוב מאַכען אידישע האָב און גוטס, שטורמען אידישע הייזער. קוים אַ לעבעדינער רייסט ער זיך אַרויס פֿון זייערע הענד, כאַפּט אַ דראָשקע און יאָגט זיך אַהיים, וואוהין ער פֿאַלט אַריין מיט אַ וואַרנונג־געשריי: בעשיצט זיך — אַ פּאָגראָם! און אַ פֿיבער־היץ לייגט איהם אַוועק צו בעט. אויף מאָרגען האָט מען איהם שוין געמוזט אָבפֿיהרען אין האָספּיטאַל. די האָספּיטעלער זיינען געווען פֿול מיט קראַנקע, און דעם יונגען פּאָעט קומט אויס צו ליגען אין די צייטיגע פּאַלאַטעס פֿאַר קראַנקע אויף פּעטשאָרסק, וואו סטודענטען פֿון קיעווער אוניווערזיטעט האָבען אויף זיך גענומען די וואָהלטהעטיגע אַרבייט אַרומצוגעהן אַרום די חולאים. זייער אויפֿמערקזאַמקייט ווערט געצויגען אויף פֿיעל געשריעבענעס פֿון דעם קראַנקען. זיי בעקענען זיך מיט איהם נעהנטער, בעפֿריינדען זיך מיט איהם, בעקומען איהם ליעב, און ווען ער ווערט געזונד, לאַדען זיי איהם איין צו זיך, ווערן מיט איהם חברים, שלאָגען פֿאָר צו פֿערפֿערטיגען איהם צום אוניווערזיטעט.

אין יענער צייט האָט דאָס דער יונגער דיכטער געמוזט בעקענען זיך מיט די בעסטע שריפֿטען פֿון דער רוסישער ליטעראַטור, ווי מיט די ווערקע פֿון בעלינסקי, פּיסאַרעוו, דאָבראָליובאָוו, שעלגונאָוו און הויפּטזעכליך מיט די געדיכטע פֿון ניקיטין און נעקראַסאָוו, וועלכע האָבען אויף איהם געמאַכט אַ געוואַלטיגען איינדרוק. ער איז דאָס צו יענער צייט, ווי עס שיינט, בעקאַנט געוואָרען מיט די אידעען פֿון סאָציאַליזם, ווי די לעזער וועלען דאָס געפֿינען

אין זיין בילד פֿון לעבען „ווערא", וואָס עס האָט שוין אויף אימער אַ ווענד געטהאָן זיין לעבען, און דאַן זיינען שוין זיינע געדיכטע (אַלץ אין רוסיש) געווען די שילדערונג פֿון אַרבייטער-לעבען, דאָס בעזינגען פֿון אַ גלייכהייטס און פֿרייהייטס-אידעאַל.

די פֿריינדליכע סטודענטען שטעלען איהם פֿאָר דעם בעריהמטען אידישען כלל-טהוער, ראַדיקאַלען נאַציאָנאַליסט, פֿילאַנטראָפּ און דערנאָך פּיאָניר פֿון טעריטאָריאַליזם, דר. מאַנדעלשטאַם. ער ווערט אַ שטענדיגער איינגעהער אין דר. מאַנדעלשטאַם'ס הויז; די צוויי גוטע נשמות ווערן צוגעצויגען איינע צו דער צווייטער. מאַנדעלשטאַם בעהאַנדעלט איהם ווי אַן אייגען קינד; דער יונגער פּאָעט העלפֿט איהם אין זיין קאָמיטעטסקע אַרבייט פֿאַר די קרבנות פֿון פּאָגראָם און דער גרויסער כלל-טהוער וויל זאָרגען פֿאַר זיין צוקונפֿט, ער זאָל שטודירען, ערגייכען אַ צוועק. אָבער דאָס אַפּעלירט ניט צו דער עמפּפֿינדליכער נאַטור; צופֿיעל זעהט ער זיך אָן די יסורים, ערנידריגונגען און בעליידיגונגען אין דער מדינה פֿון מאָנאַרכישער דעספּאָטיע. דאָס יונגע האַרץ בעגעהרט פֿרייהייט, די גליהענדע פֿאַנטאַזיע מאָהלט בילדער פֿון אַ בעסערער וועלט, און די נשמה בייינקט, ציהט צו נייע וועלטען. ווייט ערגעץ, אין מרחקים, איבער ימים און יבשה, אַהין, וואו פֿון ווייטען דוכט זיך, אַז דער הימעל איז אַזוי נאָהענט פֿון דער ערד.

גרופּען בילדען זיך אויסצוּוואַנדערן פֿון דער פֿערשאָלטענער רוסלענדישער מדינה, וואו די יסורים פֿון די פֿעלקער האָבען זיך צוגאָסען ברייטער, איידער די וואָלגאַ און דער דניעפּר פֿערפֿלייצען די פֿעלדער אין פֿריהלינגס-צייט. עס בילדעט זיך די גרופּע „עם עולם", צו וועלכער עס שטעהט צו דעם פּאָעט'ס ברודער, און דער יונגער דיכטער שליסט זיך אָן אָן דעם „עם עולם" — דאָרט אין דער נייער וועלט איז נישאָ קיין אונטערשיעד פֿון קריסט און

איד; דאָרט וועט מען קענען צוטוליען זיך צו דעם פרייען בוזים פֿון דער מוטער נאַטור, און דורך עהרליכע אַרבייט, דורך לאַנד־אַרבייט געמיינשאַפֿטליך לעבען אויף דעם יסוד פֿון ברידערליכקייט. אַזוי האָט געהאָפֿט די גרופּע „עם עולם", אויסוואַנדערענדיג פֿון רוסלאַנד, און ענדע 1882 איז דער איינגעל-פּאָעט שוין געווען אין אַמעריקאַ.

אָבער ווייט איז דאָ דער הימעל פֿון דער ערד. אַנשטאָט ערד-אַרבייט און געמיינשאַפֿטליכען לעבען ווערט דער פּאָעט מגולגל אין אַ פֿאַבריק-אַרבייטער, און ביי וועלכער אַרבייט? ביי דער קנעפּ-לעכער מאַשין — אַ שווערע, האַרעפּאַסנע אַרבייט:

שנעל לויפען די רעדער
ווילד רוישען די מאַשינען
אין שאָפּ אַזוי שטיקענד, אַזוי הייס...

און דאָ פֿערזוכט דער דיכטער דעם אמת'ען טעם פֿון ביי־טער־שווערען אַרבייטער-לעבען. אין די פֿעראייניגטע שטאַאַטען איז אָבער צו יענער צייט געווען אַ זעהר ראַדיקאַלער שטראָם פֿון אַ סאָציאַלער בעוועגונג. דער טרייד-יוניאָניזם אין דער מעכטיגער אָרגאַניזאַציאָן פֿון די „ריטער דער אַרבייט" *) האָט געהאַט אַ ראַדיקאַלען רעוואָלוציאָנערן פֿליגעל; די אידעען פֿון הענרי דזשאָרדזש, די געדאַנקען פֿון זיין ווערק „פּראָגרעס און אָרעמקייט" **) האָבען זיך פֿערשפּרייט אין די מאַסען; דאָס האָט זיך פֿערמישט מיט די שטראָמען איינגעוואַנדערטע אירלענדישע רעבעלען און אויסגע־וויזענע דייטשע סאָציאַליסטען לויט דעם ביסמאַרק-געזעץ, מיט די רוסלענדער אידישע פּאָרטגעשריטענע יונגע-לייט פֿון'ם פּעריאָד

*) נײַטס אָוו לייבאָר.

**) „פּראָגרעס ענד פּאָווערטי".

פֿון נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ. פּאַול גראַטקאָ, ס. שעוויטש, האַססעלמאַן און על כולם דער פֿייעריגער רעבעל יאָהאַן מאָסט זיינען אָנגע־קומען אַהער, און דער לעצטער איז אויפֿגענומען געוואָרען פֿון די איינגעוואַנדערטע ראַדיקאַלע עלעמענטען, ווי דער פּראָמעטעאוס פֿון יענעם זייט אָקעאַן, וועלכער קומט שטירצען דעם צעאוס אויך פֿון דעם זייט ים, — די לופֿט איז געווען אָנגעלאָדען מיט קאַמפֿף. האָט דאָס אַלץ ניט געקלונגען אַזוי האַרמאָניש מיט די נאַראָדאָ־וואָלטשעסקע אידעען, וועלכע זיינען געווען פֿאַר דעם האַרצען פֿון יונגען פאָעט אַזוי היימיש, אַזוי טהייער?

נאָך דער שווערער אַרבייט דעם גאַנצען טאָג אין שאָפּ, קומט דער גייסטיגער גענוס, וועלכער פֿערשלינגט אַלעס אַנדערע; מען שלינגט די רוסישע ליטעראַטור, וועלכע איז אין דערהיים געווען פֿערבאָטען; די שריפֿטען פֿון סטעפּניאַק, פֿון קראָפּאָטקין; מען בעקענט זיך מעהר מיט דער שפראַך פֿון לאַנד, וועלכע שיינט פֿון אָנהויב אַזוי טרוקען, אַזוי קאַלט, ווי די נשמה פֿון דעם יענקי, און אַזוי האַרט, אָבוואָהל מיט אַ שעהן-קלאַנג, ווי דער זילבערנער דאָלאַר גופא, אָהן וועלכען עס איז אַזוי שווער צו לעבען. אָפֿט נעהמט מען אויף די פֿערזאַמלונגען, וואו די אַטמאָספֿערע איז אַ גליהענדע, פֿול מיט דעם צינד-מאַטעריאַל פֿון פֿרייע געדאַנקען, און נאָך וועלכע מען זעצט פֿאָרט די דיסקוסיאָן צוזאַמען מיט די אַנדערע נאָהענטע פֿריינד.

אָבער ביי אַלעם דעם לעבט דער יונגערמאַן-פּאָעט אויך זיין איינענעם טיעף־אינערליכען געפֿיהלס־לעבען און זיינע עמפּפֿינדונ־גען, געפֿיהלען און שטימונגען ווערן אויסגעגאָסען אויף'ן פּאַפּיר— אַלץ אין רוסיש. אינטימע פֿריינד לעזען עס, דעקלאַמירען, ווערן בעגייסטערט, און דאָס גיט דעם פּאָעט אַ שטיקעל בעפֿריעדיגונג. בעזאָנדערנס, ווען די גאַנצע פֿאַמיליע, עלטערן, ברידער און אַ

יונגע שוועסטער קומען אַריבער אויך אין דער נייער וועלט — די איינגענע, וועלכע ליעבען איהם אַזוי צערטליך און וועלכע ער אַליין ליעבט מיט דער גאַנצער ווייכקייט פֿון זיין געפֿיהלפֿולער נאַטור. נאָר וואָס איז דיזע ליעבענדע אַטמאָספֿערע? זי צוגעהמט נאָך מעהר דאָס האַרץ, זי דערוועקט נאָך מעהר ביינקשאַפֿט נאָך אַ וועלט, וואו אַלע מענשען זיינען ברידער און שוועסטער, וואו מען זאָל ניט זעהען די ליידען נעבען זיך און ווייט אַרום.

עס שפּיעלט זיך אָב אין 7־1886 די טראַגעדיע פֿון שיקאַגאָ, די היי־מאַרקעט קאַטאַסטראָפֿע, דער אַרעסט און דער אורטהייל פֿון די אַכט אַנאַרכיסטען און סאָציאַליסטען, וועלכער איז בעקאַנט אין דער געשיכטע אַלס דער „פּראָצעס פֿון די שיקאַגאָ׳ער אַנאַרכיסטען" און ענדליך דער זעלבסטמאָרד פֿון דעם העלדישען לואיס לינג און די היגריכטונג פֿון די פֿיער שיקאַגאָ׳ער מאַרטירער — יענע פּאַסירונג, וועלכע איז אַ שוואַרצער בלאַט אין דער געשיכטע פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון נאָרד־אַמעריקאַ. עדעלשטאַדט, וועלכער האָט מיט זיין פֿאַמיליע געוואוינט אין סינסינעטי, נעהנטער צו דער הויפּטשטאָדט פֿון וועסט, וואו די געשיכטע האָט זיך אָבגעשפּיעלט, לעבט אינטענסיוו דורך אַלע פֿאַזען פֿון דער פּאַסירונג. אַלע פֿיברען פֿון זיין נשמה ווערן אָנגעצונדען; זיין פלאַץ אויף דעם סאָציאַלען שלאַכטפֿעלד איז בעשטימט — ער איז אַנאַרכיסט, קיינע קאָמפּראָמיסען מיט דער הערשענדער געוואַלט, קיין פּאַרלאַמענטאַרישע קאָקעטסוואָ מיט׳ן פֿיינד — ער איז רעוואָלוציאָנער. און די ליעבע־פֿולע, האַרציגע, צאַרטע, אין־זיך־לעבענדע אמת׳ע דיכטער־נאַטור ווערט פֿייערינ מיט דער לוסט צום קאַמפּף. דאָס לאָזט ניט רוהען, דאָס לאָזט ניט איינזיצען דעם דיכטער אין דער פֿערהעלטניסמעסיג שטילער פּראָווינץ־שטאָדט סינסינעטי; עס ציהט קיין נויאָרק — אין דער אינטערנאַציאָנאַלער,

קאָסמאָפּאָליטישער וועלט־שטאָרט פון דעם צווייטען האַלב־קוגעל, אין דער בבל־צומישענעם פון לשונות און אומות און צופלוס פון תמיד נייע מענשען־שטראָמען פון דער אַלטער וועלט. דאָרט, אין דעם גרויסען נויאָרק, קאָכט זיך, בעוועגט זיך; דאָרט זיינען קאָ־לאָניען רוסיש־אידישע; דאָרט זיינען אידעען־חברים און קאַמפּפס־גענאָסען; דאָרט זיינען אויך איינעגע אינטימע פריינד, ווי חבר זאָלאָטאַ־אָוו, מיט וועמען דער פּאָעט איז געווען אם נאָהענטסטען פון דעם ערשטען מאָמענט בעטרעטען דעם אַמעריקאַנער באָדען; דאָרט זיינען אידישע אָרגאַניזאַציעס, רוסישע אָרגאַניזאַציעס און הויפּטזעכליך די אידישע אַנאַרכיסטישע אָרגאַניזאַציע „פּיאָנירען פון פרייהייט".

און דאָ, ביי זאָלאָטאַראָוו'ן אין הויז, האָב איך זיך צום ערשטען מאָל בעקענט מיט דעם פּאָעט אין זומער פון 1888טען יאָהר. וואָס פאַר אַ צויבער־ליעבליכען איינדרוק ער האָט געמאַכט גלייך פון דער ערשטער מינוט! ווי אַן איידעלער קווייט, וועלכער איז אין פלוג אַזוי איינפאַך און דאָך אַזוי ערקוויקענד. און קיין מאָל וועל איך ניט פערגעסען יענע פאָראַהנונג, וועלכע איך האָב עפּעס אינסטינקטיוו דערפיהלט אין איינעגע וואָכען אַרום, ווען ער האָט אונז פאָרגעלעזען איינע פון זיינע ערשטע ליעדער אין אידיש, (ער האָט נאָך דאַן אפילו ניט אַלע אידישע אותיות גוט געדיינקט און פלעגט אָפט פערבייטען אַ „ף" אויף „ץ") — דאָס ליעד „מיין צואה".

אַ מעלאָדיע פון אַ רוסיש ליעד האָבען מיר צו איהר צוגע־פּאַסט, און אַזאַ האַרציגקייט, אַזאַ כלית־הנפש האָט זיך געפיהלט, ווען מיר פלעגען עס זינגען ניט אין זיין אָנוועזענהייט, אַז טרערע פלעגען אָנלויפען אין די אויגען. איך האָב עפּעס שוין דאַן טומאַנע געפיהלט, פאָרגעאַהנט, אַז מיר וועלען איהם ניט לאַנג האָבען

צווישען זיך. אָבער ניט זיין פּיזישער אָנבליק האָט געמאַכט אויף מיר אַזאַ איינדרוק און אויך ניט זיין שטימונג, וואָרים ער איז געווען פון אַ מונטערע, אָבוואָהל אַ שטילע, אין זיך פערטיעפטע נאַטור, האָט אויסגעזעהען געזונד, מוטהיג און שטאַרק, אין פולער בליהונג פון כוחות און יאָהרען. אָבער עס האָט זיך געאַהנט, אַז אַ צו ריינער, אַ צו איידעלער קוויט איז דאָס, וועלכער ווערט בעוועגט פון דעם מינדסטען זעפיר-ווינטעל, אַ צו פיהלענדעס האַרץ, וואָס איז אַזוי ניט אָנגעפּאַסט צו דער גראָבער, קאַלטער, רויער, בגרזשוישקער אַטמאָספערע,—

אַ דיכטער, וועמעס האַרץ ווערט פערביטערט
פון אַ צוטראָטענער בלום אויף דער גאַס,—
אַ זיפץ פון אַ בעטלער, ווערט ער פערציטערט,
אַ קלאַנג פון אַ קיים מאַכט איהם בלאַס...

די „פּיאָנירען פון פרייהייט" האָבען דאַן אָנגעהויבען ארויס־געבען די ערשטע אידישע אַנאַרכיסטישע צייטונג „וואַרהייט". אין איהר זיינען ערשיענען זיינע ערשטע אידישע געדיכטע, און נאָך דעם ערשטען פערזוך צו שרייבען אין אידיש, האָט ער שוין אָנגעהויבען צו שיקען אויך אין לאָנדאָנער „אַרבייטער פריינד", וועלכער איז אין יענע יאָהרען געווען דער איינציגער לעהרער און וועג-ווייזער פאַר די אידישע פּראָפּאַגאַנדיסטען ווי אין אייראָפּאַ אַזוי אין אַמעריקאַ. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ערשיענען די „זנאַמיאַ" אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע רוסישע צייטונג אין נויאָרק, אַרויסגעגעבען פון ל. ע. מיללער, און ניט קוקענדיג דערויף, וואָס צווישען די אַנאַרכיסטען און סאָציאַל-דעמאָקראַטען זיינען דאַן אָנגעגאַנגען פאַרטייאישע קריגערייען, האָט ער געלאָזט דרוקען אין דער „זנאַמיאַ" אייניגע פון זיינע רוסישע געדיכטע. אַ שמערצ-ליכער פערגעניגען איז דאָס געווען פאַר איהם: שמערצליך, וואָס

ווי ערשיינען אין אַ גענגנערישער פּאַרטיי־צייטונג און אַ פֿערגעניגען, וואָס צום ערשטען מאָל האָט ער דערזעהן זיינע רוסישע געדיכטע געדרוקט. ווארים מען דאַרף ניט פֿערגעסען, אַז אידיש האָט דער פּאָעט, ווי אַלע רוסישע אינטעליגענטען, גערעכענט דאַן פֿאַר אַ שטיף־קינד, אָדער בעסער צו זאָגען — אַ שפּראַך בלויז אויף־דער־וויַיל, אַ שפּראַך, וועלכע איז פֿעראורטהיילט אויפֿצוהערען אַמאָל.

שווער איז געווען פֿאַר איהם איינצולעבען זיך אין דעם טומעל־קאָך פֿון נויאָרק און נאָך אַ געוויסער צייט אָבקומענעם דאָ ביי דער שווערער אַרבייט אין שאָפּ, האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין סינסינעטי, פֿון וואַנען ער האָט נאָך דעם אונטערגאַנג פֿון דער „וואַרהייט" *) צוגעשיקט זיינע געדיכטע און סקיצען אין דער צייטונג „מאָרגענשטערן" **), אונטערגעשריבען „פּאַסקאַרעל". ער האָט שוין בעטייסטערט די אידישע שפּראַך און זיינע פּראָדוקטען פֿלעגען ערשיינען אָפֿט אין דיזער צייטונג און אין לאָנדאָנער „אַרבייטער פֿריינד".

ענדע 1889 האָבען די אַנאַרכיסטען ווידער אָנגעשטריינגט וייערע כוחות און אַרויסגעגעבען די ערשטע „פֿרייע אַרבייטער שטימע", אָבער אויך די האָט ניט געהאַט קיין זיכערע עקזיסטענץ, און ווען נאָך אַ וויַיטערע בענייאונג פֿון כוחות, נאָך אַ קאָנווענציאָן אין 1890, אויף וועלכער דער פּאָעט איז געקומען אַלס דעלעגאַט, האָט מען אויף דאָס ניי אָנגעהויבען אַרויסגעבען די צייטונג, איז עדעלשטאַדט איינשטימיג אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס איהר רעדאַקטאָר און ער איז פֿערבליבען אין נויאָרק. זיין גאַנצע קראַפֿט

*) זי האָט עקזיסטירט ניט מעהר ווי עטליכע חדשים.

**) אַן אונפּאַרטייאישע, אונטער דער רעדאַקציאָן פֿון דר. ברעסלוי.

און ענערגיע האָט ער אַריינגעליינט אין יענער „פֿרייע אַרבייטער שטימע". ביז דאַן האָט דער פּאָעט קיינמאָל פֿאַר די פּראָדוקטען פֿון זיין פֿעדער קיין גראָשען ניט בעקומען. ווער האָט דען געטראַכט וועגען פּרנסה פֿון שרייבען, פֿון אַגיטירען, פֿון פּראָפּאַגאַנדירען? אָבער אַ רעדאַקטאָר האָט דאָך שוין מיט קיין אַנדער זאַך ניט געקענט בעשעפֿטיגען זיך. אַ געהאַלט האָט ער דאָך געמוזט בעקומען. נאָמינאַל איז געווען דער געהאַלט צעהן דאָלאַר אַ וואָך, דוכט זיך. טהאַטזעכליך אָבער איז דער רעדאַקטאָר געווען דער לעצטער, וועגען וועמעס געהאַלט מען האָט געזאָרגט, און דער פּאָעט אַליין האָט דאָס אויך גערעכענט פֿאַר דער לעצטער זאָרג, די הויפּט-זאַך איז געווען, אַז די צייטונג זאָל קענען עקזיסטירען, די צייטונג, וועלכע איז פֿאַר איהם געווען אַ מלאכת הקדש — אַן אַרבייט וואָס מען דאַרף טהאָן מיט מסירת נפש. די גענאָסען, מעהרסטענטהיילס אַרבייטער, האָבען דאַן אַליין ענגליך געלעבט, און ניט אין דעם דיכטער'ס איידעלען כאַראַקטער איז דאָס געווען צו דערמאָנען וועמען, אַז אַ דיכטער דאַרף אויך עסען, דאַרף האָבען אויף דירה-געלד, דאַרף האָבען אויף אַ פּאָר שיך. און ווער ווייס וויפֿיעל פֿון זיינע לייט-אַרטיקלען, פֿון זיינע געדיכטע, פֿון זיינע בילדער, וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען מיט אַזאַ תמימות, מיט אַזאַ איבערצייגונג, מיט אַזאַ שטורעם פֿון געפֿיהלען, ממש מיט דעם בלוט פֿון זיין האַרצען, זיינען געשריבען געוואָרען הונגעריגערהיים, אין אַ קאַלטען צימער און מיט פֿערנעצטע פֿיס פֿון רעגען!

פֿיעלייכט איז זיין אָרגאַניזם געווען נאָך בעזונדער אונפּאַסיג פֿיזיש צו ראַנגלען זיך מיט הונגער, קעלט און דחקות, אָבער ברעכען האָט דאָס געקענט אפילו אַ פֿיזיש געזונדערן אָרגאַניזם, און בפרט אַזאַ, ביי וועלכען די ליידען פֿון אַ מענשהייט זיינען געווען בפועל ממש זיינע ליידען! אָנפֿאַנג זומער פֿון 1891 האָט

מען שוין געמערקט, ווי דער פּאָעט ווערט מיט יעדע וואָך בלייכער און בלייכער. עס האָבען זיך שוין געוויזען די סמנים פֿון יענער לונגען־קראַנקהייט, וועלכע האָט איהם אָבגעריסען פֿון דער וועלט. אומזיסט האָבען פֿריינד צו איהם גערעדט, אַז ער מוז פֿאָהרען אין אַן אַנדער קלימאַט. וועט ער דען אָוועקפֿאָהרען און לאָזען די ציימונג אונטערגעהן? זיין לעבען איז געווען אין געפֿאַהר, ער האָט געבלוטעט, און אין יוני פֿון יענעם יאָהר האָב איך, זייענדיג אין באָסטאָן, ערהאַלטען פֿון איהם אַ קורצען אולטימאַטום, אַז איך מוז קומען איבערנעהמען די אַרבייט, אַניט וועט ער פֿון זיין הייליגען פּאָסטען ניט אָבטרעטען ביז דעם לעצטען מאָמענט... איך בין געקומען קיין ניויאָרק... געזעהען דעם ליעבען פּאָעט דאָס לעצטע מאָל. מיר האָבען געהאָפּט, אַז דער קלימאַט פֿון קאָלאָראַדאָ וועט איהם פֿיעלייכט ראַטעווען. אַהין איז ער געפֿאָהרען.

מאַנאַטען לאַנג איז ער געווען אין קאָלאָראַדאָ; אַ צערטליכע שוועסטער איז ביי זיין זייט געווען; ראַנגלען זיך האָט זי איהם געהאָלפֿען מיט דער ביטערער נויטה און מיט דער שווערער קראַנקהייט; מיט די לעצטע כוחות האָט ער אויך דאָרט געדיכטעט און די לעצטע טראָפּענס האַרץ־בלוט אין זיינע ליעדער אַריינגעגעבען. אָבער ניט דער קלימאַט פֿון קאָלאָראַדאָ, ניט די ליעבע פֿון זיינע נאָהענטע און ניט די צערטליכקייט פֿון אַ שוועסטער האָבען איהם שוין מעהר געקענט ערהאַלטען אין לעבען. אַ טריבער טאָג איז יענער געווען, אַזוי ווי דער הימעל וואָלט פֿערגיסען, טריפֿען טרערן און דער ווינד וואָלט צוגעטראָגען צו אונז דעם געוויין — דאָס האַרצברעכענדע ליעד:

אָה, מוזע, רוף מיך ניט! מיט דיינע צויבער טענער
רעג ניט די סטרונעס פֿון מיין קראַנקעס האַרץ —

פֿער׳משפּט איז צום טויט דיין בלייכער ווינגער,
צו ענדע איז דאָס ליעד פֿון קאַמפּף און שמערץ...

און אַ קורצע צייט נאָך דעם קומט די שרעקליכע נאַכריכט פֿון זיין טויט, אויף דעם זיבען־און־צוואַנציגסטען יאָהר פֿון זיין לעבען.



עדעלשטאַדט׳ס שאַפֿען בעלאַנגט צו דעם רעוואָלוציאָנערען ראָמאַנטיציזם, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען, — צו יענעם יונגען פעריאָד, ווען די רעוואָלוציאָן האָט פֿאָרגעשוועבט אַלס די בעפֿרייאונגס־געטין, אין וועלכער דאָס יוגענדליכע האַרץ איז געווען מיט דעם גאַנצען ברען פֿון ליידענשאַפֿט פֿערליעבט, און זייענדיג אין איהר פֿערליעבט, געבליבען איהר טריי אין יעדע מינוט פֿון לעבען, מיט יעדען פֿאָדים פֿון דער נשמה, מיט יעדען הויך פֿון אָטהעם.

צו פֿערדאַנקען דיזער טרייהייט פֿון ליעבע, וועלכע אָטהעמט פֿון דעם דיכטער׳ס יעדע שורה, קומט אַרויס יענע גאַנצקייט, מיט וועלכער עס איז דורכגעדרונגען אַלעס, וואָס איז אַרויס פֿון זיין פֿעדער, הגם פֿאַר דער קאַלטער לאָגיק פֿון אַנאַליז קען שיינען דעריין אַן איינזייטיגקייט, וואָס דער קריטיקער קען רעכענען פֿאַר אַ חסרון. אָבער עס זיינען פֿאַראַן חסרונות, וואָס זיינען אונז ליעב; ווי פּאַראַדאָקס אַזאַ געדאַנק זאָל ניט קלינגען. איך עראינער זיך אויף דעם גרויסען רוסישען דיינקער׳ס, ניקאָלאַי מיכאַילאָווסקי׳ס, ווערטער וועגען דעם רוסישען שריפֿטשטעלער גלעב אוספּענסקי:

עס זיינען פֿאַראַן אונמעסיגע פֿיזיאָנאָמיען, וועלכע געפֿעלען אונז בעסער איידער געמאָהלטע שעהנהייטען. עס פּאַסירט אויך אָפֿטערס, אַז אַ געוויסער אויגענשיינליכער חסרון אין׳ם פּנים פֿון אַ געליעבטע פערזאָן ווערט אונז בעזונדער טהייער, און טאַקע

דערפֿאַר ווייל דאָס איז די איינענטהימליכקייט פֿון דעם געליעבטען מענשען, איינער פֿון יענע סמנים, וועלכער צייכענט איהם אויס, זונדערט איהם אָב, דעם טהייערען, פֿון אַלע אַנדערע, וועלכע מיר זיינען גלייכגילטיג... אויף אַן אַנדערען'ס פּנים קען דאָס זיין אַ חסרון, אָבער ניט אויף זיינעם. און די ערקלעהרונג דערפֿון געֿ־פֿינט זיך אַמאָל אין אייך אַליין, וועלכער ליעבט, און אָפֿט אין דעם אַלגעמיינעם אויסדרוק פֿון דעם ליעבען פּנים, אין וועלכען עס איז אויסגעדריקט דאָס, וואָס עס האָט אין אייך ערוועקט ליעבע.

עדעלשטאַדט האָט ניט געשליפֿען זיינע ליעדער, האָט ניט קאָקעטירט, ניט גע'חן'דעלט זיך מיט קינצלען סטאַנצעס און מיט פוצען ריטהמען, אָבער אַ שטראָם פֿון הייסער ליעבע פֿליסט נעטליך אַרויס פֿון דעם ניט־קינצלען — די זויבערע, טרייע, איבערגעבענע אַסקעטען־נאַטור, האָט גערעכענט פֿאַר אַן איבער־ריגען וואוילטאָג, פֿאַר צופֿיעל נעהמען זיך נחת אין קינצלען און גלאַנצירען אין אַ וועלט, וואו אַזוי פֿיעל טרערן פֿליסען, וואו אַזוי פֿיעל לעבענס דאַרבען, וואו עס געהט אָן אַזאַ קאַמפּף פֿון בלוט און טרערען. און דיזע תמימות, דיזע גאַנצקייט און טיעפֿעס פֿיהל־לען מאַכט דעם שטאַרקסטען איינדרוק — יענעם איינדרוק, אָהן וועלכען קונסט איז קיין קונסט ניט.

וואָס איז דער וואונדער, אַז ווערטער, וואָס האָבען אַרויסגע־שטראָמט פֿון אַזאַ ליעבעס־קוואַל, רופֿען אין אונז אַרויס אַזאַ האַרציגקייט, אַזוי פֿיעל געפֿיהלען, ווען מיר לעזען זיי, און אַז נאָך לאַנג וועלען זיי וועקען מענשען און דערוועקען אין זיי ליעבע און איבערגעבענהייט צום קאַמפּף פֿאַר אַ בעסערער וועלט!

מ. קאַטץ.

נויאָרק, אַפּריל 15—1909.

# צום אנדענקען פון דוד עדעלשטאדט.

(געשריבען אין דעם טאָג פון זיין טויט.)

דיסע זונן, פערבאָרג זיך איצטער,
וויקעל איין דיין שטראַהלענפראַכט
אין אַ ברייטער, ברייטער כמאַרע
שוואַרץ און פינסטער, ווי די נאַכט...

כ'וויל דיין שיינען איצט ניט זעהן,
ווען פערפינסטערט איז מיין האַרץ,
חען איהר יעדער, יעדער ווינקעל
איז געפילט מיט וועלען-שמערץ.

זאָל פערציהען זיך דער הימעל
מיט אַ וואָלקען רונד און רום,
כ'וויל נאָר איצטער טרויער טרעפען —
טרעפען טרויער אומעטום.

אויף די בוימער זאָלען פייגעל
זיצען טרויעריג און שטום,
צו דער ערד זאָל זיפצענד בויגען
זיך אין פעלד די שעהנע בלום.

וואו איך וועל זיך קעהרען, ווענרען,
וואָל איך טרעפֿען טרויער היינט,
וואָל נאַטור מיר העלפֿען קלאָגען
אויף אַ וואהרען מענשענפֿריינד...

* * *

ראָרטען, אין אַן אָרעמען שטיבעל
ליגט פֿערגליווערט אויף'ן בעט
איצט די לייכע פֿון אַ קעמפפֿער —
פֿון אַן אַרביימער-פּאָעט.

נאָך די פֿיעלע, פֿיעלע ליידען
אין זיין קורצער לעבענסצייט,
נאָך די זאָרגען, נאָך די צרות
האָט דער טויט איהם איצט בעפֿרייט

קאַלט און שטום און איינגעפֿראָרען
שטעהט זיין האַרץ אין זיין ברוסט—
יענעם האַרץ, וואָס האָט געשלאָגען
און געגליהט מיט פֿרייהייטס-לוסט...

יענעם האַרץ, וואָס האָט בעדויערט
אַלע אָרעמע, שוואַכע קנעכט,
וועלכע האָבען ניט קיין פֿרייהייט
און קיין ביסעל מענשען-רעכט—

יענעם האַרץ, וואָס האָט געשאָלטען
ווייט און ברייט דאָס קאַפּיטאַל,
וועלכעס האָט די ערד פֿערוואַנדעלט
אין אַ פֿינסטערען יאָמערטהאַל·

יענעם הארץ, — נאָר אַך, וואָס רייד איך!
פיעל צו שוואַך איז נאָך מיין פען
אָבצומאָהלען אַזאַ מוסטער
ווי זיין הארץ איז וואהר געווען.

צוגעקוקט האָט ער די פעהלער
פון דער שלעכטער פאַלשער וועלט,
און מיט ליעבע צו דעם שוואַכען
האָט ער זיך אין קאַמפף געשטעלט.

אויפגעאָפפערט האָט ער אַלעס
פאַר זיין הייליגען פרינציפ,
און די וואַהרע מענשענלעהרע
איז געפלאָסען פון זיין ליפּ.

אויפגעאָפפערט האָט ער אַלעס
זיך, זיין גאַנצע הויזגעזינד—
רוהיג זיצען פון דער ווייטען
איז געווען ביי איהם אַ זינד...

נים געקוקט אויף פערגניגען
האָט ער אין דער שלעכטער צייט,
פערגניגען האָט געהייסען,
פאָרטצוזעצען נאָר דעם שטרייט.

ווען פערפאָרען זיינען געוועזען
גראָב מיט אייז אין שטוב די ווענד,
דאַמאָלס האָט די מענשענליעבע
אין זיין הארצען שטאַרק געברענט.

שפעט ביי נאַכט — ניט אויסגעשלאָפען,
דאָרשטיג, הונגעריג און מיעד,
איז ער שטיל אַליין געזעסען,
שרייבענדיג זיין פרייהייטס־ליעד.

יענעס ליעד, וואָס יעדע שורה
איז אַ שטאַרקער קריעגס־סיגנאַל
אויפצוואַוועקען אַלע שקלאַפען,
קעמפפען געגען קאַפּיטאַל.

טרערען, וואַרעמע הייסע טרערען
פלענען פליסען אימער פאָרט
פון זיין אויג אויף יעדעס בלעטעל
און אויף יעדעס, יעדעס וואָרט.

ניט געאַרט האָט איהם דאָס בילען
פון דער באַנדע ווילדע הינד...
מיט אַ זיפץ פלעגט ער דאָס לאָזען,
עס זאָל אַוועקגעהן מיט'ן ווינד.

דאָך געפאַלען איז דער קעמפפער
צווישען אַלע אויף'ן פעלד,
יאָ, געפאַלען — דאָך געשטאָרבען
איז ער ווי אַ וואַהרער העלד.

„גלויב איך זיך ניט ביז דיין ענדע"
זאָגט אַ שפריכוואָרט, קלוג און וואָהר.
ועהט! זיין ענדע איז געקומען,
זאָגט איצט עדות פאַר דערפאַר...

ואגם איהם פריינד און פיינדע,
 אז געשטארבען איז ער בראוו;
ניט געביטען זיין אידעע:
 די בעפרייאונג פון'ם שקלאף!

ניט געביטען — ביז געקומען
 איז דער טויט און האט פערמאכט
זיינע אויגען איהם אויף אייביג
 פאר דער אייביג פינסטערער נאכט...

העלשטאדט! דו ביזט געשטארבען,
 פיהלסט ניט מעהר דעם וועלטענשמערץ,
דאך דיין טויט האט פערוואונדעט
 שרעקליך, שרעקליך מיר מיין הארץ.

ביזט געשטארבען... דאך איך טרייסט זיך,
 וויל עס לעבט דיין גרויסער גייסט,
ווען איך וועל דיין ליעד נאר זינגען
 ווערט עס זיין פאר מיר א טרייסט...

און איך וויים, די צייט וועט קומען
 מיט דעם פרייהייטס-פולען גלאנץ,
דאן וועט יעדער איינער לייגען
 אויף דיין גראב א בלומען-קראנץ.

י. באוושאווער.

7טען סעפטעמבער, 1892.



דוד עדעלשטאַדט
א פּאָר יאָהר נאָך זיין אָנקומען קיין אמעריקא.

# אינהאַלטס־פֿערצייכניס.

## ליעדער און געדיכטע.

## ערצעהלונגען און בילדער

# אַרטיקלען

# צו מיינע לעזער.

ליעבע לעזער! שוועסטער און ברידער!
איך וואָלט אויך אַמאָל געוואָלט
פֿאַר מיין דיכטער־אַרביים, פֿאַר מיינע ליעדער
ווערען ביי אייך בעצאָהלט!

איך וויל נישט קיין רענדלאַך, איך וויל קיין דוקאַטען,
איך פֿערקויף נישט מיין מוזע פֿאַר גאָלד!
מיט ליעבע צו פֿרייהייט, מיט היילינגע טהאַטען,
מיט בּיטערן האַס, ברידער, בעצאָהלט!

ווען איהר לעזט מיין געדיכט קענט איהר הערען,
ווען איהר ווערט זיך נור איינהערען גוט,
ווי עס רוישט דאָרט אַ טייך פֿון מענשליכע טרערען,
צומישט מיט דעם דיכטער'ס בלוט!

יעדע מענשליכע טרער איז דאָרט אַ שליח
פֿון אַ געפּייניגטען האַרץ,
וואָס פֿרעגט: ווען קומט שוין דער פֿרייהייטס-משיח—
די ענדע פֿון הונגער און שמאַרץ?

און ווילט איהר די לעצטע האָפֿנונג נישט טויטען
אין דער ברוסט פֿון'ם ליידענדען קנעכט,—
ועהם, די היילינגע לעהרע פֿערברייטען
פֿון פֿרייהייט און מענשענרעכט!

מיין ליעד ווערט אייך העלפען; איך האָב עס געשריבען
ניש פאַר דעם שמוציגען מאַרק;
אויב נים וואָלט איך לאַנג שוין פערטריבען
מיין היילינגע מוזע אין זאַרג!

איך שרייב פאַר אייך, מיינע גוטע קאַמעראַדען,
וואָס ליידען אי הונגער אי קעלט;
און בויען אליין די שלאַכט-באַריקאַדען
אין קאַמפף פאַר א פרייע וועלט!—

וואָס מוזען אַליין אַקערן, זעען
און פפלאַנצען די גאָלדענע פירות,
וואָס מיט דאַנקבאַרקייט וועלען פערדייען
די פרייע, די גליקליכע דורות!

איך שרייב פאַר אייך, און האָף: מיינע ליעדער
וועלען נאָך ווערען בעצאָהלט—
מיט דער פרייהייט פון מיינע פערשקלאַפטע ברידער
און ניט מיט געוואָרבטען גאָלד!

מיט דעם היילינגען קוש פון דער פרייהייט-געטין,
מיט איהר זיסען און הימלישען בליק,
וועלכער איז ניטט נור אַליין פאַר פּאָעטען
דאָס העכסטע מענשליכע גליק.

אזוי לאַנג ווי עס זיינען דעם אַרבייטערס גלידער
אין שקלאַפען-קעטען געשמידט,—
אין פרייהייטס-קאַמפף, מיינע שוועסטער און ברידער,
רופט אייך מיין שטורם-ליעד!

# צו מיין פעדער.

מיין פעדער, מיין ליעבלינג, מיט דיר נור אליין
ווייס איך פון זיסע מינוטען;
נור דו שטילסט איין מיין האַרצענס געוויין
און לאָזט איהם ניט פאַרבלוטען.

איך אָטעם פריי אין דיינע שריפטען,
איידער עס דרוקט זיי דאָס בליי,
איידער די וועלט הויבט זיי אָן פערגיפטען
מיט ציינישער הויכלעריי.

די וועלט, ביי וועלכער דאָס געלד איז נור טהייער, —
זעלבסטזיכטיג, גייסטלאָז, פערפראָרען, —
ווי קען זי בעגרייפען דעם הייליגען פייער,
וואָס האָט דיינע שריפטען געבאָרען?

וואָס געהט איהר אָן, אויב דו שרייבסט מיט טינט,
אָדער מיט הייסע טרערען?
וואָס איז אַ דיכטער? — אַ טרוימער, אַ קינד,
פערליעבט אין בלומען, און שטערען!

מיין פעדער, דו ביסט מיין גייסטיגעס שווערד,
איך שטעה מיט דיר אויף דער וואַכע;
אַלע ליידענדע קינדער פון דער ערד
רוף איך צום קאַמפף און צו ראַכע!

וואָס וואָלט איך געטהאָן אָהן דיר אויף דער וועלט?
וועמען וואָלט איך אַזוי ליעבען?
די וועלט מיט איהר זעלבסטזוכט, שווינדעל און געלד
וואָלט שנעל מיך אין קבר פֿערטריבען!

וואָס וואָלט איך טהאָן, איך אונפּראַקטישער יונג,
טרוימעריש און נאַאיוו?
וואָס אויפ'ן לונג, דאָס אויפ'ן צונג,
פֿון „ביזנעס" קיין בעגריעף?

אַ טרוימער, וואָס זיין האַרץ פֿערביטערט
אַ צוטראָטענע בלום אין נאַס;
וועהט ער אַ בעטלער, ווערט ער פֿערציטערט,—
אַ היימלאָזעס קינד מאַכט איהם בלאַס.

וואָס וואָלט איך געטהאָן אין דעם פּראַקטישען שטורם,
וואו טויזענדער אַנדערע לעבען?
וואָס וואָלט איך געבראַכט דער וועלט פֿאַר אַ נוץ?
וואָס וואָלט איך די ליידענדע געבען?

ווי וואָלט איך געלעבט אָהן דיין היילינגען צויבער,
מיין פֿעדער, מיין איינצינער פֿריינד!
ווי וואָלט איך געבראַנדמאַרקט די מערדער און רויבער,
דער פֿרייהייט'ס ביטערע פֿיינד?

מיט דיר בין איך שטאָלץ, מיט דיר בין איך מונטער:
איך פֿיהל, אַז איך אַרבייט און לייסט.—
עס פֿאַלען די אייזערנע קייטען אַרונטער,
עס שטייגט צו דעם הימעל מיין גייסט!

נור דער טויט וועט אונז צושיידען!—
אונ ווען צוברעכען, פֿערפֿאָלגט,
פֿאַל איך... דאַן וועסט דו פֿאַר מיר ריידען
צום פֿאָלק, צו דעם ליידענדען פֿאָלק!



## נאַטור און מענש.

---

ווי זאָל איך, ברידער, פֿרעהליך זינגען,
ווען האַס און קריעג איז איבעראַל?
עס שיינט מיר: טיעפֿע שמערצען קלינגען,
אויך אין'ם ליעד פֿון דער נאַכטיגאַל!

עס שיינט מיר, אַז דער מאָנד און שטערן,
די זילבערווייסע ליליענבלום,
זיינען פֿול מיט הייסע מענשענטרערען
און זיינען פֿון שרעקען בלאַס און שטום...

ווען מענשען ליידען, קלאָגען, זאָרגען,
קען די נאַטור דען פֿרעהליך זיין?
ניין, טרערען בלוטיגע פֿערבאָרגען
זיינען אין איהר רויטען זונענשיין!

ווי זעהט ווי איהרע מענשענקינדער
האָבען פערוויסט די שעהנע וועלט,
און איהרע ליבלינגע, ווי רינדער,
הערען געשעכט, פערקויפט פאַר געלט...

און די נאַטור גיסט פערלטרערען
און מיט איהר וויינט דער בלומענטהאַל;
עס וויינט די זונן, לבנה און שטערען
און טרויעריג קלאָגט די נאַכטיגאַל...

עס קלינגען אָפּ די שמערצען-ליעדער
אין ברוסט פון ליידענדען פאָעט,
און פאַר דער מענשהייט קניעט ער ניעדער
מיט הייסע טרערען און געבעט—

אָ, מענש! פאַר ליעבע, גליק און לעבען
איז די נאַטור, די וועלט געשאַפט;
דיר איז אַ פרייע ערד געגעבען—
דאָך איצט איז ערד און מענש פערשקלאַפט!

ווער זיינע ברידער קען פערשקלאַפען,
פערגיסען בלוט — דער איז אַ העלד.
און אָט די הענקער זיינען די גראַפען,
מאָנאַרכען, קעניגע פון דער וועלט!

פאַראַן אויך פרייע רעפובליקען,
וואָס זיינען נור פריי אויף דעם פאַפּיער;—
און פול מיט קנעכט זיינען דאָרט די פאַבריקען,
און יעדער הערשער — אַ וואַמפּיר.

איך רוף צו אייך, פֿערשקלאַפּטע ברידער,
חאַכט אויף! פֿעראייניגט מוטה און קראַפֿט
און שטירצט די ווילדע הערשער ניעדער,
דאַן לעבט און ליעבט, געניסט און שאַפֿט!

דאַן וועט נאַטור אויך פֿרעהליך זינגען,
און פֿריי וועט אָטמען דעם דיכטער'ס ברוסט,
און ויינע ליעדער וועלען קלינגען
מיט פֿרייער ליעבע, גליק און לוסט!

## אין קאמפף.

מיר הערען געהאַסט און געטריבען,
מיר ווערען געפּלאַגט און פֿערפֿאָלגט—
און אַלץ נור דערפֿאַר, ווייל מיר ליעבען
דאָס אָרימע שמאַכטענדע פֿאָלק.

מיר הערען דערשאָסען, געהאַנגען;
מען רויבט אונז דאָס לעבען און רעכט,
דערפֿאַר ווייל מיר אמת פֿערלאַנגען
און פֿרייהייט פֿאַר אָרימע קנעכט!

אָבער אונז וועט נים דערשרעקען
גערפּעננגים און טיראַניי;
מיר מוזען די מענשהיים דערוועקען
און מאַכען זי גליקליך און פרײ.

שמידט אונז אין אייזערנע קייטען,
ווי בלוטיגע חיות אונז רייסט;
איהר וועט אונזער קערפּער נור טויטען,
נאָר קיינמאָל אונזער היילינגען גייסט!

* * *

טיראַנען! איהר קענט איהם נים טויטען,
דאָס איז אַן אונשטערבליכע בלום;
זיינע שמעקענדע, רייצענדע קווייטען
בליהען שוין איצט אומעטום!

זי בליהען אין דענקענדע מענשען,
וואָס ליעבען גערעכטיגקייט, ליכט;
אליין די נאַטור טהוט זיי בענשען
צום קאַמפּף, צו דער היילינגער פפליכט —

בעפרייען די אָרימע שקלאַפען,
וואָס שמאַכטען אין הונגער און קעלט
און פאַר דער מענשהייט בעשאַפען
א פרייע, א ליכטיגע וועלט,

וואו ס׳זאָל זיך נים גיסען קיין טרערען,
נים פליסען אונשולדיגעס בלוט;

נאָר מענשען ווי גלענצענדע שטערען,
װאָלען שײנען מיט ליעבע און מוטה!



איהר קענט אונז ערמאָרדען, טיראַנען!
נייע קעמפפער וועט ברייננגען די צייט—
און מיר קעמפפען, מיר קעמפפען ביז וואַנען
די גאַנצע וועלט וועט ווערען בעפרייט.



# צו די ארבייטער פרויען.

(געווידמעט דער „אַרבייטער פרויען אָרגאַניזאַציאָן“.)

א רבייטער פרויען, ליידענדע פרויען!
פרויען, וואָס שמאַכטען אין הויז און פאַבריק,
וואָס שטעהט איהר פון ווייטען? וואָס העלפט איהר ניט בויען
דעם טעמפעל פון פרייהייט, פון מענשליכען גליק?

העלפט אונז צו טראָגען דעם באַנער דעם רויטען
פאָרווערטס, דורך שטורם, דורך פינסטערע נעכט!
העלפט אונז דעם אמת און ליכט צו פערברייטען
צווישען אונגוויסענדע, עלענדע קנעכט!

העלפֿט אונז די וועלט פֿון איהר שמוץ צו ערהייבען!
אָפּפֿערט, ווי מיר, מיט אַלץ וואָס אייך איז ליעב;
מיר'ן קעמפֿפֿען צוזאַמען, ווי מעכטיגע לייבען
פֿאַר פֿרייהייט, פֿאַר גלייכהייט, פֿאַר אונזער פּרינציפּ!

ניט איין מאָל האָבען שוין נאָבעלע פֿרויען
געמאַכט ציטערען היינקער און טראָהן:
זיי האָבען געצייגט, אַז מען קען זיי פֿערטרויען
אין ביטערסטען שטורם די היילינגע פֿאָהן.

דערמאָנט זיך אָן אייערע רוסישע שוועסטער,
ערמאָרדעט פֿאַר פֿרייהייט פֿון צאַר, דעם וואַמפּיר,
פֿערמאַטערט ביז טויט אין די שטיינערנע נעסטער,
בעגראָבען אין שניי פֿון דעם ווילדען סיביר.

געדענקט איהר די נעמען, די היילינגע נעמען:
פּעראָווסקאַיאַ, העלפֿמאַן, גינזבורג און נאָך
טויזענדע, וואָס פֿלעגען זיך שעמען
צו טראָגען געהאָרכזאַם דעם שקלאַפֿעניאָך?

ווי זיינען אין שטורם אַזוי העלדיש געשטאַנען,
געטראָגען אין פֿינסטערניש האָפֿנונג און ליכט!
ראַבע געגומען פֿון ווילדע טיראַנען,
שטאָלץ געקוקט דעם טויט אין געזיכט!

געדענקט איהר זיי? דאַן זאָל זייער לעבען
בעגייסטערען אייך! איהר זאָלט מיט ערפֿאָלג
לערנען און דענקען, קעמפֿפֿען און שטרעבען
צו פֿרייהייט און גליק פֿאַר דעם אַרבייטער־פֿאָלק!

# דער פריהלינג.

---

דער פֿריהלינג איז געקומען;
די זונן גלאַנצט העל און לאַכט;
הערליך שמעקען די בלומען,—
אַלץ האָט אויפֿגעוואַכט.

די נאַכטיגאַל זינגט. די שטערען
בעלייכטען די שעהנע נאַכט.
אין פֿריהלינג טרוימט זיך אַזוי גערן—
איך וואַנדער אַרום און איך טראַכט.

איך טרוים נים, ווי גליקליכע דיכטער,
פֿון ווײַן און פֿון ליעבע אין מיי:
אָהן ווײַן זיינען מיר ניכטער,
אָהן ליעבע זיינען מיר פֿריי.

איך טראַכט פֿון די שקלאַפֿען־געצעלטען,
וואו אַלעס איז חשך און שטום;
וואו מען זעהט אפילו זעלטען
א קראַנקע, פֿערוועלקטע בלום...

וואָס ווייסט מען דאָרט פֿון פֿריהלינג,
פֿון הייליגער לעבענספֿרייד?
מען שלאָגט זיך אַרום פֿאַר אַ שילינג,
מען עסט דאָרט פֿערגיפֿטעטעס ברויט.

קיין גאָלדענע פֿריהלינגס-שטראַהלען
קומען אַהין ניט אַריין;
אין פֿינסטערניש לעבען און פֿאַלען
די קינדער פֿון הונגער און פּיין.

נאַכטיגאַל, זונענשיין, בלומען,
הייליגע, שעהנע נאַטור!
ווי זאָל איך בעגריסען דיין קומען,
ווען דו ביסט פֿאַר דעם רייכען נור?

ווען דו וואָלסט קענען אויפֿבליהען
יעדעם מענשליכע האַרץ אַרום מיר,
איך וואָלט מיט טרערען דאַן קניען,
הייליגע נעטין, פֿאַר דיר!

דיינע שטראַהלען און פֿאַרבען
וואָלט איך בעזונגען מיט לוסט;
איך וואָלט אויך גליקליך שטאַרבען
אויף דיין שטאָלצער, מילדער ברוסט!

דאָך איצט, ווען טרערען פֿליסען
און דער נאָמ מאַמאָן
האָט מיט זיין שווערד צוריסען
דעם פֿאָלקס הייליגע קראָן;

ווען קייטען באַרבאַרישע קלינגען
אין דער „פֿרייער רעפּובליק“—
זאָג, ווי קען איך זינגען
דאָס ליעד פֿון פֿרייהייט און גליק?

# צום אידישען פּראָלעטאַריער.

---

(געזונגען מיט'ן מאָטיוו פֿון דעם רוסישען רעוואָלוציאָנערען ליעד „ווי זשערטוואי פאלי...")

---

ברידער, מיר טראָגען אַ דרייפֿאַכע קייט—
אַלס אידען, אַלס שקלאַפֿען, אַלס רענקער;
מיר ווערען געיאָגט און געמאַטערט צום טויט
פֿון אַנטיסעמיטען און הענקער!

עס דריקט אונז אין רוסלאַנד דער ווילדער קאַצאַפּ,
און דאָ, אין דער פֿרייער מדינה,
פֿערקערקערט מען אונז אין דעם פֿינסטערען שאָפּ,
וואו מיר בלוטען ביי דער מאַשינע!

די בלימעלאַך יונגע, וואָס פֿאַנגען ערשט אָן
צו לאָזען די איידעלע קוויטען,
ווערען צוטראָטען פֿון געלדזועק און טראָהן,
פֿערמאַטערט אין שקלאַפֿען-קייטען!

מען מאַכט אונז פֿאַר בעטלער, מען מאַכט אונז פֿאַר קנעכט
מען ווערגט אונז, מען בויגט אונז אין דרייען;
מען זאָגט אונז: אַלעס דאַרף זיין פֿאַר אייך רעכט,
און רויבט מען אייך — טאָרט איהר ניט שרייען!

דאָך, ברידער, עס לעבט נאָך דער הייליגער גייסט,
ווּאָס מאַכט פֿאַר אַ העלד אויך דעם שלאַפֿען;
וואָס וואַרפֿט אום די קערקערס, די קייטען צורייסט
און בעפֿרייט די פֿערמאַטערטע שקלאַפֿען!

ער וועט אונז העלפֿען, פֿון דרייפֿאַכען פֿלוך
די אַרבייטער מאַסע ערלעזען;
נור דאַן וועט די מענשהייט איהר מאַגע־בוך
אָהן טרערען, אָהן שאַנד קענען לעזען!

ברידער, מיר מוזען די ליידענדע ערד
פֿון קייטען, פֿון טרערען בעפֿרייען!
שולטער־אָן־שולטער, מיט פּאַנצער און שווערד
פֿאַרזוערטס אין די קעמפּפֿענדע רייהען!

וואָס שווערער דער קריעג, אַלץ זיסער דער זיעג,
אַלץ פֿראַכטפֿאָלער זיינען די פּירות!
און ווער עס פֿאַלט אין פֿרייהייטס־קריעג,
דער לעבט אין די קומענדע דורות!

וואָס טויג אונז דאָס לעבען אָהן פֿרייהייט, אָהן רעכט,
אונטערן ביימש פֿון טיראַנען!
ביז וואַנען ווילען מיר בלייבען נאָך קנעכט,
היימלאָזע שקלאַפֿען — ביז וואַנען?!

ברידער, שווערט: די פֿערבלוטיגטע ערד,
דאָס פֿאָלק פֿון טיראַנען בעפֿרייען!
שולטער־אָן־שולטער, מיט פּאַנצער און שווערד,
פֿאָרוזערטס אין די קומענדע רייהען!

# מיין פריהלינגס־ליעד.

איך הער, מען זינגט פון דער פריהלינגס זונן,
פון דער זיסער נאַכטיגאַל,
און איך זעה נור קאַלטע פערפראָרענע הערצער
און הער קייטען־מוזיק איבעראַל...

וואָס איז מיר פריהלינג, וואָס זיינען מיר בלומען?
זיי געניעסט איצט נור דער טיראַן!
ער לאָזט נור איבער גיפטיגע דערנער
פאַר דעם אָרעמען אַרבייטסמאַן!

וואָס ווייסט אַ שקלאַף פון זיסען פריהלינג?
פאַר איהם איז נור שטורם און פרעסט,
נישט מיט געזאַנגען, — מיט זיפצען און קרעכצען
איז פול יעדער אַרבייטער־נעסט!

ס'וועט אויך אַמאָל קומען דעם אַרבייטער'ס פריהלינג,
דער פריהלינג פון פרייהייט און ליכט,
דאַן אַ שטראַהל פון גליק וועט אויך פרעהליך שפּיעלען
אויף דעם אַרבייטערס בלאַסען געזיכט!

דאַן אויך פאַר איהם וועלען בליהען די רויזען
און זינגען די נאַכטיגאַל,
און זיי וועלען רוישען די גריגע וועלדער,
און דער זילבערנער וואַסערפאַל...



ווען אויך דעם אַרבייטערס פֿרוי און קינדער,
—און נישט דעם רייכען׳ס נור—
וועלען געניסען דעם זיסען גן־עדן
פֿון דער שעהנער, רייכער נאַטור!

ווען יעדעס מענשליכע האַרץ וועט בליהען
מיט ליעבע, מיט הומאַניטעט!
אַך, יענעם פֿריהלינג וועל איך בעזינגען
שוין נישט ווי אַ טרערען־פּאָעט!

איך וועל איהם בעגריסען ווי די ערשטע ליעבע
אַ ליעבענדעס האַרץ בעגריסט,
איך וועל איהם בעזינגען, ווי עס קען נור בעזינגען
אַ דיכטער און סאָציאַליסט!

איך וועל איהם בעגריסען, און וועל גערן קושען
זיין יעדען הייליגען טריט...
און אין יעדען האַרץ וועט אַן אָבקלאַנג געפֿינען
מיין ליעבע, מיין פֿריהלינגס־ליעד!

# צו מיין שוועסטער.

(געווידמעט צו אַלע מײנע פֿערשקלאַפּטע שוועסטער).

שוועסטער מיינע, געננוג שוין דיר זאָרגען,
נישט אייביג וועט פֿינסטער זיין;
עס מוז דאָך קומען דער ליכטיגער מאָרגען—
דער הייליגער זונענשיין!

לאָז רעש'ן דער שטורם... מיט זיין ווילדען כעס
קען ער דעם שוועכלינג דערשרעקען,
דאָך אין אונז דאַרף ער נור צאָרן און האַס,
נור מוטה צום קאַמפּף דערוועקען!

ליעבע שוועסטער! איך וויים, עס איז שווער
אונזער האַרץ צו ווייגען פֿערוועהרען,
דאָך זעה אַליין, ווי קליין איז דיין טרער
געגען ים פֿון מענשליכע טרערען!

זאָלען מיר דען ווי קינדער קלאָגען
אויף דעם, וואָס מיר לעבען שלעכט,
און ביז'ן קבר די קייטען טראָגען,
ווי שוואַכע, געהאָרכזאַמע קנעכט?!

אָ, ניין! איך וויים, אין דיר בליצט שוין דאָס פֿייער,
וואָס גליהט אַזוי פֿריי אין מיין האַרץ!

אויך דיר איז די פֿרייהייט הייליג און טהייער,
דו פֿערגעסט צוליעב איהר דיין שמערץ!

צוזאַמען מיט מיר ווערסט דו געהן אין שטורם,
אין קאַמפּף געגען טיראַנײַ!
און העלפֿען צוברעכען דעם אייזערנעם טורם
פֿון פֿינסטערניש און שקלאַפֿעריי!

דו ווערסט נישט פֿערקוויפֿען דיין יוגענד, דיין לעבען
פֿאַר בעלער, שמאַטעס און געלד;
דו ווערסט זיך ווידמען דעם הייליגען שטרעבען—
בעפֿרייען די ליידענדע וועלט!

דו ווערסט לערנען טריי די ברענענדע פֿראַגע,
וואָס ווערט „אַרבייטער פֿראַגע" גענאַנט;
דו ווערסט דאַן בעגרייפֿען די שרעקליכע לאַגע
פֿון דעם פֿאָלק אין יעדען לאַנד!

דו ווערסט פֿערשטעהען פֿון וואַנען די לאָרדען
האָבען גענומען דאָס רעכט
פֿערכאַפּען דאָס לאַנד, מיט צוואַנגס־אַרבייט מאָרדען
מויזענדער אָרעמע קנעכט!

דו ווערסט דאַן געהען צו די ליידענדע שוועסטער
אין דער וועלט פֿון שווינדזוכט און נויט,
אין טענעמענט־הייזער, אין פֿינסטערע נעסטער,
וואו דאָס לעבען איז ביטער ווי טויט!

דו ווערסט מיט דעם פֿייער פֿון אַ ליעבענדען האַרץ
אַ נייע וועלט פֿאַר זיי ענטדעקען;

און דאָרט וואו עס הערשט נור פערצווייפלונג און שמערץ, —
א הייליגע האָפנונג דערוועקען!

דו וועסט פון זיי בילדען נייע רעקרוטען
פאַר'ן קעמפפענדען פרייהייטס־פאָלק;
וועסט לערנען זיי דענקען, קעמפפען און בלוטען
פאַר דאָס פערשקלאַפטע פאָלק!

און דאַן, ליעבע שוועסטער, וועסטו נישט זאָרגען,
וועסט אַרבייטען, העלפען דער צייט,
ברייננען אַם שנעלסטען דעם ליכטיגען מאָרגען,
ווען אַלעס וועט ווערען בעפרייט!

נור דאָס פאָלק וועט דיר זיין הייליג און טהייער,
אין איהם — דיין לעבען, דיין גליק,
און שטאָלץ וועסטו שטעהען אין'ם שטורם און פייער
פון דעם הייליגען פרייהייטס־קריעג!

און ווען דער טאָג פון פרייהייט וועט קומען,
וועט יעדער פון פראָלעטאַריאַט
דיך קרוינען אין האַרצען מיט גייסטיגע בלומען
און בעזינגען דיין העלדענטהאַט!

# איך בין דאס שווערד, איך בין דער פלאם.

(פריי נאָך היינריך היינע.)

איך בין דאָס שווערד, איך בין דער פלאַם,
איך האָב געקעמפפט, און ווי אַ שטערען
האָב איך בעלייכטעט דעם שטורם־ים
פון מענשען־בלוט און מענשען־טרערען.

איך האָב אייך צום פרייעם קאַמפף געוועקט,
דאָך שווער איז אָהן אָפּפער צו זיעגען:
מיט וואונדען בלוטיגע בעדעקט
ועה איך אין שלאַכטפעלד קעמפפער ליעגען.

נור איצט איז נים קיין צייט פאַר טרערען,
מיר מוזען קעמפפען אויף דאָס ניי,
ביז מיר צושמעטערען, צושטערען
די ווילדע וועלט פון שקלאַפעריי!

פערליערט נים, ברידער, האָפנונג, מוטה, —
פון שלאַכטפעלד איז אַ שאַנד אַנטלויפען;
ווען אייך מיט'ן לעצטען טראָפּען בלוט
מוז מען דער מענשהייט פרייהייט קויפען!

פֿערגעסט די אַלטע שווערע וואונדען, —
וויִ פֿינסטער זאָל די נאַכט ניט זיין,
צום סוף, אָ, מוז זי דאָך פֿערשווינדען
און געבען פלאַץ פֿאַר זונענשיין!

לאָז רוסלאַנד אונז אַלס ביישפּיעל דיענען, —
דאָרט פֿאַלען אָפּפֿער אָהן אַ צאָהל;
דאָך וועט איהר תמיד דאָרט געפֿינען
אַ קעמפּפֿער גרייט פֿאַר ב ר ו ט ו ס' ר אָ ל!

דאָרט וועלען נאָך פֿיעלע אָפּפֿער פֿאַלען,
דאָך פֿאַלט דאָרט ניט דער העלדענמוטה —
ער פֿלאַנצט די פֿרייהייטס־אידעאַלען
מיט הייליגען מאַרטירער־בלוט...

וואַכט אויף, אַ ברידער! מיט שווערד און פֿלאַם
קומט אַלע מיט אין די קעמפּפֿערס־רייהען.
און ווען אויך מיר פֿאַלען אין דעם שטורם־ים,
וועלען מיר דאָך די וועלט בעפֿרייען!

# יציאת מצרים.

אין דעם לאַנד פֿון פּיראַמידען
ז'געווען אַ קעניג, ביין און שלעכט,
געוועזען זיינען אַלע אידען
זיינע דינער, זיינע קנעכט.

שווער האָט זיי געפּלאָגט דער קעניג;
ליידען האָט דאָס פֿאָלק געמוזט,
ווייל עס האָט פֿערשטאַנען ווייניג,
ווייניג מוטה געהאַט אין ברוסט.

קנעטען ליים און שלעפּען ציגעל,
בויען שלעסער, הויך און רייך—
ביז דעם קבר פֿון זיין וויעגעל
ז'געווען דער קנעכט צום הונד גאָר גלייך.

קינדער האָט מען דאַן פֿערמויערט,
ווען אַ ציגעל האָט געפֿעהלט,—
ווער ווייס ווי לאַנג ס'וואָלט געדויערט
דיזע וויסטע שקלאַפֿען־וועלט.

ווען אין'ם לאַנד פֿון פּיראַמידען
וואָלט נים זיין אַ שטאַרקער העלד,
וועלכער האָט געקעמפֿפֿט פֿאַר אידען
מיט זיין חכמה און זיין שווערד.

אויך דיזער העלד געווען איז איינער
פון די פרייע מענשען־דענקער,
וואָס די וועלט פערוואַרפט מיט שטיינער
אָדער גיט זיי אָפּ צום הענקער—

יאָגט און קוועלט זיי, ווייל זיי טוען
פאַר די מענשהייט גרויסע טובות,
און ווען זיי אין קבר רוהען
שטעלט די מענשהייט זיי מצבות...

דיזער העלד האָט אויך פערשטאַנען,
אַז דאָס פאָלק וועט לעבען שלעכט
ביז עס הערשען נאָך טיראַנען,
ביז עס גיט נאָך הערר און קנעכט;

אַז דער מענש איז אונצופרידען,
ווייל ער שלעפט די קייטען נאָך;—
און ער האָט בעפרייט די אידען
פון דעם וויסטען שקלאַפען־יאָך.

צו אַ לאַנד פון זיסער פרייהייט
האָט ער דאַן זיין פאָלק געבראַכט,
ביז וויין לעצטען טאָג מיט טרייהייט
זיין געליעבטעס פאָלק בעוואַכט.

און פאַראיבער ויינען, ברידער,
מיליאָנען טעג און נעכט.
און איצט, אידען, זיינט איהר ווידער
פרעה'ס דיענער, פרעה'ס קנעכט.

פֿאַלק! ווער וועט דיך איצט בעפֿרייען,
וואו איז ער, דיין שעהנער העלד?
אויף דיין וויינען, אויף דיין שרייען,
ווער וועט ציהען איצט זיין שווערד?

ווער וועט איצט דיין ים צושפּאַלטען
דעם ים פֿון טרערען, בלוט און שמערצען,
און פֿון שטורם דיך בעהאַלטען
אין דעם הימעל פֿון זיין האַרצען?

ווען דו ווילסט קיין קייטען טראָגען,
פֿאָלק, ווי אַליין דיין שעהנער העלד!
נים נור מענשען, — שטיינער קלאָגען
אין דער וויסטער שקלאַפֿען־וועלט!

אַלע שקלאַפֿען וויינען ברידער—
רייכט זיך ברידערליך די הענד.
שמירצט די ווילדע פרעה׳ס נידער,
און פֿון קנעכטשאַפֿט מאַכט אַן ענד!

דאַן א פּסח גאָר א נייער
קומט מיט פֿרייהייט, מיט ערפֿאָלג,
און זיין אַנדענק וועט זיין טהייער,
וויל דער העלד איז ועלבסט דאָס פֿאָלק.

# א טרויעריגער געלעכטער.

איך קוק אויף אייך און וויין און לאַך,
איהר זייט אַזוי קינדעריש, איהר זייט אַזוי שוואַך;
איהר וואַרט אויף רעפאָרמען, איהר גלויבט אין שטאַאַט
און ווילט ניט בעגעהן אַן ענערגישע טהאַט.

זיי זיינען עטליכע, איהר זייט אַסך...
ווייל איהר זייט דום, דערפאַר זייט איהר שוואַך;
קריגט נור אַביסעל מענשען-פערשטאַנד—
און פרייהייט דערלאַנגט אייך איהר הייליגע האַנד!

איך קוק אויף אייך, ברידער, און וויין און לאַך,
איך ווייס, אַז איהר ליעבט אונזער הייליגע זאַך,
נור דאָס, וואָס זי פאָדערט, פערשטעהט איהר נאָך ניט—
עס פעהלט אייך דער שטורמישער פרייהייטס-געמיטה!

# די טאגעס־פראגע.

---

וואָס נעהם מיר אָן, ווען ער וועט קומען
דער טאָג פֿון אַלגעמיינעם גליק;
צי וועל איך פֿליקען ויינע בלומען,
צי וועל איך הערען זיין מוזיק?—

צי וועל איך אויך געניסען די פירות
פֿון פֿרייהייט׳ס שעהנעם פּאַראַדיז?
אָדער נור די קינפֿטיגע דורות
וועלען דאָרט לעבען פֿריי און זיס?

איך בין קיין הענדלער, כדי צו טראַכטען:
צי וועל איך זיין בעצאָהלט דערפֿאַר,
וואָס איך וועל העלפֿען דעם פֿערשמאַכטען,
דעם אונטערדריקטען אין געפֿאַהר!—

פֿאַר מיר איז נור ד י פֿראַגע וויכטיג:
צי קומט דער שעהנער אידעאַל?
צי ס׳וועט אַ מאָל נאָך ווערען ליכטיג
אין אונזער וויסטען יאָמערטהאַל?

דאָך ווען ער קומט, צי היינט, צי מאָרגען,—
דאָס, אָה, נעהט מיר וויניג אָן!
כ׳וועל פֿאַר איינס נור תמיד זאָרגען:
מיין מענשען־פֿליכט זאָל זיין געטהאָן!

און ווי דער שטורם זאָל ניט וואַרפֿען
מיין שיפֿעל אין לעבענס אָקעאַן;
און וואָס אייבשטעהן איך זאָל ניט דאַרפֿען
פֿון יעדען הארצלאָזען טיראַן—

דאָך האַלטען וועל איך שטאָלץ די פֿאָהן
און קלינגען הויך אין פֿרייהייטס-גלאָק;
אויפֿגעהן מוז די זונן פֿון פֿרייהייט,
קומען מוז דער פֿרייהייטס-טאָג!

## היינטיגע מענשען.

היינט זיינ'ן די מענשען גאַנצע וועלטען
פֿון חכמה, פֿון דומהייט, פֿון פֿרייד און שמערץ;
אָבער זעלטען, אַך, זעהר זעלטען
געפֿינט מען אַ וואַרעם מענשליך האַרץ!

מיר האָבען זעהר פֿיעל מאָראַליסטען,
מיר האָבען נעזעצען אויף יעדען שריט;
שרייבער, רעדנער, גלענצענדע „איסטען",
נור מענשליכע הערצער — דאָס האָבען מיר ניט.



מענשען האָבען דאָס האַרץ פֿערלאָרען
אין ווילדען יאַגד נאָך געלד און רוהם;
מענשען ויינען שטיינער געוואָרען,
וואו גיפֿטיגע שלאַנגען קריכען ארום.



וואָרעמע הערצער, עדעלע, זיסע,
ווי שווער איז אָהן אייך דער לעבענס-וועג!
די וועלט איז אַ דול-הויז, די וועלט איז אַ תפיסה,
אין כמאָרע פֿערלירט זיך דער הייליגער צוועק!



## בלומען און שטערען.

---

איך בין פֿערליעבט אין אַ שניי-ווייסע בלום;
ווען איך זעה זי ניט, ווילט זיך מיר קלאָגען,
און ווי איך דערזעה זי ווער איך אַזוי שטום,
אַז איך קען קיין וואָרט ניט זאָגען.

ווען עס קומט די נאַכט און עס איז שטיל אומעטום,
אין הימעל שיינען די שטערען,
דאַן געה איך אין גאָרטען צו מיין שניי-ווייסע בלום—
צו זעהן זי בין איך אזוי גערן.

פון הימעל שיינט די שעהנע לבנה,
די זעהט מיין ליעבע, מיין שמערץ.
די איז ניט אַזוי שטאָלץ, ווי די גאָלדענע זונן
און האָט מיטלייד מיט מיין הארץ.

די זעהט, ווי איך וואַנדער אין גאָרטען אַרום
און בענעץ דאָרט די בלומען מיט טרערען,
און זי זאָגט: „צו וואָס ליעבסטו די ערדישע בלום
ווען עס גיט אַזוי פיעל הימלישע שטערען.

די ערדישע בלומען זיינ'ן זעהר צולאָזען,
ווי האָבען גאָר קיין אידעאַל;
די ליעבען היינט די שעהנע רויזען
און מאָרגען די נאַכטיגאַל,

און איבערמאָרגען אַ גאָלדענע פליעג
און פערגעסען די שעהנע רויזען;
פערגעסען דער נאַכטיגאַל'ס זיסע מוזיק—
יאָ, די ערדישע בלום איז צולאָזען.

ליעב די שעהנע, די ליכטיגע שטערען,
די זיינען אַזוי גוט און טריי;
די ועלען ניט נאַרען, זיי וועלען ניט שטערען
דיך זיין פערגינפטיג און פריי.

די וועלען דיר זינגען אַ הייליגעם ליעד.
האָס נעמער און ענגלען נור הערען.
די ערדישע בלומען פערשטעהען דיך ניט
קום צו די גאָלדענע שטערען.

זיי וועלען דיך ליעבען, זיי וועלען דיך קושען,
זיי וועלען דיין פרויער צושטערען;
און וועסטו פון וועלינקייט טרערען פערניסען,
דאן ווערט פון זיי הייליגע שטערען."

אזוי זאָגט די לבנה, און ווי א קינד אין א ווינעל
אין מיין ברוסט ווערט אנשלאָפען מיין שמערץ,
כ'זעה אין דער לבנה, ווי אין א זילבערנעם שפיגעל,
דאָס ליידענדע מענשליכע הארץ.

## וואהרע און פאלשע העלדען.

שרייבער, רעדנער, פראָפעסאָרען,
פאַר דעם גרויסען הייליגען צוועק—
צו בעפרייען אלע מענשען,—
שיטען ווערטער גאַנצע וועק.

מאַנכע האנדלען אויך מיט ווערטער
און פערקויפען זייער וועלט;
איינער פאַר אפלאָדיסמענטען
און דער אַנדערער פאַר געלד!

דאָך דער זוהן פֿון פֿאָלק, דער וואַהרער,
ניט צום וואָרט — ער גרייפֿט צום שווערד,
און פֿאַר זיינע ברידער־שקלאַפֿען
קעמפפֿט ער מוטהיג ווי אַ העלד!

און ער זוכט קיין מאָנומענטען,
קיין פֿערזענליכען ערפֿאָלג;
גערן ליידעט ער און בלוטעט—
אָפּפֿערט אַלעם פֿאַר דאָס פֿאָלק.

שונאים וואַרפֿען אין איהם שטיינער,
פֿון איהם לאַכט דער זאַטער נאַר.
דאָך דער העלד געהט תמיד פֿאָרווערטס,
תמיד פֿאָרווערטס אין געפֿאַהר—

אין זיין האַנד די פֿרייהייטס־פֿאָהנע,
אין זיין ברוסט — אַ וואַרמעס האַרץ,
פֿול מיט ריינע מענשענליעבע,
פֿול מיט טיעפֿען האָס און שמערץ!

אין דער שוואַרצער נאַכט און שטורם,
ווי אַ שעהנער זונענשטראַהל,
בליצט און שיינט פֿאַר זיינע אויגען
זיין געליעבטער אידעאַל...

קעמפפֿענד שטאַרבט ער פֿאַר דער מענשהייט
און זיין קבר בלייבט אַליין —
בלייבט אַליין אָהן שעהנע בלומען,
אָהן אַ רייכען מאַרמאָר־שטיין...



דאָך עס קומען שוין די צייטען,
ווען דאָס פרייע פאָלק דער וועלט
מאַכט אונשטערבליך איהם, דעם וואַהרען,
ועלבסטבעוואוסטען מענשען־העלד...

און פון אַלע פאַלשע העלדען
פון געזיכט די מאַסקע פאַלט,
און ווי ציינען וייער שוואַרצע,
וייער העסליכע געשטאַלט...

דאַן מיט שאַנדע שטירצען ניעדער
אַלע שמוציגע פיגמיען,
אייביג לעבט דער וואַהרער קעמפפער
פאַר די הייליגע אידעען!

# דער וואנדערער.

איך האָב אויסגעוואַנדערט די גאַנצע וועלט
און ניט געפונען קיין אָרט,
וואו עס זאָל ניט הערשען שווינדעל און געלד
צוזאמען מיט רויב און מאָרד!

וואו פֿרייע ליעבע זאָל ניט זיין פֿערבאָטען,
דאָך פֿריי איז פּראָסטיטוציאָן,
וואו אַרבייטער זאָלען ניט זיין געטראָטען
פֿון פּאָליטיקער, געלדזועק און טראָהן!

איך האָב ניט בעגעגענט קיין איינציגע שטאָדט,
וואו מערדער, גנבים און שקלאַפֿען
זאָלען ניט גלויבען אין קירכע, אין גאָט,
מעהר ווי די פֿרומע פּפֿאַפֿען.

איך האָב ניט געפֿונען קיין זשאַרגאָנישעס בלאַט,
וואו מען זאָל זיך ניט פּאַטשען, ניט קריגען;
און עס זאָל ניט זיין אַ העלדענטהאַט—
צו האַלטען מלחמה מיט פֿליעגען!

איך האָב ניט בעגעגענט צווישען פֿרייהייטס-בלומען
זאָל ניט זיין אויך בלאָטע און מיסט...
און אַז פּאַראַזיטען און מענשעלאַך דומע
זאָלען ניט שימפּפֿען אויף אַן אַנאַרכיסט!

איך האָב ניט בעגעגענט די וואָס פּרעדיגען וואָהרהייט
זאָלען זאָגען די וואָהרהייט אַליין!—
וואו ביסטו מענשליכקייט? ליעבע און פֿרייהייט?!—
די וועלט איז אַזוי העסליך-געמיין!

## פריי נאָך היינע

I.

### „איך געדיינק..."

איך געדיינק די שעה די זיסע,
ווען דו ביזט צו מיר געקומען
און האָסט אין מיין קליינע תפיסה
מיר געבראַכט מאַיאָווע בלומען;

שעהנע, רייצענדע פרינצעסין,
דו אַליין האָסט דעם פּאָעט
אין זיין עלענד ניט פֿערגעסען
קרוינען מיט אַ מאַי־בוקעט.

לאַנג שוין איז דיין בלום געשטאָרבען,
דאָך איהר פֿאַרב, איהר רויטע פֿאַרב
האָט די צייט נאָך ניט פֿערדאָרבען
און זי לעבט אויך, ווען איך שטאַרב.

II.

## דער זעלנער.

**א** אידישער זעלנער שטעהט איינזאַם
אין רוסלאַנד אויף זיין פּאָסט;
ער שטעהט אין שנעע בעגראָבען,
פֿערגליווערט פֿון דעם פֿראָסט...

ער טרוימט פֿון זיינע ברידער,
וואָס לעבען אין אַ פֿרייער וועלט;
ווי פֿרעהליך שיינט די זונן דאָרט
און ס'בליהט דאָס גרינע פֿעלד!

שטאָלץ שטעהט ער אין דעם שטורם,
זיין ביקס געדריקט אין האַנד:—
ער איז נאָך נים פֿערלאָרען—
עס לעבט אַ פֿרייע לאַנד!

---

III.

## די ליליע.

**ד**י שעהנע וואַסער־ליליע
קוקט אַרויס פֿון בלויען ים,—
דער מאָנד קוקט פֿון הימעל אַרונטער
מיט זיין ליעבעס זיסען פֿלאַם.

פערשעהמט זינקט זי איהר קעפּעל
אראָב צום אָקעאַן,
און ביי איהרע פים ליגט נעביך
דער הימלישער דאָן זשואַן.

IV.

## נור דאס נים!

ווען איך הייראַטה, וועל איך שטרעבען,
אַז מיין פרוי זאָל גליקליך לעבען;
וואָס זי וועט נים טהון, נים זאָגען,
וועל איך מוטהיג איבערטראָגען.

נור יען זי וועט זיך ערלויבען
מיינע ווערק אַמאָל נים לויבען,
מיך נים קרוינען אַלס פּאָעט—
גיב איך תיכף איהר א גט!

# צו די אידישע שריפטשטעלער.

האַלט הויך די פאָהן פון ליטעראַטור,
איהר טעמפעל — הייליג און פריי,
זייט טריי דעם אמת, זייט טריי דער נאַטור,
דער ליידענדער מענשהייט זייט טריי!

בויגט נישט דעם קאָפּ פאַר דער גאָלדענער קאַלב,
פאַר רייכע, געפוצטע דיעבען,
לערנט די מענשען צו זאָגען דרייסט,
וואָס זיי דיינקען, האַסען און ליעבען.

זעגט יעדעס וואָרט און יעדען געדאַנק,
איידער איהר דרוקט נאָך די שריפטען,
פילייכט זיינט איהר גאָר מיט איינענליעבע קראַנק
און וועט אויך דעם צווייטען פערגיפטען!

א ריינעם געוויסען, א געזונדען פערשטאַנד,
מוז א שריפטשטעלער האָבען,
אז נישט וועט ער זיך מיט זיין איינענער האַנד
אין זיין איינענעם שמוץ בעגראָבען.

מען קען אויך מיט שמוץ א קראַנץ זיך געווינען,
ביי די, וואָס זיינען דום און געמיין;
דאָך הייליגע אַכטונג פון דער מענשהייט פערדיענען
קען נור דער עהרליכער דיינקער אליין!



ווים פֿאַר דעם פֿאָלק ליבמינגע שמערען,
אין דער פֿינסמערער שקלאַפֿען־נאַכמ,
בעלייכם זיינע קיימען, וואונדען און מרערען,
דערוועקמ אין איהם האָפֿנונג און מאַכט!

פֿלאַנצמ אין זיין האַרצען פֿרייע געדאַנקען
פֿון גלייכהיים און ברידערליכקיים!
און די גאָלדענע צוקונפֿמ וועמ אייך בעדאַנקען
מימ דעם קראַנץ פֿון אומשמערבליכקיים!

# ריכמער און מוזע.

(דיאַלאָג.)

—

ריכמער:

גוט מאָרגען, מיין מוזע, מיין הימלישע שעהנהיים!
דו קוקסט עפּעס היינט ווי אין כעס;
האָבען שוין ווידער דעם פֿאָלק'ס אונטערדריקער
דערוועקמ אין דיר צאָרן און האַס?

איך זעה, אַז דיין שעהנעס געזיכמ איז פֿערוואָלקענמ,
די הימלישע אויגען זיינען פֿייכמ—
זאָג מיר, וואָס איז דען געשעהען, מיין מלאך?
זאָג מיר, איך מרייסט דיך פֿיליימ!

## מוזע:

—איך קום איצט פֿון טעמפעל, פֿון הייליגען טעמפעל
פֿון קונסט און ליטעראַטור;
פֿון דאָרט, וואו אַמאָל האָט ליעבע און שעהנהייט
גערוהט אויף'ן שוים פֿון נאַטור.

וואו עס האָבען געקלונגען הימלישע ליעדער
פֿון ליעבע, פֿרייהייט און גליק;
וואו ס'פֿלעגט די מענשליכע הערצער דערקוויקען
די הערליכע זיסע מוזיק!

ראָך, מענשען, וואָס האָט איהר געמאַכט פֿון דעם טעמפעל?—
אַ מאַרק, אַ שמוציגען מאַרק!
וואו איהר פֿערקויפֿט אייער גייסט, אייער עהרע,
און טרייבט די וואַהרהייט אין זאַרג!

דאָס, וואָס היינט ווערט געלויבט און פֿערגעטערט,
ווערט מאָרגען מיט בלאָטע בעדעקט;
און איבערמאָרגען שוין ווידער פֿערצוקערט,
געחנפ'עט, געשמייכעלט, געלעקט...

און די, וואָס רופֿען זיך דיינקער און קינסטלער,—
פֿאַר אַ שמוציגען גראָשען נישט מעהר—
ברעכען זיך, קריטען זיך דאָרט פֿאַר'ן עולם,
שפּרינגען אַהין און אַהער!

די ריינסטע געפֿיהלען, די הייליגסטע פּערעל
פֿון מענשליכען האַרץ און פֿערשטאַנד,

ווערן געטראָטען פֿון שמוציגע ברואים,
פֿון דומהייט, געמיינהייט און שאַנד!

און דאָס איז דער טעמפּעל, דער הייליגער טעמפּעל
פֿון קונסט און ליטעראַטור!
וואו זייט איהר, איהר אמת'ע דיינקער און קינסטלער,
איהר ליעבלינגע פֿון דער נאַטור!?

וואָס לאָזט איהר פֿערשמוצען די גאָלדענע פֿאָהן
פֿון קונסט און פּאָעזיע—
וואָס לאָזט איהר אַריין אין הייליגען טעמפּעל
פֿערפּעסטעטע, שמוציגע פֿיה!

וואָס פֿערטרייבט איהר זיי ניט מיט אייזערנע ריטער
פֿון קלאָהרען פֿערנונפֿט און קריטיק—
וואָס לאָזט איהר זיי די מאַסע פֿערדאַרבען
מיט זייערע הינטישע שטיק!

פֿערטרייבט דיזע העסליבע, שמוציגע ברואים,
און מיט אייער זיסען טרומפּעט
רופֿט צוזאַמען די אַרבייטער פֿרייע—
קונסט און הומאַניטעט!

בויט אייך אַ טעמפּעל, אַ הייליגען טעמפּעל
פֿון פֿרייהייט און זיטליכקייט;
בעגייכטערט דאָס פֿאָלק, דערוועקט אין זיין וועלט
וואָהרהייט און ברידערליכקייט!

און ווען עס קומט אַ ביטערע שטונדע,
און די נויט איהרע ציינער בעווייזט—



ראָן, עהרליכער דיינקער! פֿערקויף דיינע מוסקלען,
נור פֿערקויף ניט דיין הארץ און דיין גייסט!

פֿערקויף ניט דיין פֿעדער, אין איהר איז דיין וועלט,
דיין הייליגער לעבענס-געצעלט;—
דיין קערפּער וועט שטאַרבען, דיין פֿעדער וועט לעבען
און ריידען פֿון דיר צו דער וועלט!

פֿערקויף ניט דיין פֿעדער! אין קעלט און אין הונגער,
פֿעראַכטעט, פֿערלוימדעט, פֿערפֿאָלגט—
בלייב טריי דיין געוויסען, אויף'ן שוועל פֿון דיין קבר
זינג צו דיין ליידענדען פֿאָלק!

## צוויי דיכטער.

(פֿריי נאָך נעקראַסאָוו).

די גליקליך איז דער זיסער דיכטער,
וואָס האָט פֿיעל האָניג, ווייניג גאַל,
זיין וועג בעלייכטען ליעבעס-ליכטער,
מען פֿלעכט איהם קראַנצען איבעראַל.

ער איז אַלזייטיג, מיט פּרינציפּען
פערבינדט זיך ניט דער פרייער העלד;
און שמייכלענד שטעלט ער אויס די ליפּען
צו אַלע אָבגעטער פון דער וועלט;

מען לויבט זיין גייסט פון אַלע זייטען,
דער אָרטאָדאָקס און ליבעראַל—
ער ליעבט מיט קיינעם ניט צו שטרייטען
און זינגט זיך ווי אַ נאַכטיגאַל.

זיין יעדעס וואָרט, זיין יעדעס שטרעבען
איז פאַר דער וועלט אַ קאָמפּלימענט,
די ברידער דיינקען שוין ביים לעבען
צו שטעלען איהם אַ מאָנומענט.

דאָך בימער, טראַגיש איז דאָס לעבען
פון דעם פּאָעט, וואָס האָט זיין האַרץ
די אונטערדריקטע אָבגעגעבען,
און טראָגט אין ברוסט אַ ים פון שמערץ!

ער בליצט און דונערט מיט זיין האַרפע
אויף אַלע פיינד פון אָרימען פאָלק;
פאַר וואַהרהייט, נאַקעטע און שאַרפע,
ווערט ער פערלוימדעט און פערפאָלגט!

דאָס שיפען פון די רייכע שלאַנגען,
וואָס ער דערשרעקט מיט זונענליכט—
דאָס זיינען זיסע לויב־געזאַנגען
פאַר זיין אַלמעכטיגעס געדיכט!

זיין יעדעס ליעד, זיין יעדע שורה,
איז פול מיט גיפט פאַר טיראַנייַ;
ער וואַרפט די שווינדלער גלייך אין צורה
דער וואַהרהייט'ס קאָכעדיגע בלייַ!

ער רייסט אַראָב אָהן פורכט די מאַסקע
פון יעדען פאַלשען היפאָקריט,
ער קעמפפט און זוכט נים קיינעמ'ס לאַסקע,
און זוכט קיין שבירות פאַר זיין טהאַט!

ער טראָגט מיט שטאָלץ זיין שווערד און פאָהן,
ער קוקט נים לינקס, ער קוקט נים רעכטס;
פאָרוועדטס קוקט ער צו דער זונן נור,
און זי אַליין נור הערט זיין קרעכץ!

זיין מוזע קען נים שמייכלען, גלאַנצען,
מיט בלוט און גאַל איז פול זיין טינט;
אָהן פריינד, אין ריינע בלומענקראַנצען
שטעהט ער אַליין אין שטורמווינד!

די וואַהרהייט וועט אַם ענדע זיעגען!
די פינסטערניש וועט אונטערגעהן—
און ווען ער וועט אין קבר ליגען
נור דאַמאָלס וועט די וועלט פערשטעהן

מיט וואָס פאַר ליעבע, ערנסט, אַכטונג
ער האָט געטראָגען דער פרייהייטס-פאָהן;
ווי ער האָט געליעבט אין זיין פעראַכטונג
און ווי פיעל גוטס ער האָט געטהאָן!

# טרערען.

(פריי נאָך בייראָן.)

צעבראָכען איז מיין האַרץ. אָה, גיכער, גיכער, זינגער!
נעהם דיין האַרפּע, שפּיעל אויס אַ געזאַנג!
רייס אַרויס מיט ציטערענדע פינגער
פון דיינע סטרונעס אַ הימליש־זיסען קלאַנג!

און אויב מיר איז געבליבען איצט ניט מעהר,
ווי נור איין האָפנונג—זי וועט מיר פריינדליך שטראַהלען,
און אויב מיין אויג פערמאָגט האָטש נאָך אַ טרער—
זי וועט צוגעהן, און ווי אַ פּערל פאַלען!

לאָז דונערן דיין ליעד מיט ווילדען שמערץ,
פרעהליכעס וועט נור מיין וואונד צוראַצען,
אָה, זינגער! טרערען, טרערען וויל מיין האַרץ!
אז ניט, אָה, וועט מיין ברוסט אויף שטיקער פּלאַצען!

איך האָב געליטען, געליטען איבעראַל,
איצט זיינען געקומען שרעקליכע מינוטען.
מיין לעבענס־בעכער איז פול מיט גיפט און גאַל,—
אָה, גיב מיר טרערען! אז ניט וועט מיין האַרץ פערבלוטען!

# מיין מוזע.

(געשריבען נאָך דעם ווי איך האָב דורכגעלעזען אין אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישען זשורנאַל אַ געדיכט פון אַן אַנאַרכיסט.)

מ'ים גלעקלאַך קען מיין מוזע ניט קלינגען,
זי וועקט, זי רופט מיט אַ קריעגס-טרומפעט,
שטורם-ליעדער קען זי נור זינגען
מיט'ן פייער פון אַן אַלטען פראָפעט!

זי וועט איהר געגנער די האַנד ניט דערלאַנגען,
זי וועט ניט קושען זיין גיפטיגע ליפ.
זי וויס, אַז איהר געגנער'ס בעסטער פערלאַנגען
איז זעהן דעם טויט פון איהר גרויסען פרינציפ!

זי וועט זיך ניט בוקען פאַר פרעמדע אַלטאַרען,
זי איז שטאָלץ, ווען איהר קלייד איז אויך אָרים און פראָסט,
עס טענען פערשפאָטען זי שורקען און נאַרען,
זי בלייבט ביז איהר טויט אויף איהר הייליגען פאָסט!

# דער דיכטער.

פאר דער פראַקטישער וועלט איז אַ דיכטער אַ נאַר.
און ווייסט איהר: וואַרום? דאָס איז טאַקע דערפאַר,
ווייל ער זוכט נים קיין רייכטהום, איהם שרעקט קיין געפאַהר,
ער ווייזט אָן דער וועלט, וואָס פאַלש און וואָס וואַהר.

די וועלט מעג איהם האַסען, די וועלט מעג איהם יאָגען,
דאָך וועט ער תמיד דעם אמת נור זאָגען;
ער זוכט נים קיין כבוד, ער זוכט נים קיין געלד,
גערעכטיגקייט, ליעבע — איז זיין ציעל אויף דער וועלט.

אַל־די מענשליכע טרערען, וועהמאָגען, שמערצען,
פיהלט דער דיכטער אין זיין ליידענדען האַרצען;
פאַר איהם ויינען אַלע שוועסטער און ברידער,—
מיט'ן בלוט פון זיין האַרצען שרייבט ער ויינע ליעדער.

זיין גייסט טהוט אונז העררליכע בלומען פיעל שיינקען,
ער לערנט אונז ליעבען, ער לערנט אונז דיינקען,
מיטפיהלען מיט אַלע ליידענדע מענשען,
פערדאַמען די פאַלשקייט, גערעכטיגקייט בענשען.

ער לערנט אונז קעמפפען פאַר פרייהייט און גליק,
ער בענייסטערט די וועלט מיט זיין געטליכער מוזיק.



פֿאַר דער פּראַקטישער וועלט איז אַ דיכטער אַ נאַר,
פֿאַר דיינקענדע מענשען — איז זיין האַרץ אַן אַלטאַר;
אַ טעמפּעל פֿון אַלץ, וואָס איז מענשליך און פֿריי,
קיינער איז דער וועלט, ווי דער דיכטער, ניט טריי!

## דער אגיטאטאר.

דער אַגיטאַטאָר, ווי אַ האָהן,
וועקט אייך צו דער רעוואָלוציאָן;
ער קעמפּפֿט און טראָגט אַליין די פֿאָהן...
צו'ם ענדע — הויבט זיך גאָרניט אָן!

אָה, ווען איהר האַסט די קייטען, דעם טראָהן,
דאַן מוזט איהר אַליין אויך עפּעס טהאָן—
וויל אָהן אייך הויבט זיך גאָרניט אָן!

# 1891.

---

דאָס אַלטע יאָהר איז געשטאָרבען,
דאָך איז דען נים אַלץ איינס,
ווען 90 האָט זיך ערוואָרבען
אַ שפּאָגעל נייע איינס?

אַ ניי יאָהר איז געבאָרען,
דאָך לעבט נאָך די אַלטע נויט,
און לייכטער איז נים געוואָרען
מיין אַלטע שקלאַפּענקייט.

נאָר וואַרף איך צוריק מיינע בליקען
אויף׳ן דורכגעגאַנגענעם וועג,
ועה איך איצט נייע בריקען
צו אונזער הייליגען צוועק.

עס וואַקסען תמיד די רייהען
פון קעמפּפער פאַר פרייהייט און רעכט,
וואָס האָבען געשוואָרען צו בעפרייען
די אָרעמע עלענדע קנעכט!

אַלץ העכער הויבט זיך די פאָהן!
עס בליצט דער פרייהייט׳ס שווערד;
און העלער לייכט די זונן
אויף אונזער פינסטערער ערד!

און יעדער מארגענשטערען
ברייננט נעהענטער די צייט,
ווען אונזער ערד וועט ווערן
פֿון טיראַניי בעפֿרייט!

# צו די גענאָסען.

די נאַכט איז פֿינסטער, מען זעהט ניט קיין שטערען...
דער הימעל איז שוואַרץ, ווי די ערד.
ווילד רוישט דער ים פֿון מענשליכע טרערען,
עס הערשען נור הונגער און שווערד — —

די וואַהרהייט ליגט עלענד אין קייטען געשלאָסען,
פֿערוואונדעט פֿון שרעקליכען פֿיינד.
אָה, וואַהרהייט! וואו זיינען דיינע טרייע גענאָסען?
וואו זיינען דיינע עהרליכע פֿריינד?

ווארום קומען זיי ניט היילען דיינע בלוטיגע וואונדען,
און מהאָן זייער מענשליכע פֿליכט?
איז דען אויף אייביג די זונן שוין פֿערשוואונדען,
פֿערלאָשען איהר הייליגעס ליכט?

איז דען די גייסטינע מענשהייט געשטאָרבען—
עס לעבען נור הייזקער און קנעכט?
און אַלעס וואָס העסליך איז, שמוציג, פֿערדאָרבען,
נור דאָס האָט צו לעבען אַ רעכט?

ניין, ברידער, איך קען נים, איך וויל דאָס נים גלויבען!
מיר זיינען פֿערמאַטערט, פֿערשקלאַפּט,
אין שטייגען פֿערצאַמט, ווי געפֿאַנגענע לייבען,
אָבער דאָך איז נים טויט אונזער קראַפֿט!

די מענשליכע קראַפֿט קען נאָך וואונדער בעווייזען,
ווען דער שטורם דערוועקט אונזער גייסט,
ווי מיט צויבער צושמעטערט זי שטיינער און אייזען,
אויף שטיקער די קייטען צורייסט!

עס קען נים די האָפֿנונג אויף פֿרייהייט פֿערלירען,
ווער עס ווייסט די געשיכטע פֿון דער וועלט,
נור אין דער פֿינסטערניש קענען רעגירען
געוואַלדהייטען, שווינדעל און געלד.

דאָך ווי עס קומט נור דער ליכטיגער מאָרגען,
זיינען הייזקער און טראָהן אין געפֿאַהר,
אַל־דאָס שלעכטס, וואָס איז אין דער פֿינסטער פֿערבאָרגען,
ווערט דעם פֿאָלק דאַן פֿערשטענדליך און קלאָהר.

עס ברעכען די קייטען, עס פֿאַלען די טראָהנען,
עס רעגירט נור דער פֿרייער פֿערשטאַנד.
מען ברויכט נים קיין בלוט-הינד, מען דאַרף קיין קאַנאָנען,
ליעבע און עהרע בעשירמען דאָס לאַנד.



און ווען איהר האָט האָפֿנונג, פֿערלאָזט נים די וואָפֿען,
ווּאָס קענען אייך פֿיהרען צום זיעג,
פֿערלאָזט נים די וואַהרהיים, זי קעמפֿפֿט פֿאַר די שקלאַפֿען,
פֿאַר מענשליכע פֿרייהייט און גליק!

זעהט ווי די וואַהרהייט איז עלענד, בענאָסען
מיט טרערען, אַ בלוטינגער טייך — —
קומט צו איהר, רעטעט זי, ברידער, גענאָסען!
זי קעמפֿפֿט און זי בלוטעט פֿאַר אייך!

## צורוף צו דער „וואהרהייט".

הייליגע וואַרהיים, איך בעגרים פֿון מיין האַרצען
דיין אָנקומען אויף אונזער יועלט,
וואו דאָס פֿאָלק איז פֿערזונקען אין אייביגע שמערצען,
וואו עס הערשען נור פֿאַלשקייט און געלד.

קום, בעלייכט מיט דיינע הימלישע שטראַהלען
די שרעקליכע, פֿינסטערע נאַכט,
וואו טויזענדער מענשען אונשולדיגע פֿאַלען
אין קאַמפּף מיט דער טיראַנישער מאַכט.



קום, ערקלעהר אונז מיט ליעבע און קלאָהרהיים,
ווי שענדליך עס איז שקלאַפּעריי.
און נור דורך דעם קאַמפּף פאַר ליעבע און וואַרהיים
קען דאָס פאָלק ווערן גליקליך און פריי.

בעגייסטער, פעראייניג דיינע אָרעמע ברידער!
הויב אויף דעם געפאַלענעם קנעכט.
צובּרעך זיינע קייטען, בעפריי זיינע גלידער
און גיב איהם דאָס מענשליכע רעכט!

# דער וועקער.

הערט נור צו, וואָס איך ועל זאָגען:
ווען איהר ווילט קיין קייטען טראָגען—
קוממט אין אונזער פאָלק.
וואָס מיר ווילען, — נים פיעל ברייען,—
איז פון שקלאַפען־יאָך בעפרייען
דאָס אונטערדריקטע פאָלק.

קוממט צו אונז מיט פרייע ווערטער,
פרייע הערצער, פרייע שווערטער,
קוממט אין פרייען שלאַכט,
קעמפפען ווילען מיר, ביז וואַנען
עס ווערען פאַלען די טיראַנען,
שווינדען וועט די נאַכט.

וועהט נור וויפיעל קעמפפער פאלען
פאר די פרייהייטס-אידעאלען
אין'ם קאמפף מיט טיראניי!
וואלען מיר דען רוהיג שווייגען,
רוהיג זיצען אין די שטייגען,
דולדען שקלאפעריי?!

הערט ווי אונז דער פיינד בעליידיגט,
גאטעס-פורכט און קנעכטשאפט פערדיגט
פאר דעם ארבייטס-מאן...
שוין גענוג אין קייטען שלאפען,
ברעכט די קערקערס-טהירען אפען,
טויט צו דעם טיראן!

קיינמאל וועט איהר נויט פערמיידען,
תמיד שאנד און שמערצען ליידען,
ווי לאנג נור איהר זייט קנעכט.
ברידער, העלפט איינער דעם צווייטען,
ברעכט די קייטען אן די קייטען,
קעמפפט פאר מענשענרעכט!

ווי לאנג וועלען נאך רעגירען
ווילדע היינקער און וואמפירען?—
ליידענדע ערוואכט!
קומט צו אונז מיט פרייע ווערטער,
פריי הערצער, פרייע שווערטער,
קומט אין פרייען שלאכט!

# צורוף צו „די פרייע אַרבייטער שטימע".

---

פרייע אַרבייטער שטימע!
אויף דיין הייליגער לעבענס־שוועל
בעגריסט דיך מיט ליעדער און טרערען
דיין אַלטער פריינד פּאַסקאַרעל!

פאַר דעם האַרצענס טיעפע געפיהלען
איז צו אָרעם אונזער שפּראַך,
רייכער זיינען אונזערע טרערען,
מיט זיי קען מען זאָגען אַסך!

און מיט הייליגע אַרבייטער־טרערען,
וואָס פאַלען איצט זעהר אַסך
שרייב איך אויף אויף דיין רויטער פאָהן:
„קעמפף פאַר די הייליגע זאַך!"

ווילד רוישען די קאַלטע וועלען
פון דעם גרויסען לעבענס־ים,
די אָרעמע, עלענדע שיפער
ווי לעבען, ווי אָטהעמען קאַם!

דער ווינד האָט צוריסען די זעגעל,
צובראָכען דעם קליינעם קאָמפּאַס...
עס איז זיי אין שטורם געבליבען
נור הונגער, פערצווייפלונג און האַס!

וואוהין עס טראָגט זיי דער שטורם,
פון דעם האָבען זיי קיין בעגריף!
זיי שרייען, זיי גיבען סיגנאַלען—
דאָך מען זעהט ניט קיין רעטונגס־שיף!

פרייע אַרבייטער שטימע!
דיין הייליגע פליכט איז אַצינד:
העלפען בעפרייען די ברידער
פון שרעקליכען שטורם־ווינד!

צייג זיי דיין רויטע פאָהן,
אַלס אַ הייליגען רעטונגס־סיגנאַל!
בעלייכט זיי דעם וועג מיט דיין פאַקעל!
מיט דער וואַהרהייטס בליצענדען שטראַהל!

דורך שטורם, דורך רוישענדע וועלען,
דורך שטיינער, וואָס ליגען אין וועג,
העלף דעם פאָלקס־שיף עררייכען
דער פרייהייטס הייליגען ברעג!

העלף פערניכטען די ברואים,
וואָס ווילען דערטרינקען דאָס שיף—
וואָס ווילען זייערע ברידער
בעגראָבען אין פינסטערניש טיעף!

קעמפף ניט מיט שוואַכע פליגען,
ווען דער טינער שטעהט ביי דער טהיר!
הען טויזענדע עלענדע ברידער
רופען נאָך הילפע צו דיר!

שווער ביי די היילינגע וואונדען
פֿון די קעמפֿפֿער פֿאַר מענשענרעכט—
אז דיין הארץ, דיין גייסט, דיין לעבען
געהערט צו די ליידענדע קנעכט!

שווער, אַז דו מוזט זיי העלפֿען
אין זייער ביטערער נויטה!
שווער, אַז דו מוזט פֿערניכטען
יעדע שענדליכע שקלאַפֿען-קייט!

שווער ביי דער פֿרייהייטס-פֿאָהן,
רויט פֿון מאַרטירער-בלוט,
אז קיין שטורם, קיין פֿיינד, קיין פֿער-צווייפֿלונג
וועט ניט צוברעכען דיין מוטה!

אז נור דער טויט אָדער פֿרייהייט
וועט צושיידען דיך מיט דער שווערד!
קלינג אָב, פֿרייע אַרביימער שטימע,
איבער דער גאַנצער ליידענדער ערד!

וועק די פֿערשקלאַפֿטע מענשהייט
צו דער לעצטער רעוואָלוציאָן.—
מיט אייזערנעם מוטה, מיט בעגייסטערונג
דיין היילינגע ארבייט פֿאַנג אָן!





# פאָרווערטס.

צו דער אַרבייט, פאָרווערטס, ברידער,
אַלע, אַלע, קומט מיט מוטה!
פרייע אַרבייט שטאַרקט די גלידער
און זי רייניגט אונזער בלוט!

פילט זיך ניט! אַ שאַנדע — כ'לעבען—
שלאָפען אין אַ צייט פון קריעג!
ווילט איהר וויסען, וואָס הייסט לעבען—
קעמפפט פאַר אַלגעמיינעם גליק!

פאָרווערטס, שטופט די פרייהייטס-רעדער
מיט'ן שווערד און מיט'ן פען—
לאָז זיין אַרבייט טהון אַ יעדער—
ווי ער קען און וואָס ער קען.

לערנט זיך און אויך דעם צווייטען—
צייגט דעם וויסען'ס ריינעם קוואַל!
און צוגליטה די שקלאַפען-קייטען
מיט דער וואַהרהייט'ס הייסען שטראַהל

וואַרפט אַריין אין אַלע קלאַסען
פונקען פון דעם פרייען גייסט!
לערנט דיינקען, קעמפפען, האַסען,
אַז איהר מענשען זייט, בעווייזט!

און נים ציטערס פֿאַר די היינקער!
שטאַרבען ווי אַ פֿרייער מאַן—
איז דאָך ליעבער פֿאַר'ן דיינקער,
ווי זיך בוקען צום טיראַן!

נאָך די שטורמען, פֿרעסט און שנעען
קומען וועט דער שעהנער מאַי,
וואָס מיר ווע̇לען איצט פֿערזעען,—
וועט דאן בליהען פֿראַנק און פֿריי!

און אַ יעדער וועט געניסען
פֿון דעם ריינעם פֿרייהייטס־בוים—
זיסע פירות, וואָס פֿערזיסען
יעדעס האַרץ און יעדע היים!

פֿאָרווערטס שטופט די פֿרייהייטס־רעדער!
אַרבייט ערנסט, פֿול מיט גייסט!—
מיט'ן שווערד און מיט'ן פֿעדער—
אַז איהר מענשען זייט, בעווייזט!

# אונזער אידעאַל.

נאָך ניט איינמאָל וועלען מיר פאַלען
אין קאַמפף פאַר אונזער אידעאַל,
פון גענגער ביטערע פערלוימדעט,
פערפאָלגט, פעראַכטעט איבעראַל.

ניט איינמאָל וועלען „קלוגע ברידער"
פון אונזערע וואונדען מאַכען שפּאַס,
אונזער ברודער־האַנד בעגעגנען
מיט שלאַנגען־גיפט און ווילדען האַס.

ניט איינמאָל וועט די דומע מאַסע,
פון דעמאַגאָגען צונערעדט,
מיט שמוץ פערוואַרפען אונזער פאָהן
און קרייציגען אונזער פראָפעט.

ניט איינמאָל וועט מען נאָך בעשאַפען
אַ שפּאָגעל נייע שקלאַפען־רוט
און זאָגען אונז: אָט דאָס איז פרייהייט,
נעהמט שנעל אַראָב פאַר איהר דעם הוט!

דאָך ועל'ן מיר געהן מיט אונזערע וועגען,
פון אונזערס טרעטען מיר ניט אָב;
ווען אויך פאַר יעדען שריט צו פרייהייט
בעצאָהלען מיר מיט אונזער קאָפּ!

מיר ווילען קיין רעפאָרם־גליקען:
דען נענען אונזער אידעאַל
ווינען זיי ווי יאָהר־צייט ליכטלאך
נענען א העלען וונען־שטראַהל.

האַלבע פריוהייט איז קיין פרייהייט!
דאָס איז פערפוצטע שקלאַפען־שאַנד:
זי וועט זעטיגען אונזער מאָגען
און פערשקלאַפען דעם פערשטאַנד!

מיר ווילען אונבעגרענצטע פרייהייט,
וואו דאָס געזעץ איז די נאַטור;
וואו מיט אַ פולער ברוסט וועט אָטהעמען
די ריינע מענשליכע קולטור!

וואו קונסט, וואו וויסענשאַפט און וואַהרהייט
וועלען דאַן צום ערשטען מאָל
פון זיך אַראָבוואַרפען די קייטען
און פריי דערהויבען זייער קול!

און ווי מען זאָל אונז ניט פערלוימדען,
פערדאַמען, דריקען איבעראַל —
מיר געהען פאָרווערטס, אימער פאָרווערטס,
צום ליכט, צו אונזער אידעאַל!



# אויף דער וואַך.

—————

געקרויזט פֿון פֿיינד מיט גיפֿטיגע דערנער,
  פֿון גוטע פֿריינד פֿערגעסען, פֿערלאָזט—
ווי אויף דער וואַך אַן אַלטינקער זעלנער
  שטעהט ער אַליין אויף זיין הייליגען פּאָסט.

די נאַכט איז פֿינסטער, עס רעגענט און האָגעלט,
  עס הערט זיך אין ווינד אַ ווילדער געוויין;—
אַך, ווי עלענד איז דער און פֿערוואָגעלט,
  ווער אין שטורם שטעהט אויף דער וואַך אַליין!

אַליין, פֿערגעסען פֿון פֿריינד און ברידער,
  אַליין, ווי אַ שיפֿעל אין שטורמישען מעער:
אָט, אָט וואַרפֿט דיך דער שטורם אַנידער
  און פֿון דער האַנד פֿאַלט דאָס געוועהר!

דאָך ניין, ער דאַרף נים, ער טאָר נים איצט פֿאַלען!
  ער ראַנגעלט זיך מיט שטורם און קעלט,
ער הויבט אויף דאָס געוועהר, פֿייערט סיגנאַלען...
  און עס ענטפֿערט איהם נור דאָס עכאָ פֿון פֿעלד!

און ס׳פֿילען זיך אָן זיינע אויגען מיט טרערען,
  דאָס האַרץ ווערט פֿערגליווערט אין ברענענדען פֿראָסט
און ווען עס וועט אויפֿגעהן דער מאָרגענשטערען
  געפֿינט ער איהם טויט אויף זיין הייליגען פּאָסט...

# וואַכט אויף!

ווי לאַנג, אָ ווי לאַנג וועט איהר בלייבען נאָך שקלאַפֿען
און טראָגען די שענדליכע קייט!?
ווי לאַנג וועט איהר גלענצענדע רייכטהימער שאַפֿען
פֿאַר דעם, וואָס בערויבט אייער ברויט!?

ווי לאַנג וועט איהר שטעהן אייער רוקען געבויגען,
ערנידעריגט, היימלאָז, פֿערשמאַכט!?
עס טאָגט שוין! וואַכט אויף: עפֿענט די אויגען!
דערקענט אייער אייזערנע מאַכט!

ערוועקט זיך די פֿרייהייט מיט קאַמפף־באַריקאַדען!
ערקלערט די טיראַנען אַ קריעג!
מוטה און ענטשלאָסענהייט, בראַווע קאַמעראַדען,
וועלען אייך פֿיהרען צום זיעג!

קייטען, און טראָהנען, אָה, אַלעס מוז פֿאַלען,
אונטער דעם אַרבייטערס שווערד!
מיט דופֿטענדע בלומען, מיט גאָלדענע שטראַהלען
וועט פֿרייהייט בעציערען די ערד!

און אַלעס וועט לעבען, ליעבען און בליהען
אין פֿרייהייטס גאָלדענעם מאַי!
ברידער! גענוג פֿאַר טיראַנען צו קניען!
שווערט, דאָס איהר מוזט ווערען פֿריי!



קלינגט איבעראַל אין די פרייהייטס-גלאָקען!
פערזאַמעלט די ליידענדע קנעכט!
און קעמפפט בעגייסטערט, קעמפפט אונערשראָקען
פאַר אייערע הייליגע רעכט!

# ניט אייביג.

ניט אייביג וועלען זיי דויערן
די קאַלטע פינסטערע נעכט;
ניט אייביג וועט פאַר זיך מויערן
נור פינסטערע קערקער דער קנעכט.

ניט אייביג וועט ער בויען
פאַר זיינע טיראַנען פאַלאַסטען,
ווען אָרעמע קינדער און פרויען
האָרעווען, שמאַכטען און פאַסטען!

ניין! ברידער, דער פריהלינג מוז קומען
מיט ליכט און זונענשיין,
און וועלכען עס לאַבען די בלומען
און עס פליסט דער לעבענסוויין!

ניט לאָזט זשע די קעפּ אַרונטער!
ניט שטעהט אויף'ן האַלבען וועג!
פאָרווערטס! שטאָלץ און מונטער!
פאָרווערטס, צום היילינגען צוועק!

# דער רויטער ועגעל.

איך זעה אַ רויטען פֿוגעל
מיט זילבערנעם שוים בעשפריצט:
ער לויפֿט צווישען שטורמישע וועלען,
עס קראַכט, עס דונערט און בליצט.

אונטער דעם רויטען פֿוגעל
זעה איך אַ פּראָלעטאַר,
מיט זיין אייזערנער האַנד אויף דעם רודער
שטעהט ער שטאָלץ אין געפֿאַהר.

איהם שרעקט ניט דער ווילדער שטורם,
איהם שרעקט ניט דער פֿעלזען־שטיין;
ער טרעפֿט מיט זיין פֿייל אין די ברואים,
װאָס קריצע איה איהם מיט די צייהן.



זיין נייסטינער בליק איז געריכטעט
אויף דעם אינזעל, וואָס „פרייהייט" הייסט,—
אהין, וואו דער מענש וועט געפינען
זיין גליק, זיין ליעבע, זיין טרייסט!

און ווען טויזענדע פעלזען און שטורמען
בעגעגענען איהם אויף זיין וועג,
מיט זיין ברוסט אויף דעם רויטען זעגעל
וועט ער עררייכען דעם ברעג!

ער וועט עררייכען דעם אינזעל
פון פרייהייט, פון מענשענגליק;
און אויף'ן בעזיעגטען שטורם,
ווארפען מיט שטאָלץ זיין בליק!

פאָרווערטס, מיין רויטער זעגעל!
די וואהרהייט איז דיין פאסאזשיר;
פיראַטען, שטורמען און פעלזען—
אַלעם בעזיעגסטו מיט איהר!

פאָרווערטס, פראָלעטאַריער!
דו האָסט נאָך טויזענדע פריינד!
מיט דיין אייזערנער האַנד אויף דעם רודער
וועסטו בעזיעגען דיין פיינד!

# צו א פריינד.

ד׳אָם שיפעלע לויפט צווישען ווישענדע וועלען;
דער שטורם ווערט שטאַרקער מיט יעדער מינוט;
דער וועג איז געפעהרליך... דאָך שטאַרק איז דער ווענעל—
עהרליכער שיפער, פערליר ניט דיין מוטה!

עס ווערען אַלץ בייזער די קעמפפענדע שטראָמען;
דאָס שיפעלע וואַרפט עס אַרויף און אַראָב:
עפּעס צורייצטע און העסליכע ברואים
שטעקען פון וואַסער אַרויס זייער קאָפּ...

ווי עפענען ברייט די פערבלוטיגטע מיילער,
דאָך שנעל טראָגט דער שטורם דיך ווייטער אַוועק—
עס בליצט און עס דונערט, עס בויגט זיך דער זעגעל:
עס ליגט צווישען פעלזען דער שרעקליכער וועג!

ועהסטו פון ווייטען דאָרט רויטע סיגנאַלען?...
דאָס קומט דיר צו הילפע די הייליגע צייט!
ס׳נעהט אויף שוין דער מאָרגען — פערלאָז ניט דעם רודער!
קעמפף מיט דעם שטורם! דער ברעג איז ניט וייט...

# א גוט ווארט.

זייט איהר מענשען — האַנדעלט מענשליך!
האַט אין זינען אייער ציעל!
גיט קיין פּלאַץ אין אייער האַרצען
פאַר אַ קליינליכען געפיהל!

ניט פערגעסט, פאַר וואָס מיר קעמפפען!
ניט פערגעסט, אַז פאַר'ן טהיר
שטעהט די מאַסע, די, וואָס בלוטעט,
די, וואָס ליידעט אָהן אַ שיעור!

זייט איהר מענשען, האַנדעלט מענשליך!
ניט פערלירט זיך אין געפאַהר!
וועקט מיט ווערטער! וועקט מיט טהאַטען
דעם פערשקלאַפּטען פראָלעטאַר!

## צום פעראייניגטען קאמפף.

מיט שעהנע ליעדער, מיט גלענצענדע רעדען
איז שיין איבערפילט אונזער וועלט,
דאך איז דאס פאלק נאך ווייט פון גן־עדן
און נאט איז נאך אימער — דאס געלד.

ניט ליעדער, ניט ווערטער, אה, גוטע קאמעראדען!
עס רופט אונז די מענשליכע פליכט ;
ניט אויף דער ביהנע, — אויף שלאכט־באריקאדען,
קעמפפט אוים די פרייהייט, דאס ליכט!

ניט מיט דעם קלינגענדען גלענצענדען ווארט—
מיט מיין שווערד וויל איך קעמפפען און בליצען!
און ווען מיין טויט בעגעגענט מיך דארט,
בעט איך איהם א וויילינקע זיצען...

א וויילינקע ווארטען, ביז וואנען מיין שווערד
אויף די שונאים צוברעך איך אין דרייען,
ביז וואנען איך זעה, דאס פאלק ווי א העלד
וועט זיך פון קייטען בעפרייען!

דאן זאג איך צום טויט: „איצט טראג מיך אוועק
אין דיין רוהיגען שטילען געצעלט.
איצט שלאף איך געשמאק, ווייל ערדרייכט איז מיין צוועק—
בעפרייט איז די מענשליכע וועלט!"



װערטער זײַנען איצט צו מענשליכע װאָפֿען
פֿאַר אונזער אונמענשליכען פֿײַנד;
װען איהר װילט ניט זײַן אײביג בעטלער און שקלאַפֿען,
פֿעראײניגט אײַך, ברידער און פֿרײַנד!

אײניגקײט איז איצט דער גאָלדערנער בריק,
װאָס קען אונז די מעגליכקײט געבען,
ערדרײכען די װעלט פֿון פֿרײַהײט און גליק,
געניסען אַ מענשליכען לעבען!

רופֿט צו פֿעראײניגונג, פֿערגעסט אָן פּערזאָנען—
רעטעט די מענשהײט פֿון שאַנד.
דער פֿ ײַ נ ד דאַרף סאָלדאַטען, שפּיאָנען, קאַנאָנען;
מ י ר דאַרפֿען — אײניגקײט, ליעבע, פֿערשטאַנד.

און װען מיר זײַנען װײניג, דאַן זײַנען מ י ר קאַנאָנען,
און שװערדען זײַנען אונזערע הענד;
און פֿון אַלע בלוטיגע רעװאָלוציאָנען
קומט דאַן דאָס גליקליכע ענד!

פֿעראײניגט אײַך אַלע, װי גוטע קאַמעראַדען,
עס רופֿט אונז די מענשליכע פֿליכט;
ניט אויף דער ביהנע, — אויף שלאַכט-באַריקאַדען
קעמפֿט אום פֿאַר זיך פֿרײַהײט און ליכט!

⁂

# קעמפף ביז'ז סוף!

נאָך אַ לאַנגען, שווערען קריעג
קעהרסטו זיך פון שלאַכט צוריק;
גליקליך ביסטו אין דיין זיעג,
מוטהיג שטראַהלט דיין העלדענבליק!

אויף דיין שטאָלצע, רויטע פאָהן
שיינט אַראָב די העלע זונן;
אַלע פיינד פון שקלאַפענקייטען
גריסען דיך מיט בלומען־קווייטען!

דיינע ברידער — אַרבייטסלייט —
דיינקען פון אַ נייער צייט;
שקלאַפען, פול מיט חרפה, שאַנד,
רייכען דיר אַ ברודער־האַנד.—

דאָך פערגעס נים, אַז פאַר דיר
לינט נאָך אַרבייט אָהן אַ שיעור!
פרייהייטס־שונאים לעבען נאָך,
שטאַרק איז נאָך דער שקלאַפעניאָך!

ווייס, אַז פאַר אַ גרויסע זאַך
מוז מען אָפּפּערן אַסך!
נים אַ העלפּט — דעם גאַנצען לעבען
מוז מען דער אידעע געבען!

ווייס: דאָס גרעסטע מענשענגליק
איז איצט אין'ם פרייהייטס־קריעג;
יעדען פרייהייטס־קעמפפער'ס וואונד־
מאַכט די מענשהייט מעהר געזונד!

# די פרייהייטס־געטין.

— —

יונגע קעמפפער, אין פרייהייטס־קריעג,
האַלט פעסט די פאָהן פון וואהרהייט!
נים לאָזט זיך פערבלענדען פון אַ לייכטען זיעג,
וואָס פיהרט נים צו ווירקליכער פרייהייט!

נים לאָזט זיך נאַרען פון קנאַק־ראַקעטען,
פון חניפות־פּאָליטיק!
נים פון רייכסטאָג קומט די פרייהייטס-געטין,
נים אין שטיב־קאַסטען ליגט אונזער גליק!

איהר זעהט אָט יענע פינסטערע גריבער,
וואו עס הערשט פערצווייפלונג און שמערץ,
וואו עופה'לעך שטאַרבען אין הונגער-פיבער
אויף דעם בלוטענדען מוטער־האַרץ!

וואוהין די זונן קומט קיינמאָל אַריין
מיט איהרע ליכטיגע שטראַהלען,
עס קלינגט קיין מוזיק, עס פֿינקעלט קיין וויין
אין גאָלדענע באָקאַלען!

וואו דער, וואָס בויט דעם רייכען פּאַלאַסט,
פֿיהרט דורך די אייזענבאַהנען,
בלוטעט אונטער דער שווערער לאַסט,
פֿון אויסבייטער און טיראַנען!

וואו קיינער האַלט ניט קיין גלענצענדע רעדעס
פֿון פֿערשימעלטער פּאָליטיק;
וואו די נאַסע ווענד זיינען די עדות
פֿון אַ ביטערען לעבענס-קריעג!

וואו אויגען זיינען אין טרערען פֿערשוואומען,
און מיט בלוט איז בעפֿלעקט די ערד—
אָט פֿון דאָרט וועט די פֿרייהייטס-געטין קומען,
מיט איהר היילינגען פֿלאַמענדען שווערד!

זי וועט קומען אויף דעם געשריי פֿון קרבנות,
פֿון דער בלוטיגער טיראַניי!
זי וועט קומען בעגלייט פֿון יונגע אלמנות
און יתומים פֿון דער שקלאַפֿעריי!

זי וועט קומען צו רעטען די עלענדע, שוואַכע
פֿון דעם אויסבייטערס אייזערנער רוט!
זי וועט קומען נעהמען גערעכטיגע ראַכע,
פֿאַר יעדען טראָפּען אַרבייטער-בלוט!

זי וועט פֿעראייניגען אַלע נאַציאָנען
מיט איהר זיסען, הייליגען קוש!
אויף די צושמעטערטע קייטען און טראָהנען,
וועט רוהען איהר אייזערנער פֿוס!

און איך שווער: זי וועט אויף אייביג בעגראָבען
די פֿערפעסטעטע קירכע און שטאַאַט;
און נור דאָן וועסטו ווירקליכע פֿרייהייט האָבען,
פֿערשקלאַפֿטער פּראָלעטאַריאַט!

## דער בעליידיגטער העלד.

מיט אַ פֿרייען גייסט און אייזערנעם מוטה,
איז ער תמיד אין שטורם געשטאַנען,
און האָט ווי אַ העלד מיט זיין האַרץ און בלוט
געקעמפפֿט געגען אַלע טיראַנען.

ער האָט עלענד געוואַנדערט פֿון שטאָדט צו שטאָדט,
פֿערפֿאָלגט פֿאַר זיין ליעבע צו וואַהרהייט,
אין איין האַנד אַן ארון פֿאַר'ן גאָלדענעם גאָט,
אין דער צווייטער — אַ פֿאַקעל פֿאַר דער פֿרייהייט!

עס האָבען די הערשער נעקריצט מיט די ציין,
פערדאַמט איהם, נעשלעפט צום געריכט,
דאָך איז ער נעבליבען אייזען און שטיין
אין קאַמפף פאַר פרייהייט און ליכט.

וואָס מעהר די טיראַנען פון אונזער יאָהרהונדערט
האָבען דעם קעמפפער פערפאָלגט,
אַלץ מעכטיגער האָט זיין שטימע געדונערט,
פערטהיידיגט דאָס ליידענדע פאָלק.

און איז מען בענאַנגען אַ שרעקליכען מאָרד,
איבער פרייע קעמפפער און דיינקער,
האָט ער דער ערשטער, מיט טהאַט און מיט וואָרט
געבראַנדמאַרקט די שווינדלער און היינקער!

ער שטעהט אין זיין קאַמפף אַזוי פריי און שטאַרק,
ווי עס איז נאָך קיין קעמפפער געשטאַנען,
פאַר זיין רויטע פאָהן און שוואַרצען זאַרג
ציטערן אַלע טיראַנען!

דאָך זעה איך איצט, ווי עס וואַרפט אין איהם שטיינער
נישט נור זיין בלוטיגער פיינד,
אָה, ניין! עס וואַרפט גאָר שמוץ אין איהם איינער,
וואָס רופט זיך מענשענפריינד!...

וואָס דיינקט, אַז מען קען מיט חן'דעלאַך זיסע,
און מיט אַן אַראָבגענומענעם הוט,
פועל'ן ביי מערדער, מען זאָל נישט פערגיסען
אונשולדיגעס מענשליכעס בלוט!



וואָס דיינקט, אַז מען דאַרף נישט קיין **בלוט** און קרבנות,
נור אַ זיסען קאָמפּלימענט
פאַר היינקער, וואָס האָבען קיין פונק פון רחמנות,
**צו מאַכען פון קנעכטשאַפט אַן ענד!...**

און דיזער... וואַרפט שטיינער און ציניש **בעליידיגט**
יעדען קעמפּפער און עהרליכען מאַן,
וואָס דיינקט נישט ווי ער און מיט זיין בלוט פערטהיידיגט
זיין פאָלק געגען יעדען טיראַן!

מענשען, וואָס לאַכען אין זייער **האַרצען,**
פון גאַלגען, פון שרעקליכען טויט,
כדי נור צו רעטען דאָס פאָלק פון **שמערצען**
פון פינסטערניש און נויטה;—

און אין דיזע מענשען וואַרפט ער מיט **שטיינער,**
דער דייטשער מענשענפריינד...
און בעשימפּפט אויך די יונגע היילינגע **ביינער,**
וואָס רוהען אין טשיקאַגאָ היינט!

און מען קאַפּט שוין אונטער זיין **געשריי**
„נידער מיט אַנאַרכיסטען!"
וויל זייער עהרע פערקויפען זיי
**צו די קאַפּיטאַליסטען!...**

אָה, דומע פערליימדונג! וואַרפט נור אַ **בליק,**
אויף די טשיקאַגאָ-מאַרטירער!
און נעהמט אייער שענדליכען שמוץ צוריק
ווען איהר זייט נישט קיין פאָלקס-**פערפיהרער!!**

אָה, ווי פֿינסטער איז אונזער נאַכט!
איין ברודער דערקוועלט נישט דעם צווייטען,
און ברעט מיט די פֿיס איהם, און שפּאָט און לאַכט
פֿון זיין ברודער'ס וואונדען און קייטען.

דאָך זעה איך שוין קומען די פֿרייע זונן,
זי וועט בעליכטען מיט גאָלדענע שטראַהלען
יעדען קעמפּפֿער, וואָס איז מיט זיין שווערד און פֿאָהן
אין קאַמפּף פֿאַר די פֿרייהייט געפֿאַלען.

און עס וועלען קומען אויף'ן היילינען אָרט,
אַלע מענשען — ברידער — נישט ...יסטען,
און וועלען קניען מיט טרערען דאָרט
ביי די קברים פֿון אַנאַרכיסטען!

# דער וואַמפּיר.

קוקט איהם נור אָן, דעם פֿעטען, דעם ברייטען
וואַמפּיר פֿון מענשען־בלוט!
וואָס שמירט זיינע ברידער די הענד אין קייטען,
אום צו רייטען אויף זיי גוט!

זעהט! ווי ער זיצט מיט אַ זיסען שמייכעל
אונ קלערט זיך: „איך הער אייך אין טראָק!
אַזוי לאַנג, ווי דאָס פֿאָלק האָט ניט קיין שכל,
לעב איך אַ גוטען טאָג!—

אַזוי לאַנג איהר זייט פֿערד, וועל איך אויף אייך רייטען
אונ שינדען די הויט פֿון אייך פֿריי!
אונ ווען איהר זיך אָנפֿאַנגען בריקעווען, שטרייטען,
דאַן רוף איך די פּאָליציי!

וואָס שרעקט מיך אייער יוניאָן—מלחמה?
אַם ענדע בלייב איך דאָך באָס!
נאַראָנים! איהר נעהמט פֿון אונז נקמה?
מיט וואָס?... מיט אַ שנעל אין נאָז?—

פֿאַר איינס נור ציטערען מיר, ווי פֿאַר פֿייער:
דאָס איז, — פֿאַר די אַנאַרכיסטען!
ביי זיי איז דאָך גאָר דאָס לעבען ניט טהייער,
אַבי נור אונז צו פֿערוויסטען!

כ'לעז אַ מאָל זייערס אַ בלאַט;
איהר ווייסט, וואָס זיי זאָגען דעם עולם?
„ווילט איהר זיין פֿריי, דאַן שיקט אוועק באַלד
אַלע רויבער אויף'ן בית עולם!"

וואָלטען זיי נור גערעדט... אָבער ליידער
קענען זיי אויך אַ מאָל טהאָן;—
זיי גיבען אַ מאָל אַ באָמבע אַ שליידער,
אַז עס ציטערט מיין שקלאַפֿען־טראָהן!

מיר האָבען שוין מיליאָנען פערלאָרען
אום זיי צו מאַכען אַ ביסעלע קאַלט...
אָבער היינגט מען פינף, ווערען געבאָרען
מויזענדע אַנדערע באַלד!

איך פיהל, אַז עס קומען שלעכטע צייטען!
איך וועל נים קענען מעהר
פרעסען און זויפען און רוהיג זיך רייטען
אויף טויזענדע קנעכט ווי אַ הערר! —

נור אַזוי לאַנג, ווי דאָס פאָלק האָט נאָך קיין שכל
צו פאָדערען מענשען־רעכט,
קען איך מיר רוהיג מיט אַ זיסען שמייכעל
רייטען אויף דומע קנעכט". —

און די קנעכט? זיי פיהלען, אַז אַ שווערע משא
דריקט זיי און שלעפּט צו דער ערד;
עס גיסט זיך שוויים פון די פנים'ער די בלאַסע, —
זיי קרעכצען און... שלעפען ווי פערד!

זיי פאַנגען אָן אַמאָל בריקעווען, שרייען;
זיי ווילען מעהר האָבער און גראָז...
און ווי מען גים זיי אַביסעל צו קייען,
לעקען זיי ווידער דעם באָס. —

עס גים אויך אַזוינע, וואָס בייסען די לייצעס
און פיהלען אַ פרייעס געמיטה,
און ווילען נים טראָגען אויף זייערע פלייצעס
יעדען רויבער און פאַראַזיט. —

דיזע בילדען איצט מעכטיגע רייהען
פון קעמפפער פאר פרייהייט און רעכט;
און די צייט איז ניט וייט, ווען זיי וועלען בעפרייען
די ליידענדע שמאכטענדע קנעכט!

די צייט איז ניט וייט, ווען מיר וועלען ניט וויסען
פון קייטען, פון טרערען, פון נויט,
און יעדעס מענשענקינד וועט געניסען
פרייהייט און ליעבע און פרייד!

דאך ברידער, אזוי לאנג איהר זייט נאך שקלאפען,
פערגעסט ניט אייער פליכט!
און גרייפט צו די הייליגע, מעכטיגע וואפען,
וואס פיהרען צו פרייהייט, צו ליכט!

## די צוויי־פיסיגע חיה.

זאגט מיר וואו בין איך, איך זעה ניט קיין מענשען,
צוויי פיסיגע חיה'לעך לויפען ארום...
נישט וואס צו ליעבען, נישט וואס צו בענשען,
די וועלט איז אזוי העסליך, די וועלט איז אזוי דום!

קוק, ווי מען רויבט דיינע שוועסטער און ברידער,
קוק, ווי מען טרייבט זיי צו זעלבסטמאָרד און מאָרד;
מען צאַפּט זיי דאָס בלוט. מען האַקט זיי די גליעדער—
קוק, שלינג די טרערן... און זאָג ניט קיין וואָרט!

און זאָגסטו אַ וואָרט, ווילסט זיין אַ גוטער,
פֿערטהיידינגען דעם שוואַכען אין קריעג!
דאַן זאָג „זיי געזונד", צו דיין אַלטינקער מוטער,
צו דיין פֿרוי און קינד... דו קומסט ניט צוריק!

דו קומסט ניט צוריק, אויף דיר וואַרט שוין דער היינקער!
צו פֿיהרען דיך אויף'ן טויטען-בריק!
דער לאָרבער-קראַנץ פֿון אַ פֿרייען דיינקער,
אין אונזער יאָהרהונדערט איז — קייטען און שטריק!

מענש! דו שטאָלצע צווייפֿיסיגע חיה!
מיט וואָס נעהמסטו זיך איבער? ערקלעהר נור דאָס מיר!
אַ יעדע פּיצינקע פֿויגעלע פֿרייע,
האָט דאָך מעהר יושר און ליעבע פֿון דיר!

קוק ווי פֿריי זי בויט זיך איהר נעסט,
ערנערט זיך פֿריי מיט איהר אייגענער קראַפֿט,
האָט נאַהרונג, אַ רוה-פּלאַץ אין שטורם, אין פֿרעסט,
און איז ביי קיינעם ניט פֿערשקלאַפֿט!

זי בענגענט די זונן מיט אַ זיסען געזאַנג,
שוועבט פֿרעהליך אין לופֿט אום, אַ גליקליכע, פֿרייע,
און ווייסט גאָר ניט ווי אונגליקליך, קראַנק
איז דאָרט אויף דער ערד די צווייפֿיסיגע חיה!



זי ווייסט ניט פֿון בלוטיגע מאָרד־קאַנאָנען;
זי ווייסט ניט פֿון קייטען, גאַלגאַן, אָסטראָג;
פֿון די פֿערפעסטעטע קירכען און טראַנען,
וואָס מאַכען נאַכט פֿון דעם ליכטיגען טאָג!

זי ווייסט גאָר ניט, אַז טיר מענשען האָבען
אַ ציוויליזאַציאָן, גאָר וואונדערבאַר!
זי קען טויזענדער מענשען בעגראָבען,
און דערביי ניט געבען אַ קרים זיך זאָגאַר!

זי האָט אויף יעדען טריט עשאַפאָטען,
און אָפּענעם און געהיימען טיראַן—
דאָ ערמאָרדעט מען אונז דורך עלעקטרישע דראָטען,
דאָרט צורייסט אונז אויף שטיקער די אייזענבאַהן!

דאָ פֿערשיט מען אונז אין אַ קוילען־מינע,
דאָס פֿאַלט מען פֿון עלעווייטער אַראָפּ!
אין דער פֿרייער ציוויליזירטער מדינה
היינגט אויף אַ האָר אונזער אָרעמער קאָפּ!

ענטוויקלונג, פּראָגרעס! — דאָך, פֿויגעלע זיסע,
ווי איך זעה איז דיר אונבעקאַנט אונזער וועלט,
דו וויכסט די ערד ווי אַ פֿינסטערע תפיסה,
וואו די זונן איז טיט אייזערנע ווענד פֿערשטעלט!

אַך, איך בין דיך מקנא, פֿויגעלע, פֿרייע!
זינג הויך! און זיי צופֿרידען דערפֿין,
וואָס דו ביזט ניט אַ בייזע צוויי-פֿיסיגע חיה,
וואָס שענדעט די פֿרייהייט, וואָס לאַכט פֿון דער זונן!

זינג הויך! און מיט דיינע פֿרייע לידער
דערמאָן דעם מענשען, אַז אויך ער קען זיין פֿריי!
דערוועק — דערוועק מיינע ליידענדע ברידער
פֿון דעם ביטערען שלאָף פֿון שקלאַפֿעריי!

פֿליה, פֿויגעלע, הויך! און מיט די פֿרייע פֿליגעל,
קלאַפּ אָן אין דעם פֿענסטער׳ל פֿון „דשוליעט",
וואו עס שמאַכטען מענשען אונטער שלאָס און ריגעל,
דערפֿאַר, ווייל זיי האָבען פֿאַר פֿרייהייט גערעדט!

גיב זיי אָב אַ גרוס פֿון אַן עלענדען זינגער,
וואָס דרינקט פֿון זיי אימער מיט טרערען און שמערץ—
פֿילייכט וועט זיי ווערען אַ ביסעלע גרינגער,
ווען זיי הערען אַ וואָרט פֿון אַ פֿרייען האַרץ!

# פֿון פינסטערניש.

וואָס ליאַרמט איהר, אָרטהאָדאָקסען?
ווילט איהר, אַז דאָס יודענטהום
זאָל נור בעשטעהן פֿון אָקסען,
ווי איהר, אונוויסענד און דום?!



איהר ווילט מיר זאָלען זיך בוקען,
צו אייער פֿינסטערען גאָט,
און בויגען דעם קאָפּ און רוקען
פֿאַר יעדען פֿרומען אידיאָט!

איהר ווילט מיר זאָלען אנטלויפֿען
ווי איהר פֿון ליכט און פֿערשטאַנד;
פֿאַר אַ סענט, לייב און זעעלע פֿערקייפֿען,
אַבי זיצען אין מזרח־וואַנד!

יעדע צייט האָט איהר נייע תורה—
אונזער תורה איז פֿרייהייט און רעכט:
און ביי אונז איז די גרעסטע עבירה
צו זיין אַ געהאָרכזאַמער קנעכט!

מיר האָבען אויך נייע פּראָפֿעטען—
בערנע, לאַסאַל, קאַרל מאַרקס;
זיי וועלען פֿון גלות אונז רעטען,
נים מים פֿאַסטען און הייליגען וואַקס!

זיי זאָגען: איזראַעליטען!
אייער ליידען וועט נעהמען אַן ענד,
ווען טיראַנען און יעזואיטען
וועלען פֿאַלען פֿון שקלאַפֿענהענר!

ווען פֿרייהייט וועט צוגיסען
איהר הייליגעם ליכט אומעטום,
נור דאַן וועט פֿון צרות זיין וויסען
דאָס ליידענדע יודענטהום!

ווי רופֿען אונז אין די רייהען
פֿון די אַלוועלטליכע קנעכט,
וואָס קעמפּפֿען די וועלט צו בעפֿרייען
און נעבען איהר מענשענרעכט!

וואָס ווילען, אַז אַלע נאַציאָנען
זאָלען איין פֿאַמיליע זיין;
לעבען אָהן קייטען, אָהן טראָהנען,
אין ליעבע, אין זונענשיין.

די מענשהייט זאָל נים וויסען
פֿון קיין אונטערשיעד;
א יעדער זאָל פֿרייהייט נעניסען
סיי הייד, סיי קריסט, סיי איד!

א יעדער זאָל מענשליך לעבען
און וויסען וואָס לעבען בעטייט!
און ווער ווי דער איד דאַרף שטרעבען
צו דיזער היילינער צייט!?

ווער האָט אַזוי בימער נעליטען,
ווי ער פֿון טיראַניי!?
פֿון די נעקרוינטע באַנדיטען
און פֿינסטערער שקלאַפֿעריי!?

נענונ זיך בוקען צו נעטער,
צו פֿאַפֿען, געלדזעק און טראָהן!
איד! דיין איינציגע רעטונג
איז די גרוסע רעוואָלוציאָן!



צו איהר, איזראַעליטען!
פאָרוועדטס, מיט האָפנונג און מוטה!
גענוג האָבען פאַראַזיטען
געטרונקען אייער בלוט!

יעדע צייט האָט איהר נייע תורה—
אונזער תורה איז פרייהייט און רעכט:
און, ברידער, די גרעסטע עבירה
איז צו זיין געהאָרכזאַמע קנעכט!

## צו די פילאזאפישע רעוואלוציאנערען.

—

גענוג שוין אייך שרייבען, גענוג שוין אייך דרוקען,
עס קריכט שוין פון האַלז אייער שוואַך,
דער פיינד זיצט גאַנץ רוהיג אויף אונזער רוקען
און הערט אייך אַזוי ווי די קאַץ!

איהר זאָגט, איהר זייט רעוואָלוציאָנערען
און ליגט געבונדען מיט פלאַקס;
דיינקט איהר פיליכט דאָס סיסטעם צושטערען
מיט ציטאַטען פון קאַרל מאַרקס!

מיט שימפּפערייען אויף אַנאַרכיסטען,
וואָס איהר האָט געלערנט געוויס
ביי שווינדלער, פּאָליטיקער, קאַפּיטאַליסטען,
וואָס טרעטען דאָס פאָלק מיט די פיס!

אָדער מיט דעם, וואָס איהר וועט דערהויבען
דעם שקלאַפענלוין אויף אַ סענט!
ווי לאַנג וועט איהר נאָך אין אַ חלום גלויבען
און האַלטען אין קעשענע די הענד!

אַ שטאַרקע קראַפט קען קיינמאָל בעזיעגען
אַ שטאַרקערע קראַפט, ניט וואַהר?
אָבער אַ מיגער זאָלען בייקומען פליגען—
אין דעם קען נור גלויבען אַ נאַר!

איהר מעגט זיין ווי רייך מיט פילאָזאָפיע,
מיט הויכע קלינגענדע ווערטער,—
דער פיינד וועט אייך פערניכטען ווי פיה
מיט זיינע קאַנאָנען און שווערטער!

שטעל זיך מיט מוטה אין קעמפּפענדע רייהען,
פערשקלאַפטער פּראָלעטאַריאַט!
ניט טויטע פראַזען, — דיך קען בעפרייען
אַ פרייע לעבענדיגע טהאַט!

ניט נור שאַרפע געדאַנקען, אויך שאַרפע שפיזען
פאָדערט דער קאַמפף פון אונז היינט;
ניט ווי פראַזעאָרען — ווי קעמפּפער, ווי ריזען
בעגעגענט אין שלאַכטפעלד דעם פיינד!

ווענדעט אַן אַלע קרעפֿטען אום נור צוברעכען
יעדע העסליכע שקלאַפֿענקייט;
מיט זיי פֿאַלט די מוטער פֿון אַלע פֿערברעכען—
דער שרעקליכער הונגער־נויט!

בלייבט אויף'ן שלאַכטפֿעלד ביז איהר וועט פֿערניכטען
דאָס סיסטעם פֿון „הערר און קנעכט"; —
נור דער ווער עס טהוט זיינע מענשען־פֿליכטען,
קען האָפֿען אויף מענשען־רעכט!

נור נים מיט פוסטען פֿילאָזאָפֿירען,
נים מיט ברודער־פֿרעסעריי
קען מען אויף'ן שלאַכט־פֿעלד פֿיהרען
דאָס פֿאָלק געגען טיראַניי!

קריכט ארויס פֿון זומפ, וואו עס ווערט פֿערפֿאַלען
דער ריינער געזונטער פֿערשטאַנד;
צו אַרבייט רופֿען די מאָרגען־שטראַהלען—
רייכט זיך ווי ברידער די האַנד!

נענוג מיט פערזענליכען שמוץ פֿערשוואַרצען
דער פֿרייהייטס הייליגע פֿאָהן!
מענשען, מענשען, האָט גאָט אין האַרצען!
הויבט אָן ווירקליך עטוואָס צו טהאָן!

## צוויי פאבעלס.

—

### 1.

### דער קינסטלער און דער עזעל.

א קינסטלער האָט געמאַכט אַ בילד,
אַ קאָמישע עזעל־פיגורע,
עפּעס אַ חיה, דום און ווילד;
האָט דאָרט דערקענט איהר צורה.

—סטייטש! דאָס בין איך דאָך מיט די ביינער!
—שרייט דער עזעל — דאָס איז מיין פּאָרטרעט!
דער קינסטלער לאַכט... —ווער ביזטו אזוינער?
—איך... אַן עזעל־פּאָעט!

II.

## דער עזעל און דער זונען־שטראהל.

אמאָל האָט צו אַן עזעל אין שטאַל
דורכגעדרונגען אַ זונען־שטראַהל;
עס האָט דעם עזעל שטאַרק פערדראָסען,
וואָס דער שטראַהל האָט איהם מיט זיין ליכט פערגאָסען.

דער עזעל איז בייז. ער וואַרפט מיט די פיס
און קלאַפט מיט די אויערען... ער הירזשעט אין שטאַל
און שפּרינגט אין דער הויך און וויל געבען אַ ביס
זיין בלוטיגען פיינד — דעם זונען־שטראַהל.

דער זונען־שטראַהל, קלאָהר ווי אַ ריינער שפּיעגעל,
קוקט אויף'ן עזעל און דיינקט ביי זיך:
עס איז גוט, וואָס אַן עזעל האָט ניט קיין פליגעל,
אַז ניט וואָלט ער פערשמירט מיט די לאַפּעס מיך!

# פאלשע דיכטער.

עס איז אַ יחוס צו זיין אַ פּאָעט,
דאָך עס עקעלט, ווען מיט אייך אויף איין ברעט
שטעהט אַ נפש מיט צוויי געזיכטער
און ערקלעהרט: ער איז אויך אַ דיכטער!

היינט פֿאַר אַ געבראָטענעם מיט קאַרטאָפֿעל
לעקט ער דעם רייכען לומפּס פּאַנטאָפֿעל;
מאָרגען פֿאַר אַ גילדען לאָהן
שרייט ער: „עס לעבע די פֿרייהייטס־פֿאָהן!"

דאָך וואָס געהט עס אָן דער וועלט,
וואו אַלץ פֿערקויפֿט זיך אָפֿען פֿאַר געלד,—
מעגסט זיין אַ נפש אָהן עהרע, פּרינציפּ,
אַבי נור עס גראַמט זיך, ביסטו אונז ליעב!

# צוויי מאַלער.

אַיין מאַלער האָט דעם „יאָמערטהאָל" בעשריבען
אונ האָט אַלס פאַרב בענוצט זיין בלוט אַליין;
מיט טרעהרען זיינען מענשען שטעהן געבליבען
פאַר זיין בילד, אַזוי היילינ־שעהן!

דעם צווייטען מאַלער האָט די זאַך פערדראָסען...
„וואַרט! איך ועל אייך ווייזען, וואָס הייסט גוט!"—
אונ האָט אַ גאַנצען עמער צוגאָסען
דאָרט, וואו מען דאַרף איין טראָפען האַרצענס־בלוט.

דאָס בילד איז פאַרטיג... עס עקעלט פראָסט צום שטאַרבען!—
עס האָט קיין בלוט, עס האָט קיין לעבענס־קראַפט;—
אַ גאַנצער עמער מיט געמאַכטע פאַרבען
קען ניט פערבייטען איין טראָפען האַרצענס־זאַפט!

# וואס זאגט איהר צו איהם.

„אַנאַרכיסטען, העצערס, שקצים!
זייער מאָסט איז אַ שפּיאָן!
מיינט איהר, אַז ער פּריידינגט אומזיסט
אַ בלוטיגע רעוואָלוציאָן?

„ער ווערט פון דער רעגירונג בעצאָהלט
פאַר זיין „פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט";
איהר גלויבט מיר ניט? איך שווער: ס'איז אמת,
ווי איך בין סאָציאַל־דעמאָקראַט!

„זייער קראָפּאָטקין קען ווייניגער
פון אַ רוסישען גימנאַזיסט!
איהר לאַכט מיך אויס? נו, זייט איהר אויך
אַ פערדאַמטער אַנאַרכיסט!

„פון אויפהעצער, פון באָמבען־וואַרפער
קען דען אַרויסקומען עפּעס גוטס?
אונזער קעסטעלע, אונזער נעסטעלע,
פערוואַרפען זיי מיט שמוץ!

„ווי שרייען, אַז פּאָליטיקע
איז שווינדעל — אַ טוכלע איי!
ווי פיעל שטימעלעך, ווי פיעל שעפּסעלעך,
האָבען מיר פערלוירען דורך זיי!

„די אַנאַרכיסטען... נור וואָס ריידען פון זיי!
וואו זיינען דען דאָ אַנאַרכיסטען?
אומעטום זיינען דאָ נור מיר:
פּאָליטישע טרייד־יוניאָניסטען!

„מיר האָבען גוט קאַרל מאַרקס אויסגע'חזר'ט,
געשטודירט דעם אַרבייטערס לאַגע;
צוזאַמען מיט ליעבקנעכט האָבען מיר אויסגע'חזר'ט
די סאָציאַלע פראַגע!

„מיר האַלטען איצט אין איין חזר'ן
די קלוגע פּאָליטיק;
ניט דינאַמיט — דאָס קעסטעלע
וועט אונז פיהרען צום זיעג!

„וויסענשאַפטליכע, פּראַקטישע קריכער
זיינען ביי אונז, ווי זאָגט דאָרט דער גוי:
(ענטשולדיגט מיר פאַר אַ פּאָניעם ווערטעל)
יאַ סאָמסקי! שאַפּקו דאָלוי!"

איך זעה שוין די צוקונפט די גאָלדענע,
וואו דער שטאַאַט וועט טראָגען די קרוין;
פּאָליציסטען סאָציאַליסטישע
וועלען אויף יעדען ווינקעל שטעהן.

פון פּרעזידענט, ביז׳ן וואָס זיצט אויף׳ן טראָהן,
ביז׳ן שעריף, וואָס פערציהט די שטריק...
אַלע וועלען זיין סאָציאַליסטישע...
וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ גליק?

נעזעץ און אָרדנונג הייליגע
װעלען מאַכען אונז אַלעמען גלאַט...
ברידער! אויף צום קעסטעלע—
וואָס פאַר מיר — איך בין קאַנדידאַט!

# אנארכיע!

אַ װעלט אָהן הערשער, אָהן קייטען, אָהן טרערען,
אַ װעלט פון ליעבע און האַרמאָניע,
וואו איינעמס גליק װעט דעם צווייטענס ניט שטערען—
דאָס איז אַנאַרכיע!

אַ װעלט, וואו קיינער וועט ניט רעגירען
איבער דעם אַנדערענס אַרביים און מיה,
פריי װעט זיין יעדעס האַרץ און געהירען—
דאָס איז אַנאַרכיע!

אַ װעלט, וואו פרייהייט וועט יעדען בעגליקען,
דעם שוואַכען און שטאַרקען, דעם „ער" און „זי",
וואו „דיינס" און „מיינס" וועט קיינעם ניט דריקען—
דאָס איז אַנאַרכיע!



אַ וועלט, וואו ליעבע וועט ניט ווייסען
פֿון שענדליכען האַנדעל, ניין, פֿריי וועט זי
אויף אַ ליעבענדער ברוסט איהר גליק געניסען—
דאָס איז אַנאַרכיע!

אַ וועלט, וואו קירכען און סינאַגאָגען
וועט מען פֿערוואַנדלען אין שטאַלען פֿאַר פֿיה;
יעדען גאַלגאַן און קערקער אויף שטיקלאַך צוטראָגען—
דאָס איז אַנאַרכיע!

אַ וועלט, וואו קרוינען און מאָרד-אינסטרומענטען,
וועלען אויף די חורבות פֿון מאָנאַרכיע
שטעהן אַלס בלוטיגע שאַנד-מאָנומענטען—
דאָס איז אַנאַרכיע!

אַ וועלט, וואו זונען-הויך וועט זיך ערהויבען
קונסט, וויסענשאַפֿט, אינדוסטריע;
אַ וועלט פֿון ווי סען — ניט פֿון גלויבען—
דאָס איז אַנאַרכיע!

געזעצע וועט זיין יעדעס מענשליכע וועזען
ווי די גאַנצע מענשהייט, הייליג ווי זי,
פֿרייהייט און ליעבע וועט אַלעס ערלעזען—
דאָס איז אַנאַרכיע!

# צום ארבייטער.

---

ווי שווער עס זאָלען ניט זיין די וועגען,
וואָס פֿיהרען צו פֿרייהייט, וואָס פֿיהרען צום זיעג,
שטרעננ אָן דיינע קרעפֿטען! אָהן מורא בעגעגנען
דעם שטורם און פֿייער פֿון ביטערען קריעג!

אויף דיר וועלען בילען נראָבע בולדאָגען,
דער שונא וועט קריצען אויף דיר מיט די ציין,
יעדער אויסוואורף וועט אַ האַס אויף דיר טראָגען,
יעדער הפֿקר־מ אויף דיר וואַרפֿען אַ שטיין!

מען וועט דיך פֿערלוימדען, דאָס בלוט פֿון דיר צאַפּען,
דער, פֿאַר וועמען דו קעמפֿסט, וועט דיך האַסען זאָגאַר,
די ביטערע נויט וועט אין טהיר צו דיר קלאַפּען,—
דאָך זיי אַ מענש אויך אין נויט און געפֿאַהר!

פֿערגעס ניט, ווי הייליג, ווי גרויס איז די זאַכע,
פֿאַר וועלכע דו קעמפֿסט! איהר הייליגער זיעג
וועט ברייננען פֿאַר אַלע עלענדע, שוואכע,
פֿאַר אַלע פֿערשקלאַפֿטע פֿרייהייט און גליק!

פֿערגעס ניט! און לאָז דיין שטימע צוקלינגען
איבער דער גאַנצער ליידענדער ערד,
און נור דער טויט אַליין זאָל דיך צווינגען
אוועקלייגען דיין פֿאָהן און דיין שווערד!

# ביי א טענעמענט הויז.

---

עס שטעהט אַ פֿרוי ביי אַ טענעמענט הויז,
זי וויינט און ברעכט די הענד;
דער רייכער לענדלאָרד וואַרפֿט זי אַרויס,
זי האָט ניט צו בעצאָהלען קיין רענט!

מען וואַרפֿט אַרויס איהר אָרעמעס גוטס,
זי שטעהט דערשלאָגען און בלאַס.
זי האָט קיין פֿריינד, זי האָט קיין שוץ,
איהר וואוינונג איז איצט די גאַס!

זי איז נאָך יונג, און דאָס עלענד, די נויטה,
ווער ווייסט צי וואָס וועט דאָס זי ברייננגען?!
פֿערקויפֿען די עהרע פֿאַר'ן שטיקעל ברויט,
טרינקען זיך, אָדער הייננגען?!

און וואַרום, וואַרום? איז אַרמוטה אַ זינד?
איז זי פֿון אַ שטיין געבאָרען?
האָט ניט די נאַטור פֿאַר איהר יעדען קינד
זונענשיין, לאַנד און קאָרן?

אויף דער נאַטור'ס גן עדן ווער האָט אַ רעכט
אויפֿצוהייננגען אַ שלאָס—
און זאָגען: איהר אַלע זייט בעטלער און קנעכט!
נור איך, נור איך בין באָס!

און פֿון וואַנען שטאַמט דער טיטעל „לאָרד"?
ניט פֿון אַ רויבער־באַנדע,
וואָס האָט איהר רייכטהום ערוואָרבען דורך מאָרד
און טויזענד־יאָהריגער שאַנדע?

און פֿון וואַנען שטאַמט די „הייליגע" רענט?
זעלטען יועמען עס וואונדערט,
דאָס דער שענדליכסטער רויב איז אַנערקענט
אלס אַ „רעכט" אין אונזער יאָהרהונדערט!

דאָך נאַרישער דיכטער, וואָס ביסטו אין כעס!
וואָס האָסטו אַזוינס געזעהן!
מען וואַרפֿט אַרויס אַ פֿרוי אויף'ן גאַס...
דאָס טהוט זעהר אָפֿט געשעהן!

מענשען געהען קאַלטבלוטיג פֿערביי...
מענשען... וואָס זאָג איך, אָ ניין!
ברואים! וואָס זיינען נור ווערט אַ שפּיי,
אָדער אַ גוטען שטיין!

געשענדעטע שוועסטער, פֿערהונגערטע ברידער—
מאָרד! וואָס געהט זיי אָן!
מיט לויבגעזאַנגען קניען זיי ניעדער
פֿאַר שווינדלער, געלדזעק, און טראָהן!

און ווען עס קומט אַ קעמפֿפֿער, אַ דיינקער
זיי וועקען פֿון שענדליכען שלאָף,
שלעפּען זיי איהם צום בלוטיגען הענקער
און שרייען: הייננט איהם אויף!



איך שטעה פֿערטראַכט ביים טענעמענט הויז,—
די עלענדע פֿרוי, זי וויינט...
די שמוציגע לויפֿערס לאַכען זי אויס,—
זיי זיינען דערצו שוין געוואוינט!

און דאַרט ניט וויט ראָלען קאַרעטען,
עס גלאַנצט דער רייכער פּאַלאַסט!
אַ פֿרייהייטס קאַמפף! ווען וועסטו אונז רעטען
פֿון דיזען שענדליכען קאָנטראַסט!

ווען קומט איהר, אַ הייליגע מינוטען!
ווען אויף יעדען שריט און טריט
וועט דאָס מענשליכע האַרץ ניט בלוטען,
ניט זינגען קיין טרערען־ליעד?!



## דער פּאל פֿון דער באַסטיליע.

---

הערט ווי עס דונערט, עס שטורמט און קראַכט—
דאָס פֿאַלט די באַסטיליע, די שרעקליכע מאַכט
פֿון פֿראַנקרייך׳ס געקרוינטע באַנדיטען.
דאָס פֿאַלט די באַסטיליע, די בלוטיגע ווענד,
וואו יעדער שטיין איז אַן עדות, אַ וועלט מאָנומענט
פֿאַר די, וואָס האָבען פֿאַר פֿרייהייט געליטען.

אין ווילדער פֿערצווייפֿלונג, אין בלוט און אין פֿלאַמען
שטעהען די ליידענדע שקלאַפֿען צוזאַמען—
די קינדער פֿון הונגער און נויטה.
זיי ברעכען דעם טראָהן פֿון די הערשענדע הײנקער
דעם פֿינסטערען קערקער פֿון מענשליכע דײנקער—
דעם גיהנום פֿון שרעקען און טויט.

עס האט שוין געשלאָגען די שטונדע פֿון ראַכע,
ווען שיואך זיינען די שטאַרקע און שטאַרק זיינען די שוואַכע
אין זייער גערעכטען צאָרן.
עס פֿאַלט די באַסטיליע, עס שטורמט און קראַכט:
דאָס פֿאָלק האָט ערקענט זיין געוואַלטיגע מאַכט.
טיראַנען איהר זייט איצט פֿערלאָרען!

איהר קענט מעהר נים שיסען אין פֿאָלק מיט קאַנאָנען,
און זיצען זיך רוהיג אין גאָלדענע טראָהנען,
און טרינקען דאָס בלוט פֿון דעם פֿאָלק.
איהר מוזט פֿון די רייכע פּאַלאַסטען אַנטלויפֿען;
פֿאַר נעלד וועט איהר איצט מעהר קיין שקלאַפֿען נים קויפֿען
שווינדלער האָבען דאָ מעהר קיין ערפֿאָלג!

עס ליגט אין רואינען דער פֿינסטערער טהורם—
און יעצט הויבט זיך אויף אַ געוואַלטיגער שטורם
אויף דער שוואַרצער באַסטיליע פֿון דער וועלט!
דאָרט, וויאו אַ ברודער ערמאָרדעט דעם צווייטען,
דריקט איהם, בערויבט איהם און שליכט איהם אין קייטען,
פֿערקויפֿט איהם פֿאַר לוקסוס און געלד.



און די היילינסטע פליכט פון מענשליכע פליכטען—
אָה, פאָלק! — איז צו ברעכען, פערברענען, פערניכטען
די שוואַרצע באַסטיליע פון דער ערד!
דערוועק דאָך דיין גייסט, דיין קראַפט, דיין צאָרן—
דער מענש איז פאַר ליעבע, פאַר פרייהייט געבאָרען—
פאַרוועררטס מיט פלאַם און מיט שווערד!

פאַרוועררטס אין קאַמפף, מיט געוואַלטיגען שטורם,
שטירצט די באַסטיליע פון פינסטערען טהורם,
לאָז פרייהייט בעלייכטען די ערד!



# מערץ בילדער.

---

פון שרעקליכען קאַמפף, פון בלוטיגען קריעג
איז רויט דער מאָנאַט מערץ.
א בלוטיגער פאַל, א בלוטיגער זיעג—
עס בלוטעט דאָס מענשליכע האַרץ.

פראַנקרייך! דו שעהנעס, דו פלאַמענדעס האַרץ
פון אַלע רעוואָלוציאָנען!
מיט דיין מוטה איז געקרוינט דער מאָנאַט מערץ—
עס הילכט מיט דיינע קאַנאָנען.

פאַרייזער קאָמונע! דיין געטליכעס בילד
רופט פאַר די טויטע נאָך ראַכע;
און זיינען די טיראַנען נאָך אַזוי ווילד,
דאָך לעבט דיין היילינגע זאַכע!

עס לעבט דיין פרייער, דיין היילינגער גייסט
פאַר נייע און בליהענדע דורות,
צושמעטערט די קערקערס, די קייטען צורייסט
און ברייגנט אונז דערקוויקענדע פירות.

און עס וועט נאָך קומען אַ געוואַלטיגער מערץ—
די מענשהייט קען איהם ניט פערמיידען,
ווען דאָס בעפרייטע, דאָס מענשליכע האַרץ
בעצאָהלט פאַר זיינע אייביגע ליידען.

עס פאַלען נאָך פיעלע, נאָך פיעלע קרבנות
אין קאַמפף פאַר פרייהייט און רעכט.
און אַזוי ווי דער הערשער האָט איצט קיין רחמנות,
וועט אויך עס ניט האָבען דער קנעכט!

דאָך וועט אַם ענדע גערעכטיגקייט זיעגען:
פערגעסען ווערט פולווער און בליי;
פערגעסען די בלוטיגע, שענדליכע קריעגען—
דער מענש וועט זיין מענשליך און פריי...

# דער 13־טער מערץ.

רוסלאַנד! אונגליקליכעס, פּינסטערעס לאַנד
  פון אייביגען טרויער און שמערץ!
דעם טיראַן האָט געשמירצט דיין מעכטיגע האַנד
  אין דעם רויטען מאָנאַט מערץ!

מיט אַ שענדליכען טויט איז געפאַלען דיין הייגקער,
  און די ירושה צום זוהן
איז מאָרד געווען פאַר קעמפּפער און דיינקער,
  פאַר אַלע שונאים פון בלוטיגען טהראָן.

רוסישע קעמפּפער פאַר ליעבע און פרייהייט!
  ווער האָט אין קאַמפּף פאַר זיין פאָלק
געצייגט אַזאַ אייזערנעם מוטה, אַזאַ טרייהייט,
  וועמען האָט מען אַזוי בייז פערפאָלגט!

זייער בלוט ווערט געטרונקען פון יעדען וואַמפּיר;
  מען פערשטיקט זייער וואָרט און געשריי
אין שוואַרצען קערקער, אין וויסטען סיביר,
  געמאַטערט, בעגראָבען אין שניי...

דאָך פרייהייט פערניכטען מיט דעם עשאַפאָט,
  איז, טיראַנען! אַ ביטערער טעות—
עס קלאַפּט שוין אין טהיר צום צאַר־אידיאָט
  דער בלוטיגער מלאך־המות!

און נים אייביג בלייבט רוסלאַנד אָהן פֿרייהייט און רעכט;
די מענשהייט וועט נאָך זעהען
ווי עס בעפֿרייט זיך דער רוסישער קנעכט
און די פֿרייע פֿאָהנען וועהען!

ברידער און שוועסטער! דעם ריכטערס פֿערלאַנגען
איז אַ שעהנער, אַ בליהענדער מערץ;
אָהן בלוטיגען קאַמפף, מיט די זיסע געזאַנגען,
וואָס דערפֿרעהען דאָס מענשליכע הארץ!

אַ בליהענדער מערץ מיט ליעבע און פֿריערען,
מיט בלומען און זונענשיין,
וואו אַלע מענשען גליקליך, צופֿריעדען
וועלען אַ פֿרייע פֿאַמיליע זיין...



## דער קומענדער שטורם.

---

איך בין אַ הייסער רעוואָלוציאָנער,
פֿערהאַסט איז מיר געלדזאַק און טראָהן;
דאָך בליצט אין מיינע אויגען אַ טרעהר,
ווען איך קלעהר פֿון רעוואָלוציאָן.



איך בעזינג זי ניט מיט טרומפייטען-קלאַנג,—
איך בעריייער מיט טרעהרען די צייט
אין וועלכער דער מענש, דער פערשקלאַפטער גענאַנק,
קען זיין דורכ'ן שווערד נור בעפרייט!

און ווען נור איך בלעטער די וועלט-געשיכטע
און טראַכט זיך אין איהר איין גוט,
זעה איך פון איהרע אמת'ע בעריכטען,—
יעדע פיצעלע פרייהייט קאָסט בלוט.

מיר זיינען אויף איין האָר ניט פאָרגעשריטען
אין פרייהייט און הומאַניטעט,
מיר האָבען נור שטאָהל אויף פולווער פערביטען
און שטריק — אויף עלעקטריציטעט!

מיר האָבען אויף יעדער זאַך א מאַשינע,
מיר טויטען מיט וויסענשאַפט;
די וועלט איז, ווי תמיד, א בלוטיגע ביהנע,
דער עהרליכער מענש איז אַ שקלאַף.

וואָס ווייסט ער פון ליעבע, וואָס ווייסט ער פון לעבען?
וואָס האָט ער פון דער נאַטור?
זי האָט איהם אַן איירעלעם הארץ געגעבען—
צו פיהלען די וועהטאָגען נור!

ווער וועט איהם העלפען? וואָס וועט איהם רעטען?
ווערטער? — עס הויבט זיך ניט אָן!
מאַכען פלאַץ פאַר דער פרייהייטס-געטין
קען נור די רעוואָלוציאָן!

פֿריינד! איך בעוויין איהרע יונגע אלמנות,
איהר רווישענדען, בלוטינגען מעער;
ווער ס'פֿערמאָגט נור אַ פֿונק פֿון רחמנות
קען נישט דיינקען פֿון איהר אָהן אַ טרעהר.

דאָך דער שטורם טוז קומען — עס העלפֿען קיין טרערען!
איהם פֿערהאַלטען האָט קיינער קיין מאַכט!
ער וועט מיט זיין אייזערנער קראַפֿט צושטערען
די, וואָס האָבען אויף דער וועלט איהם געבראַכט.

דאָס זיינען די, וועלכע עס האָבען געשטיקט אונז,
גערויבט אונזער פֿרייהייט און ברויט,
געזעצט אונז אין תפיסות, געפייניגט, געדריקט אונז,
געשמידט אונז אין אייזען און קייט.

ער וועט צושטערען טיראַנען און טראָהנען
און אויף די רואינען פֿון שאַנד,
פֿון קייטען, פֿון טורמעס, פֿון מאָרד־קאַנאָנען
וועלען מיר בויען אַ פֿרייעס לאַנד!

אַ רייכען גן־עדן, אַ הייליגען טעמפעל
פֿון ליעבע, פֿון פֿרייהייט, פֿון גליק,
וואו אויף אַלעם וועט ליגען דער גייסטיגער שטעמפעל
פֿון וואָרהייט'ס אייביגען זיעג!



# דער 11־טער נאוועמבער.

עס פּלאַטערען ווידער די בלוט־רויטע פאָהנען!
עס קלינגט דער פרייהייטס הייליגע שטים!
נאָך אַמאָל וועט מען דעם פאָלק דערמאָנען
די קעמפפער, וואָס לעבען און שטאַרבען פאַר איהם!

אין דער וועלט־געשיכטע וועלען מיר ווידער
אויפמישען דאָס מאַרטירער-בלאַט,
וואָס איז פריש נאָך מיט בלוט פון אונזערע ברידער,
ערמאָרדעט פון געלדזאַק, קירכע און שטאַאַט!

פינף גייסטער פערבלוטיגטע וועלען שוועבען
אויף דער פאָלקס-טריבונע צווישען ליידענדע קנעכט;
און וועלען אונז מוטה אונבעזיגבאַרען געבען
צו לעבען און שטאַרבען פאַר פרייהייט און רעכט!

זיי וועלען עראינערען אונז די צואה,
וואָס זיי האָבען דעם אַרבייטער פאָלק געלאָזט:
„קעמפף פאַר דיין פרייהייט! קיין ישום חיה רעה
דאַרף דיך נים פערטרייבען פון הייליגען פאָסט!"

„נים שרעקט זיך פאַר הייזקער מיט זייער תליה!
קעמפפט און קלינגט אין פרייהייטס־גלאָק!
און זייט די אַל־וועלטליכע שקלאַפען מודיע,
אַז עס געהט אויף שוין דער בעפרייאונגס־טאָג!"

און אויףביידע ברעגען פֿון גרויסען אַטלאַנט
ווערען די שקלאַפֿען פֿון אַלע נאַציאָנען
זיך רייכען פֿריינדליך די ברודער־האַנד
און שווערען צו פֿערניכטען קייטען און טראָהנען...



## שפאניען.

שפּאַניען! דו צופֿוילטער טראָהן
פֿון דער בלוטיגער אינקוויזיציאָן!
דיין פֿאָלק איז פֿערשקלאַפֿט, בערויבט און געטראָטען,
און יועץ עס דערהויבט זיין טרערען־שטים,
ווילסטו מיט מאָרד, מיט בלוט, עשאַפֿאָטען,
דערשטיקען איהם?!

דומע טיראַנען! די אינקוויזיציאָן
מיט איהר נאַראָטען און פֿינסטערען טורם
ווערען ניט טויטען די רעוואָלוציאָן,—
איהר זייט די וואָלקענס, זי איז דער שטורם!

זי קומט, די טאָכטער פֿון ראַכע און צאָרן,
עס האָבען די טרערען פֿון פֿאָלק זי געבאָרען,
און דעם אַרבייטער'ס ברענענדע וואונדען
איהר רויטען פֿאַקעל אָנגעצונדען!



זי קומט! און וועה צו אייך, דעספאָטען!
איהר האָט דאָס פאָלק געטריבעט און געטראָטען,
איהר האָט מיט מאָרד, מיט תפיסות, גאַראָטען,
דערשטיקען געוואָלט דעם פרייען גייסט! —
ווען דער שקלאַף זיינע קייטען צוררייסט,
צוברעכט ער אויך אייערע טראָהנען!
איהר מאַכער פון אינקוויזיציאָנען!
שטויב וועט פון אייך ווערען, דאָך וועט'ן אייך דערמאָנען,
דערמאָנען אַלס מערדער, אַלס בלוטיגע היינקער,
וואָס האָבען געשטיקט יעדען עהרליכען דיינקער,
יעדען פריינד פון פרייהייט, ווי טיגערס פערפאָלגט,
ווייל ער האָט געליעבט דאָס ליידענדע פאָלק!
דאָך די, וועלכע איהר האָט געשטיקט און געוואָרגען,
זיי וועלען ווי אַ ליכטיגער מאָרגען
שיינען אין דער קומענדער צייט,
ווען אַלעס און יעדער וועט זיין בעפרייט!

* * *

פאָרווערטס, איהר קעמפפער פאַר אַנאַרכיע!
ווי שעהן, ווי גרויס, ווי הייליג איז זי,
די געטין פון פרייהייט! עס האָט ניט קיין שיעור,
ווי זיס איז צו לעבען און שטאַרבען פאַר איהר!



## שרעקליכע געסט.

עס איז שפּעט אין דער נאַכט, כ'האָב מיין ספר פערמאַכט
אונן זיץ פערטראַכט ביי דעם פענסטער;
אַ שרעקליכער חושך; קיין לבנה, קיין שטערען...
פּלוצלינג זעה איך, ווי ווייסע געשפּענסטער

קומען גאַנץ שטיל אין מיין צימער אַריין
און זעצען זיך שווייגענד אַנידער;—
עס האָט מיך בענאָסען אַ קאַלטער שוויים,
צוציטערט אין מיר אַלע גליעדער.

געבליצט האָבען זייערע אויגען, אַזוי ווי
עס וואָלט דאָרט אַ פייער געברענט;
עס האָבען פערבלוטיגטע קייטען געהאַנגען
אויף זיי'רע פערוואונדעטע הענד.

איך האָב מיט טרערען און מורא געלייענט
אויף יעדען'ס בלאַסען געזיכט:
„מיר ווערען געשענדעט! מיר ווערען געמאָרדעט
פאַר ליעבע צו פרייהייט און ליכט!"

„ווילדע פערצווייפלונג! הייליגע ליעבע!
שטערצען אָהן אַ צאָהל!"—
עס האָט זיך, ווי פון אַ טיעפען קבר
געהערט זייער ריהרענדער קול:—

„ברודער! צי האָסטו אונז גאָרניט דערקענט?
מיר זיינען געקומען צו דיר
פֿון דיין פֿערשקלאַפֿטער, פֿערבלוטיגטער היימאַטה,
פֿון רוסלאַנד, פֿון וויסטען סיביר!

„דאָס אייז און דער שנעע פֿון סיביר ווערט צוגאַנגען
פֿון אונזערע טרערען און בלוט;
דאָך לייפֿען מיר ניט פֿון דעם בלוטיגען שלאַכטפֿעלד
און קעמפּפֿען מיט גלויבען און מוטה!

„מיר ווערען געשענדעט, מיר ווערען געמאָרדעט,
ווי חיות ווי ווילדע פֿערפֿאָלגט;
און אַלץ נור דערפֿאַר, ווייל מיר פֿאָדערען פֿרייהייט
און ליכט פֿאַר דעם ליידענדען פֿאָלק.

„מען שמידט אונז אין קייטען, אין פֿינסטערע תפיסות
בעגראָבט מען אונז לעבעדיגערהייט;
זעלבסטמאָרד איז דאָרט אונזער איינציגע רעטונג,
דאָך רייבט מען פֿון אונז אויך דעם טויט.

„פּערלען און בלומען פֿון דער דיינקענדער מענשהייט,
עדעלקייט, בילדונג, טאַלאַנט,
וואָס אין לענדער אין פֿרייע בעדעקט מען מיט קראַנצען,
ווערען בעדעקט דאָ מיט שאַנד!

„אָה, מענשען! זיינען מיר דען אַלע ניט ברידער?
איז די גאַנצע וועלט ניט איין לאַנד?
קען דען אַ מענש פֿון אַ מענשען צושיידען
דעם היינקער'ס בלוטיגע האַנד?!

„אָה, ניין! — הויבט אויף אַלע איין מעכטיגע שטימע!
פֿון אמת דאָס פֿלאַמענדע וואָרט!
מוטהיג קעמפֿט מיט ווערטער און טהאַטען
נעגען שרעקליכען ברודער־מאָרד!

„דאָס בלוט פֿון אייערע שוועסטער און ברידער,
אין זייער פֿערצווייפֿלונגס־געשריי,
רופֿט אייך: „צום קאַמפף! צו גערעכטיגער ראַכע!" —
ברידער! פֿערגעסט ניט אָן זיי!

„דיינקט אָן די רוסישע יונגע מאַרטירער,
וואָס בלוטען מיט טויזענדע וואונדען!—"
..............................................................
קלינגענד מיט די קייטען זיינען די געשפענסטער
אין שוואַרצען נאַכט־חשך פֿערשוואונדען.

# סאפיא פעראווסקאיא.

(געווידמעט מיין שוועסטער שרה עדעלשטאדט.)

דאָס איז געווען אַ פרוי! זעלטען זיינען פרויען
אַזוי בראַוו און נאָבעל, אַזוי גייסטיג וואונדערשעהן.
זי איז געווען בערופען דעם פרייהייטס־טעמפעל בויען
און מיט איהר בלוט האָט זי געפאַרבט זיין שטיין!

דאָס איז געווען אַ פרוי! דרייסטער פון אַ מאַן
האָט זי געקעמפפט פאַר פרייהייט און פאַר רעכט!
זי האָט געהאַמערט דעם זאַרג פאַר'ן טיראַן
און האָט געריסען די קייטען פון די קנעכט!

איהר פאָטער האָט זיין שעהנעם קינד ערצויגען
צווישען רייכטהום, בלומען און מוזיק;
איהר יוגענד, ווי אַ העלער רעגענבויגען,
האָט געשיינט מיט ליעבע און מיט גליק.

עס פלעגען שטונדען, ווי זיסע שטראָמען, פליסען
אין פרייד, אויף בעלער, ביז אַ נייער טאָג
האָט זי ערוועקט פון איהר טרוים דעם זיסען,
ווי דער קלאַנג פון אַ שטורם־גלאָק!

זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און מיט ווילדען צאָרען
אַראָבגעריסען פֿון קאָפּ איהר בלומענקרוין;
טרייהייט האָט זי דעם אָרעמען פֿאָלק געשוואָרען;
קעמפּפֿען, לעבען, נור פֿאַר איהם אַליין!

זי האָט פֿערלאָזען די וועלט פֿון רייכע ־־אַפֿען,
אין פּראָסטע לאַפּטשעס און אַ סאַראַפֿאַן
איז זי אַוועק צו אונטערדריקטע שקלאַפֿען
פּריידיגען האַס צו יעדען טיראַן.

זי איז אַוועק צו די, וואָס אַק'רען, זעען, שניידען
פֿאַר אונז דאָס ברויט מיט זייער שוויים און בלוט
און אַליין נור קעלט און הונגער ליידען
און שטעהען פֿאַר זייער רויבער אָהן אַ הוט.

צו זיי האָט זי געבראַכט די פֿרייהייטס־לעהרע
און האָט מיט טרערען דערלאַנגט דעם פֿאָלק איהר האַנד.
זי האָט אין איהם געוועקט זיין מענשען־עהרע,
גערופֿען איהם צום קאַמפּף, צום ווידערשטאַנד!

אַוועק זיינען יאָהרען און זי האָט פֿערשטאַנען
אַז דאָס וואָרט איז שוואַך, עס האָט קיין ווערטה
אין דעם קאַמפּף מיט הערצלאָזע טיראַנען;
און זי נעהמט אין האַנד די פֿרייהייטס־שווערד!

זי קעמפּפֿט און גראָבט אַ טיעפֿען שוואַרצען קבר
פֿאַר דעם טיראַן אין גאָלדענעם פּאַלאַסט.—
ווער האָט, ווי זי, די טיראַניי געהאַסט
מיט יעדען טראָפּען בלוט, מיט יעדען אבר?
..................................................



און צום סוף איז דער ראַבע־טאָג געקומען,
פּעראַיזסקאַיאַ הויבט אויף איהר ווייסע טוך...
אַ באָמבע דונערט... און אין בלוט פֿערשוואומען,
שטירצט דער טיראַן, פֿאַלט מיט אַ ווילדען פֿלוך!

..........................................................................

ס'האָבען זי דערוואָרגען די געקרוינטע הײנקער,
דאָך לעבט איהר גייסט און ווירקט נאָך איצט,
פֿון הערצער איידעלע און פֿון פֿרייע דיינקער
געליעבט, געאַכטעט, בעוואונדערט און געשעצט.

זי שוועבט פֿאַר מיר, די געטין וואונדערשעהנע!
בעצויבערענד, ענטשלאָסען, מילד און דרייסט,
און זי דערפֿילט מיין האַרץ מיט פערעל ריינע,
און בעפֿליגעלט מיין פֿערשקלאַפּטען גייסט!

איך הער איהר שטימע: „עס שרעקט מיך ניט דאָס הייגנען
ליעבע מוטער! מיט מיין טויט אַצינד
וועל איך מעהר דער פֿרייהייט נוצען בריינגען,
ווי מיט מיין לעבען! פֿערגיב דיין אָרעמען קינד!"

אָה, זיסע ווערטער! אָה, הייליגעס געזיכט!
לאָז יעדער מענש דיך אין זיין האַרץ פֿערשליסען
און, ווי די פֿריהלינגס־זונן, וועסט דו זיין וועג בעגיסען
מיט בלומענדופֿט און וואונדערבאַרען ליכט!



# לואיזע מישעל.

צוּואָרפֿען די גלענצענדע לאָקען,
מיט מעכטיגען שווערד אין דער האַנד,
האָט זי געקעמפּפֿט אונערשראָקען
נעגען דער שקלאַפֿענשאַנד!

מיט אַ מוטה אַ וואונדערבאַרען,
האָט זי געבויט באַריקאַדען
און האָט די ביקסען געלאָדען
פֿאַר די קעמפּפֿענדע קאַמונאַרען.

צווישען דונערנדע קאַנאָנען,
אין פֿייער פֿון פּולווער און בליי,
האָט זי געשטורמט די טראָהנען
פֿון דער הערשענדער טיראַניי!

פֿון דער בלוטיגער שלאַכטפֿעלד־טריבונע
מיט דעם שטאָלצען פֿאָלק פֿון פּאַריז
האָט זי פּראָקלאַמירט די קאָמונע,
דעם פֿרייהייטס־פּאַראַדיז!

דאָך נים לאַנג האָבען רויטע פֿאָהנען
געפֿלאַטערט אין פֿרייען פּאַריז;
דער פֿיינד איז מיט מאָרד־קאַנאָנען
בעפֿאַלען דעם טרוימענדען ריעז!

עס פֿאַלט די קאָמונע... זי בלוטיגט;
דאָך ווייט איז דער פֿיינד פֿון ערפֿאָלג;
דער פֿרייהייטס-גייסט האָט זיך מוטהיג
דערהויבען צום ליידענדען פֿאָלק; —

און טויזענדע בראַווע קאַמעראַדען,
וואָס זיינען געוואָרען געשטירצט
אין קאַמפּף און די באַריקאַדען
מיט הייליגען בלוט בעשפּריצט,

לעבען נאָך איצט — און „נאָך ראַכע!"
רופֿט זייער שטימע מיט מאַכט;
זי רופֿט פֿאַר דער הייליגער זאַכע
צום לעצטען, צום בלוטיגען שלאַכט!

לואיזע מישעל איז געבליבען
צו קעמפֿפֿען פֿאַר פֿרייהייט און רעכט,
צו האַסען טיראַנען און ליעבען
די עלענדע ליידענדע קנעכט.

זי פֿריידיגט אונערשראָקען:
„פֿרייהייט, גלייכהייט און ליכט"
און ציהט די אַלאַרם-גלאָקען
און וועקט אונז צו טהאָן אונזער פֿליכט!

פֿון דער הייליגער פֿאָלקס-טריבונע,
פֿון ווילדע טיראַנען פֿערפֿאָלגט,
שרייט זי: „עס לעבע די קאָמונע!
עס לעבע דאָס ארבייטער-פֿאָלק!"

# דזשאן בראון.

גע

קרוינט מיט בלומען איז וואַשינגטאָן,
דער פּאַטריאָטישער זעלנער,
און דער פֿרייהייטס־קעמפּפער דזשאָן בראון?—
ער בלוטעט אין ניפּטיגע דערנער!

דער גאַלגאַן איז די קרוין פֿון דעם העלד
פֿון אַמעריקאַנער געשיכטע;
ער האָט געזועטס אויף'ן גייסטיגען פֿעלד
דער פֿרייהייט'ס הייליגע פֿריכטע.

עס האָט געברענט אין זיין ליעבענדען הארצען
דער האס צו שקלאַפֿען־שאַנד;
ער האָט דער ערשטער דעם קנעכט דעם שווארצען
דערלאַנגט זיין ברודער־האַנד.

ער האָט מיט זיין פֿלאַמענדער שטימע פֿערקינדיגט,
אַז יעדער מענש מוז זיין פֿריי;
ער האָט מיט זיין ליעבע צו פֿרייהייט געזינדיגט
נעגען דער טיראַניי.

מען האָט איהם געפֿאַנגען, מען האָט איהם דערוואָרגען;
דאָך באַלד נאָך זיין העלדישען טויט
איז אויפֿגעגאַנגען דער גאָלדענער מאָרגען,—
געפֿאַלען דעם ניגערס קייט.

פֿאַרביי זיינען יאָהרען... מען האָט ער־פֿונדען
א נייע שקלאַפֿען־נעץ,
און איצט זיינען מיר אַלע געבונדען
פֿון אָרדנונג און געזעץ...

צוזאַמען מיט אונזער ברודער דעם שוואַרצען
זיינען מיר פֿערקויפֿטע קנעכט;
דאָך לעבט רשאָן בראון אין אונזער האַרצען,—
דער גייסט פֿון פֿרייהייט און רעכט!

ער איז דעם קעמפֿענדען אַרבייטער ליעב
אַלס אַ וואהרער אַמעריקאַנער,
וואָס האָט געקעמפֿט פֿאַר זיין פֿרייהייטס פרינציפּ,
געשטאָרבען אין האַנד מיט זיין באַנער!

ער האָט אונז געציינט, אַז פֿאַלען און שטאַרבען
מוז די שקלאַפֿעריי,
אַז פֿעלקער פֿון אַלע ראַסען און פֿאַרבען
מוזען און וועלען זיין פֿריי!

# אלבערט פארסאנס.

„לאָז די שטימע פון פאָלק געהערט ווערען!"
(אַ. פּאַרסאָנס.)

ער איז ווי אַ מעכטיגער אייכענבוים
געשטאַנען אין שטורם־ווינד!
די פאָלקס־טריבונע איז געווען זיין היים,
דאָס פאָלק — זיין ליעבלינג, זיין קינד!

קיינער האָט, ווי ער, ניט פערשטאַנען
אַזוי גוט דעם גייסט פון פאָלק,
קיינעם האָבען ניטווילדע טיראַנען
אַזוי אונערבאַרמליך פערפאָלגט.

ער האָט צום פאָלק אין זיין שפּראַך גערעדט,
בענוצט פאַר איהם פערשטענדיגע וואַפען;
ער איז געווען אַ קעמפּפער, אַ פרייהייטס פראָפעט
פון די ווייסע און שוואַרצע שקלאַפען!

ער האָט די שקלאַפען־וועלט בעריידט
און מיט טרערען בענעצט איהרע קייטען!
איבעראַל פלענט זיין פרייער גייסט
די שמאָלצע פליענעל פערשפּרייטען!—

צווישען שטיינברעכער, שמידען און וועבער,
אין יעדער שקלאַפען־געצעלט ;—
ער האָט אין די מינען פון קוילענגרעבער
זיין פרייע טריבונע געשטעלט!

אונטערן אָפענעם הימעל, אין רעגען און פרעסט
האָט ער די פרייהייט געפריידיגט!
און מיט זיין דונערנדען פראָטעסט
די ליידענדע שקלאַפען פערטהיידיגט!

ער איז געווען מאַראַט אין די פלאַמענדע רעדעס,
און ספּאַרטאַקוס אין ווידערשטאַנד!
אַ מאַן פון פאָלק, אַ שטענדיגער עדות
פון'ם אַרבייטערס טרערען און שאַנד!

פאַר זיין גייסטיגען אויג האָט תמיד געשוועבט
די גרויסע רעוואָלוציאָן ;
ער האָט מיט איהר געאָטהעמט, געלעבט,
מיט זיין בלוט געפאַרבט איהר פאָהן!

ער האָט אין דעם קלאַנג פון קייטען געהערט
דעם קרעכץ פון פערוואונדעטער פרייהייט,
צובלוטיגט פון דעם שונא'ס שווערד,
געשענדעט פון מענשליכער נאַרהייט!

זיין האַרץ איז געווען אַן אָפען הייליג בוך
פון אַן ערנסטען קעמפפער און דיינקער—
ווי ביטער, ווי גרוייזאַם דאַרף זיין אונזער פלוך
צו זיינע פערפאָלגער און הייִנקער!



פֿאָלק! ער האָט דיך געליעבט אָהן אַ שיעור,
מעהר ווי זיך, ווי זיין פֿרוי און קינד!
ער האָט געלעבט און געשטאַרבען פֿאַר דיך—
ענדיג זיין אַרבייט אַצינד!—

## לואיס לינג.

ער שטעהט פֿאַר מיר אין אַ שטראָם פֿון ליכט
אויף דער וועלט'ס פֿערבלוטיגטער ביהנע;
עס רוהט אויף זיין וואונדער־שעהנעם געזיכט
דער פֿרייהייט'ס הייליגע שכינה.

יונג און קרעפֿטיג, אין שוואַרצע לאָקען,
מיט אַ שאַרפֿען אָדלער־בליק;
ווי ב ר ו ט ו ס שטאָלץ און אונערשראָקען
איז ער געווען אין פֿרייהייטס־קריעג!

אין קאַמפף — אַ לייב; אין זיין העלדען-ברוסט
האָט אַ בלומען־האַרץ געשלאָגען,
וואָס האָט מיט דער הייליגסטער ליעבע געוואוסט
צו ליעבען אַלץ, וואָס איז שעהן און ערהאַבען!



ווי מעכטיג האָט געדונערט זיין שטימע,
  געבראַנדמאַרקט דעם פֿאַלשען געריכט!
וואָס פֿאַר וואַהרהייטען ביטערע, שלימע,
  געשליידערט דעם פֿיינד אין געזיכט!—

„טיראַנען! איך האַס אייך מיט אייער געזעץ,
  מיט די פֿינסטערע סטאַטוטען!
וואָס פֿאַנגען דאָס אָרעמע פֿאָלק אין נעץ
  און צווינגען איהם ליידען און בלוטען!

„איך זאָג אייך אָפֿען: איך גלויב אין קראַפֿט,
  אין קראַפֿט פֿון די אַרבייטער־רייהען!
געוואַלד האָט אונזער וועלט פֿערשקלאַפֿט
  און געוואַלד וועט זי בעפֿרייען!

„אויף אייערע בלוטיגע מאָרד־קאַנאָנען
  וועלען מיר ענטפֿערן מיט דינאַמיט!
מיר וועלען פֿערניכטען די קייטען און טראָהנען
  מיט אונזער גיגאַנטישען שריט!

„איהר לאַכט — איהר דיינקט: „וואָרט, ברודער, וואַרט,
  מיר וועלען דיין שטימע דערשטיקען, צושטערען,"
מערדער! דערשטיקט מיך! אַ צווייטער וועט באַלד
  אויף מיין הייליגען פּאָסטען זיך שטעלען!

„און וועט פֿאָרטזעצען אונזער הייליגע זאַכע
  מיט מעהר פֿייער און אייזערנעם מוטה!
טיראַנען! ער וועט פֿון אייך נעהמען ראַכע
  פֿאַר אונזער אונשולדיגעס בלוט!

„איך פֿערהאַס אייער מערדערישען פֿערזוך
דערשטיקען די פֿרייע דיינקער!
איך האַס אייך, איך שיק אייך אַ דרייפֿאַכען פֿלוך!
הייננט מיך דערפֿאַר, איהר הייגקער!..."

..........................................................

..........................................................

צי איהם האָבען ערמאָרדעט די אונטערדריקער,
אָדער ער אַליין מיט זיין פֿרייער האַנד
האָט צושמעטערט זיין שטאָלצען קאָפּ אויף שטיקער—
דאָס איז אונז אונבעקאַנט.—

נור לינג איז נים טויט... אויף די קאַמפּף-באַריקאַדען
שוועבט נאָך זיין גייסט! און איהר הערט,
ווי ער שרייט צו אונז: „פֿאָרווערטס, קאַמעראַדען!
פֿאָרווערטס מיט פּאַנצער און שווערד!

„אונזער רויטע פֿאָהן מוז ווערען נאָך רויטער
אין דעם לעצטען פֿרייהייטס-קריעג!
די קבֿרים פֿון קעמפּפֿער זיינען הייליגע לייטער,
וואָס פֿיהרען צו פֿרייהייט און גליק!"

אַזוי זאָגט אונז לינג. זיין שטימע דונערט
און וועקט אונז צו אונזער פּפֿליכט!
און די זון פֿון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט
שיינט אויף זיין שטאָלצען געזיכט...

# אויגוסט שפּיעז.

רוהיג און שטאָלץ, ווי דער גרויסער סאָקראַט,
איז ער אויף דעם גאַלגאַן געשטאַנען;
זיין יעדעס וואָרט איז געווען אַ טהאַט,
אַ טויטשלאַג פאַר ווילדע טיראַנען!

ועלטען האָט זיך העלדישער, העכער,
דערהויבען אַ מענשליכער גייסט!
בלאָס זיינען געוואָרען די היינקער־פערברעכער;
ער — אונערשראָקען און דרייסט!

פון שרעקליכען גאַלגאַן, ווי פון אַ טריבונע,
ווי אַ בעגייסטערטער פּראָפעט,
האָט ער מיט דעם פייער פון דער שטאָלצער קאָמונע
צו זיינע מערדער גערעדט:

„עס וועט קומען אַ צייט, ווען פון אונזערע זאַרגען
וועט זיך ערהויבען אַ מעכטיגער קול,
שטאַרקער פון דעם, וואָס איהר ווילט איצט דערוואַרגען,
מעכטיגער, שלאַגענדער טויזענדער מאָל!"

דאָס זיינען די לעצטע ווערטער פון שפּיעז...
היינקער, וואָס האָט איהר דערפון?
האָט איהר פערניכטעט דעם גייסטיגען ריעז?
האָט איהר פערלאָשען די זונן?

אָה, ניין! מאַרטירער לעבען. — און דער זינגער
פיהלט איצט זיין פרייערס געמיטהה:
ער בעריהרט איצט זיין האַרפע מיט היילינע פינגער,
ער זינגט מיר דאָס היילינע ליעד!

און איך זעה: די זונן ברעכט דורך די טומאַנען,
די פינסטערניש זינקט צום גרונד,—
דער שקלאַף וואַכט אויף! ציטערט, טיראַנען!
עס שלאָגט אייער לעצטע שטונד!

עס קומט דער פרייער, דער ליכטיגער מאָרגען,
ווען עס וועט זיך ערהויבען אַ מעכטיגער קול—
שטאַרקער פון דעם, וואָס איהר האָט איצט דערוואָרגען,
מעכטינער, שלאַגענדער טויזענדער מאָהל!...



## צום אנדיינקען פון ניקאליי וו. שעלגונאוו.

פינסטער איז רוסלאַנד, ווילד איז איהר היינקער,
דאָך זיס איז דאָס פרייע, רוסישע וואָרט;
אַ בילד פון אַ רוסישען קעמפפער און דיינקער
פערנעהמט אין מיין האַרצען דעם היילינסטען אָרט.



שעלגונאָװ! אָה, װאָס פֿאַר אַ טרייער
אַפּאָסטעל פֿון פֿרייהיים, פֿון מענשענרעכט!
מיט װאָס פֿאַר אַ ליעבע, מיט װאָס פֿאַר אַ פֿייער
האָט ער פֿערטהיידיגט די אָרעמע קנעכט!

ער האָט מיט זיין קריטישען מעסער געשניטען
יעדען שװינדלער און רויבער מיט ברענענדען װאוטה;
און װאָס דאָס ליידענדע פֿאָלק האָט געליטען
האָט ער פֿערצייכענט מיט טרערען און בלוט.

ער איז געשטאָרבען. דאָך ברענט און פֿלאַקערט
זיין פֿאַקעל אין רוסישען שטורמװינד.—
װאָס שעלגונאָװ האָט געזעעט און געאַקערט,
בליהט אין דער רוסישער יוגענד אַצינד!

עס בליהט און עס שפּריצט מיט גליהענדען פֿייער,
און יעטװעדער פֿונק פֿון׳ם הייליגען פֿלאַם
בעשאַפֿט פֿאַר רוסלאַנד אַ נייעם בעפֿרייער,
פֿאַר װילדע טיראַנען — אַ גיפֿטיגען סם.



# צום אנדיינקען פון ק. גאללאפ.

מיר האָבען זיך קיינמאָל פערזענליך געקענט,
דאָך האָב איך געשפירט אין זיין וואָרט און זיין לעהרע,
אַ הייליגען פייער, וואָס העל האָט געברענט
מיט האַס און מיט ליעבע, מיט שמאָלץ און מיט עהרע.

ער איז ניט געוועזען קיין „מגיד", קיין „שרייער",
ער האָט ניט געפּעדעלט מיט זיין אידעאַל;
געוועזען פאַר'ן פאָלק אַן אַרבייטער טרייער,
אין דער שקלאַפען־נאַכט — אַ פערוואָרפענער שטראַהל!

אַ הייליגטהום געווען איז פאַר איהם די אידעע,
ער האָט ביז זיין לעצטען אויגענבליק
איהר טראָהן ניט בעשמוצט מיט אַ „גראָבער מטבעה",
איהר פאָהן ניט בעשמוצט מיט פּאָליטיק!

ווי אַ בלום, וואָס האָט נאָך ניט צולאָזען
די יונגע קנאָספען, די ראָזאָווע קווייטען,
האָט ער די ליידענדע וועלט פערלאָזען
רייך — מיט שמערצען, אָרעם — מיט פריידען.

קיין מאָנומענט וועט זיין קבר ניט קרוינען,—
דאָך אויףביידע ברעגען פון אָקעאַן
וועט איהם מיט הייליגע טרערען בעוויינען
דער שקלאַף, דער אידישער אַרבייטס־מאַן!

## צום „משוגענעם פילאזאף".

איך בין פערליעבט אין זיינע צייל ען,
אין זיי לעז איך מיין אייגענעם שמערץ;
איך קען מיט זיי מיינע וואונדען היילען,
טרייסטען מיין ליידענדעם האַרץ.

איך זעה אין זיי, ווי אין אַ שפיגעל
מיין לעבענס־יאַמערטהאַל;
איך זעה דאָרט מיין גייסט מיט פערוואונדעטע פליגעל,
ווי ער רייסט זיך צום זונען־שטראַהל!

איך זעה, ווי עס צאַפּלען זיך דאָרטען געדאַנקען,
ריזעלבע, וואָס ליגען האַלב־טויט
אין מיין אָרעמען האַרצען, צובראָכענעם, קראַנקען,
פון אייבינע ליידען און נויטה.

אַז זיי קומען צו איהם, דאָס קען איך ניט זאָגען,
דאָך זיי ויינען מיינע, איך שווער!
פיל לייכט האָט צו איהם זיי דער שטורם פערטראָגען,
די וועלען פון רוישענדען מעער.

ויינע געדאַנקען ויינען צושלאָגען
אויף טויזענדער ריינע אַלמאַזען,
ער קען מיט איינפאַכע ווערטער אונז זאָגען,
וואָס מיר נים מים קלינגענדע פראַזען.

ברידערליך דריק איך אַצונד זיין האַנד
אונ האָף, ער וועט אַנטוואָרט מיר געבען,
ווי קומט עס, וואָס ער איז אַזוי גוט בעקאַנט
מיט די שמערצען און קאַמפּף פֿון מיין לעבען!

זיין שרייבען דערפֿילט מיר מיט האָפֿנונג און מוטה,
דאָך קען איך זיך גוט ניט ערקלעהרען:
ווי קומט אין זיין טינטער מיין הארצענס־בלוט?
ווי קומען צו איהם מיינע טרערען?

## מיין אנטווארט, צו ישראל בן עולם.

ווי זאָל איך, ברידער, פֿריילוך זינגען,
ווען האַס און קריעג איז איבעראַל?

ישראל בן עולם! דיין וואָרט איז מיר טהייער,
ווי אַ שטימע פֿון ליידענדען פֿאָלק,
אין וועלכען עס גליהט נאָך אַ גייסטיגער פֿייער,
ווי עס איז ניט פֿערפֿאָלגט!

איך וויים, מען וועט זאָגען: דאָס וויל איהם בעדאַנקען
פֿאַר זיין קאָמפּלימענט דער פּאָעט;
דאָך זאָל איך פֿערשטיקען מיינע געדאַנקען
צוליעב דער „הייליגער" מאַיאָריטעט?

װאָל רומהײט פֿערשקלאַפֿען מײן עהרליכע האַרפֿע?
נײן! לאָז זאָגען די װעלט, װאָס זי װיל.
איך װײס, אַז איך זאָג די װאַהרהײט די שאַרפֿע,
איך זאָג װאָס איך דײנק און איך פֿיהל!

דו זאָגסט, איך בין קראַנק, װי קען ניט קרײנקען
און אױסגעמאַטערטער קנעכט,
װאָס קען אַביסעלע פֿיהלען און דײנקען
פֿון פֿרײהײט און מענשען־רעכט!

װאָס קען בעטראַכטען מיט אָפֿענע אױגען
יעדען שװינדלער און היפּאָקריט,
און פֿאַר'ן גאָלדענעם גאָט אין דרײען געבױגען
פֿערשקלאַפֿטען פּראָלעטאַריאַט!

עס שטורמט מײן האַרפֿע, עס פּלאַצען די סטרונעס
פֿון קללות אױף טיראַנײ,
אױף אַלע פֿינסטערע אמונות,
אונװיסענהײט און שקלאַפֿערײ!

דו זאָגסט געננג פֿון דער געגענװאַרט זינגען,
פֿון קײטען, טרערען און שמערץ!
לאָז פֿון דער צוקונפֿט דײן האַרפֿע קלינגען
און דערפֿילען מיט האָפֿנונג דאָס האַרץ!

איך האָב אַלײן מײנע זיפֿצען און טרערען,
דאָך װאו נעהמט מען זיסע מוזיק!
דעם לײדענדען פֿאָלק װאָלט איך איצט גערן
געזונגען פֿון פֿרײהײט און גליק!

נאָר ווי קען איך פֿון דער צוקונפֿט זינגען,
ווען די געגענוואַרט שטעהט מיט איהר שווערד!
טרערען פֿליסען, קייטען קלינגען,
בעפֿלעקט איז מיט בלוט די ערד.

אָה, ניין! איך נים, מיין גוטער פֿריינד!
נים פֿריי איז אין זינגען דער דיכטער!
און ווען אויך די גאָלדענע צוקונפֿט שיינט
פֿאַר מיר מיט הימלישע ליכטער—

דאָך טראָג איך אין ברוסט דער געגענוואַרטס וואונדען,
דעם האַס צו איהר גאָלדענעם גאָט!
צו דער ליידענדער מענשהייט בין איך געבונדען
מיט אַן עלעקטרישען דראָט!

פֿונקען צופֿלאַק'רען ביי מיר אין האַרצען
יעדע מענשליכע טרער, יעדען פֿלוך!
איך פֿיהל, ווי דער וועלט'ס ניפֿטיגע שמערצען
וועבען מיין לייבען־טוך!

דאָך פֿריינד! לאָמיר לערנען די געגענוואַרט האַסען,
איהר פֿאַלשקייט, אונמענשליכקייט, נויטה—
דער האַס וועט ערוועקען די אַרבייטער־מאַסען,
דער האַס וועט צוברעכען די קייט!

און ווען עס זאָלען נור אַלע שקלאַפֿען
די געגענוואַרט האַסען ווי איך,
וואָלטען זיי געקענט אין איין טאָג בעשאַפֿען
א גאָלדענע צוקונפֿט פֿאַר זיך!

אַלע דומהייטען, וועלכע די וועלט פֿערגעטערט,
אַלע רויבער, וואָס זי רעספּעקטירט,
וואָלט דאָס פֿאָלק אויף שטיקער צושמעטערט
און אַ פֿרייעס לאַנד פּראָקלאַמירט!

דיזע וועלט וואָלט פֿערשווימען אין בלומען און ליכטער
און קלינגען מיט זיסער מוזיק!
און אויך דער קראַנקער, דער טרערען־דיכטער
וואָלט זינגען פֿון ליעבע און גליק!

## דער יונגער העלד.

(געווידמעט אַן א. בערקמאַן.)

מען האָט ניט געהערט פֿון דער ביהנע איהם שרייען,
זיין שרייבען איז געווען אָהן גליקליכען וויץ,
צווישען די ראַדיקאַלע פּאַרטייען
האָט ער ניט פֿערנומען דעם גאָלדענעם שפּיץ!

ער איז אַן איינפֿאַכע, רוסישע זעעלע,
אַן עהרליכע זעעלע, וואָס ליעבט אָהן אַ שיעור
די פֿרייהייט, די שטאָלצע, די ברייטע, די העלע,
און אָפּפֿערט זיין לעבען, זיין בלוט צוליעב איהר!

פֿאַר ווינע אוינען ויינען געשטאַנען
די עלענדע שקלאַפֿען פֿערשמאַכט און פֿערשטויבט,
פֿון בלוט־ווינער כיטרע, פֿון ווילדע טיראַנען
נעקויפֿט און פֿערקויפֿט און אָהן מיטלייד בערויבט.

זיין יונגעס האַרץ האָט זיך אָנגעצונדען
מיט האַס און מיט ראַכע, מיט צאָרן און שאַנד,
און דעם ליידענדענס טרערען און וואונדען
האָבען בעוואַפֿענט זיין העלדישע האַנד!

זיין בראַווע האַנד האָט ניט געציטערט,
אויך זיין אויג האָט געצילעוועט גוט;
דאָך האַרט ויינען די ברואים, וואָס ווערען געפֿיטערט
מיט שקלאַפֿען־פֿלייש און שקלאַפֿען־בלוט!

זיין בלוטיגער פֿיינד איז לעבען געבליבען,
דאָך בערקמאַן'ס טהאַט, זיין נאָבעלע טהאַט,
איז מיט בלוטיגע טרערען פֿערשריבען
אין האַרצען פֿון פּראָלעטאַריאַט!

איהר מעגט איהם מיט שמוץ אָדער בלומען בעדעקען, —
זיין טהאַט איז אַ הייליגער קריעגס־סיגנאַל,
וואָס מוז אַלע עהרליכע הערצער דערוועקען
צום קאַמפף פֿאַר דעם פֿרייהייטס־אידעאַל!

## זיים איהר פערהייראטה?

נאך נים נעהייראטה? איז עס דען מעגליך?
אך, איהר זיים גליקליך, מיין הער!
אייער לעבענס־שיף, מיין פריינד, איז בעוועגליך
און פריי אין דעם וועלטליכען מעער!

אך! איך בין נים אזוי גליקליך, ווי איהר!—
איך האב געהייראטה מיט א יאהר צוריק;
מיין פרוי פלעגט מיר זאגען, אז זי איז מיט מיר
אויפ'ן אייפעלטהורם פון גליק.

זי איז פשוט א מלאך! צום אונגליק בעגעגענט
האט פלוצלינג זי א יונגען מאן;
זיין מויל האט מיט זיסע ריידלעך נערעגענט...
און וואס מיינט איהר? דער טיראן

האט זי פער'כישופ'ט מיט זיין זיסען מויל
און אין דריי חדשים ארום
האט מיך געטראפען א טויטען־קויל—
עס האט מיך פערלאזען מיין בלום!

דאס האט מיך נעקריינקט! כ'האב געוואלט זיך הייננען
און מאקע נעבען איהר טהיר!
נאר פלוצלינג דארף דער טייפעל ברייננען
א נייע צרה אויף מיר

אין געשטאַלט פון אַ מיידעל, יונג — מילך און בלום!
וױ זאָל מען זיך ניט פֿערליעבען?!
זי האָט מיר געזאָגט דורך טרערען: „גוט!"
און איז אויף מיר היינגען געבליבען...

און היינגט נאָך ביז איצט!... עס פּלאַצט מיר מיין ברוסט,
איך גיעה שיעור ניט אַראָב פון זינען!
זי האָט נור צו בעלער און קליידער אַ לוסט,
און איך קען קוים אויף ברויט פֿערדיענען!

איך וואָלט זיך אַודאי אומגעבראַכט,—
אַ נס וואָס אַ שעהנע ברונעטין
האָט מיט מיר בעקאַנטשאַפֿט געמאַכט...
אַך, זי נור, זי קען מיך רעטען!

אָה, יאָ! דיזער מלאך וועט מיך רעטען!
זי איז אַזוי מילד און שעהן!
מיין אַלטע טראַגנטע וועל איך נט'ען—
אויף מיר אַ פּאַרשוין!

עס וועט מיר זיין אַ ביסעלע שווער,
אָבער... איך בין ניט קיין אינגעל!
דאָך זאָג איך אייך אָפֿען, מיין ליעבער הערר'
איהר זייט גליקליך, וואָס איהר זייט נאָך „סינגעל"!

# מיין טרוים.

איך האָב געטרוימט פֿון ווייסע בלומען,
ווייס, ווי געפֿאַלענער שנעע;
זיי ווינען אין מיין צימער געקומען,
איך וויים נים, ווי אַזוי.

זיי האָבען מיט ווידענע קוויטען בעריהרט
שטיל מיין הייסען שטערן;
איך האָב אויף מיין קראַנקער ברוסט געשפירט
ווייערע פערל־טרערען.

איך האָב געפֿיהלט, ווי פֿון יעדער בלום
גיסט זיך אריין אין מיין הארצען
אַ וואונדערבאַר־זיסער פאַרפֿיום
וואָס היילט מיינע אַלע שמערצען.—

אין פֿענסטער צו מיר האָט אריינגעבליקט
די שעהנע, בלאַסע לבנה.
איך פֿרעג זי: ווער האָט מיך בעגליקט
מיט דער גן־עדן מתנה?

זי קוקט מיך אָן מיט די זילבערנע שטראַהלען
און פֿליסטערט שטיל צו מיר:
„די בלומען זיינען אַראָבגעפֿאַלען
פֿון אַ היילינגען בוזים צו דיר!“

די פֿרייהייטס־נעמין איז געפֿלויגען
שטיל דורך דער שקלאַפֿען־וועלט,
עס האָבען בעמערקט איהרע הימלישע אויגען
דעם אָרעמען דיכטער'ס געצעלט.

בלאַס, אַליין, פֿון דער וועלט פֿערגעסען,
ווייט פֿון איהר שמוץ און שוים,
איז ער מיט זיין פֿעדער אין האַנד געזעסען
פֿערטיעפֿט אין אַ פֿרייהייטס־טרוים.—

מיט טרערען האָט די נעמין געבליקט
אויף איהר בלאַסען זינגער
און האָט פֿון איהר בוזים די בלומען געפֿליקט
מיט ציטערענדע פֿינגער:

„ער טרוימט פֿון מיר, ער בייגקט נאָך מיר,—
נעהט צו איהם, שנעע־ווייסע בלומען!
זאָגט, אַז איך שטעה ביי דער מענשהייטס טהיר,
וויל ניך צו דער מענשהייט קומען!

„טרייסט זיין האַרץ, היילט זיינע וואונדען
מיט אייערע פערל־טרערען."
און די נעמין איז פֿערשוואונדען
צווישען די גאָלדענע שטערען.

איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט. די לבנה
שיינט, ווי זילבערנער שוים,
אָבער, וואו איז די בלומען־מתנה?
ס'איז געוועזען נאָר אַ טרוים, נור אַ טרוים!...

דער זיסער טרוים איז אַוועקגעשוואומען;
דאָך ווייס איך ניט, וואַרום
איך קען ניט פֿערגעסען די שנעע־ווייסע בלומען
און זוך זיי אימער אַרום.

# מיין לעצטע האפנונג.

אין שטורם, אין קאַמפף איז מיין יוגענד פֿערשוואונדען,
פֿון ליעבע, פֿון גליק האָב איך קיינמאָל געוואוסט;
נור ביטערע טרערען און בלוטיגע וואונדען
האָבען געקאָכט און געברענט אין מיין ברוסט.

פֿריה האָב איך מיין הויז און מיין היימאַטה פֿערלאָרען,
פֿון קינדהייט האָט מיך שוין דער מזל פֿערפֿאָלגט;
פֿערניפֿטעט האָט ער מיינע בליהענדע יאָהרען
און תמיד געמאַטערט, געקוועלט און געיאָגט.

פֿריה ווינען געשטאָרבען מיינע האָפֿנונגען די זיסע,
פֿריה האָב איך דערזעהן דעם ווילדען קאָנטראַסט:
דאָס אַרבייטער־פֿאָלק אין אַ פֿינסטערער תפיסה
און שווינדלער און רויבער אין אַ רייכען פּאַלאַסט.

אַ נעוואַלטיגער שטורם האָט מיין זעעלע צוציטערט
אונ איך האָב געשוואָרען נקמה און טויט
צו אַלעם, וואָס האָט אונזער לעבען פערביטערט,
געמאָרדעט, בערויבט אונזער פרייהייט און ברויט.

פאַר אַלעם, וואָס מענשען איז הייליג און טהייער,
האָב איך גערופען צום קאַמפף מיט געוויין;
אין מיין הארץ האָט געפלאַקערט אַ הייליגעס פייער,
געוועזען מיין גאָט איז די מענשהייט אליין!

עס האָבען געלאַכט די אונוויסענדע שקלאַפען:—
„משוגענער דיכטער, הער אויף דיין געשריי,
וואָס ווילסטו מיט פרייהייט, מיט קאַמפף און מיט וואַפען?
די רייכע ווינען מעכטיג און די וועלט איז פאַר זיי!"

עלענד בין איך אין דעם שטורעם געשטאַנען,
מיין עלענדער קאַמפף האָט געהאַט קיין ערפאָלג:
עס הערשען ווי תמיד דיווילדע טיראַנען,
עס בלוטעט ווי תמיד דאָס אָרעמע פאָלק.

אָה, מזל, דו האָסט ניט געלאָזט מיר ערווערבען,
איין פונק חאָטש פון פרייהייט, פון מענשליכען רעכט;
כ'בין אַ שקלאַף אין מיין לעבען, — אָה, לאָז מיך פריי שטאַרבען
פאַר די בעפרייאונג פון ליידענדע קנעכט!

רויב ניט ביי מיר מיין האָפנונג די זיסע,
מיין לעצטע האָפנונג אַ מינוט פאַר מיין טויט:—
זעהן ווי דאָס פאָלק וועט צוברעכען זיין תפיסה
און וועט זיך בעפרייען פון הונגער און נויטה...

# עלענד.

עלענד צו זיין, אָה! וואָס קען זיין שלימער?
עס ליגט אויף דיין ברוסט אַ שטיין;
זעהסט טויזענדע מענשען און דאָך פיהלסטו אימער,
אז דו ביסט אליין... אַליין!

דו זעהסט, ווי די וועלט ווערט אין טרערען פערטרונקען,
ווי דער פרייהייטס-גייסט איז פערהאַסט,
און עלענד שטעהסטו, דיין קאָפּ געזונקען,
ווי אַ ניט געבעטענער גאַסט.

דו קענסט ניט פאַר קיינעם דיין טרויער ענטדעקען,
אַלץ דורשטעט איצט נאָך געלד און בעטרוג;
דו האָסט ניט קיין פריינדליכע האַנד, וואָס זאָל וועקען
דיין מוטה מיט אַ וואַרעמען דרוק.—

דיין שטאָלצער גייסט רייסט זיך העכער און העכער,
דאָך בוינט זיך אין שטורם דיין גוף,—
און, ווי פון א טורמע אַ יונגער פערברעכער,
קוקסטו מיט טרויער אַרויף.—

עלענד געהסטו דיין וועג פעראיבער,
דעם וועג פון דערנער און שטיין,
דו צאַפּעלסט זיך אין דעם פרייהייטס-פיבער,
דו קעמפּפסט און פאַלסט אַליין!

# אויף׳ן שלאכט־פעלד.

עס שרעקען מיך ניט מיינע טרערען און וואונדען,
איך שטעה פון קינדהייט אין שטורם־ווינד.
דאך, שיקזאל, דו האסט מיר די הענד געבונדען,
דו האסט מיר בערויבט מיין פעדער אצינד.

דו האסט מיר מיין איינציגע וואפע ענטריסען,
און ווי א פערוואונדעטער זעלנער אין פעלד,
ליג איך איצט עלענד, און זעה מיין בלוט פליסען,
שטיל אויף מיין אלטען, צובראכענעם שווערד.

איך ליג און הער, ווי די וואפען קלינגען,
עס שוועבען די פאהנען אין בלוטיגען דאמפף;
מיין הארץ רייסט זיך. אה! ווער קען מיך צווינגען,
ניט ווארפען זיך אויף דאס נייע אין קאמפף?

אה, ניין! איך מוז זיך ווידער שטעלען
אויף מיין אלטען פאסט און מיט׳ן שווערד אין האנד
בעזייטערען די רויטע רעבעלען
צום בלוטיגען קריעג געגען שקלאפען־שאנד!



# דער אבענד גלאָק.

(פריי נאָך נאַדסאָן.)

אַה, מוזע, רוף מיך נים! מים דיינע צויבער־פינגער
וועק נים די סטרונעס פון מיין קראַנקעם האַרץ!—
פער׳משפט איז צום טויט דיין בלאַסער זינגער,
צו ענדע איז דאָס ליעד פון קאַמפּף און שמערץ!

זיין וועג געוועזן איז שווער! ער האָט אויף איהם בעגעגענט
דערנער, שטיינער, פערליימדונג, הונגער נויט און קעלט.—
עס האָט געבליצט, געדונערט און גערעגענט
און ער האָט אָבדאַכלאָז געוואַנדערט אויף דער וועלט.

איצט קלאַפּט דער טויט אין זיין לעבענס־קאַמער,
ער זאָגט: צו ענדע איז דיין אַרבייטס־טאָג!
פערלעש דיין פייער, לייג אַוועק דיין האַמער!
קום! דו הערסט?... עס קלינגט דער אָבענד־גלאָק!

עס קלינגט דער אָבענד־גלאָק! יאָ, איך הער איהם קלינגען,
מיין טויטעס־אורטהייל הער איך אין זיין קלאַנג.—
און לעבען ווילט זיך... עס ווילט זיך טרוימען, זינגען,
קעמפּפען געגען יעדען שקלאַפען־צוואַנג!...

איך וואָלט געוואָלט, אָה, פֿאָלק! דיין רויטען פֿענעל
נאָך טאַבע, היטער מיט מיין האַרצענס-בלוט...
און, ווי אַ לייב מיט זיינע שאַרפֿע נעגעל,
דיין פֿיינד בעקעמפֿפֿען מיט שטאָלצען העלדען-מוטה!

דאָך, וואָס נוצען די הייליגסטע פֿערלאַנגען?
צו ענדע איז מיין לעבענס שטורם-טאָג!—
צו ענדע — טרוימען, טרערען און געזאַנגען,
עס רופֿט דער טויט, עס שלאָגט דער אָבענד-גלאָק!



# דער קוילענגרעבער.

---

ווען איהר וואַרמט זיך, ברידער, ביי דעם פֿרעהליכען פֿייער
בעשירעמט פֿון רעגען און ווינד,
צו דענקט איהר אַמאָל, ווי שרעקליך טייער
עס קאָסט יעדע קויל אונז אַצינד?

צו דענקט איהר אַמאָל, אַז מיר צאָהלען צו גוט?
איהר זעהט דיעזע גליהענדע אַשעס?—
ווי זיינען געפֿאַרבט מיט מענשליכען בלוט
פֿון טויזענדער יונגע נפשות!

דאָס פֿייער פֿלאַקערט פֿרעהליך און שעהן,
דאָך ציטערט אין מיר יעדער אבר,
איך ווייס, יעדע קויהל איז אַ מצבה־שטיין
פֿון אַן גע'הרג'עטען קוילענגרעבער'ס קבר.

אָה ניין! דאָס זיינען ניט טויטע שטיינער,—
דאָס ברענט אַ בלוטיגער באַרג
פֿון אַרבייטער ביינער, אָרעמע ביינער—
די קוילענגרוב געוועזן איז זייער זאַרג!

ברידער! קענט איהר דאָס שרעקליכע לעבען
פֿון אַ פֿערשקלאַפֿטען „מיינער"?
זאָגט, צו עס קאָן אין דער וועלט נאָך געבען
אַ פֿינסטערער שיקזאַל ווי זיינער?!

ער אַרבייט פֿון קינדהייט אין דער ערד בעגראָבען
פֿאַר'ן קאַרגען שטיקעלע ברויט,
און דאָס קאָן ער אויך נישט אימער האָבען,
און ליידט נאָך הונגער און נויט!

מיט זיין איינענעם קינד איז ער ווניג בעקאַנט:
פֿאַרטאָג נאָך פֿערלאָזט ער זיין שטוב,
און איילט צו דער אַרבייט, צו דער שקלאַפֿען־שאַנד
אין דער קאַלטער, פֿינסטערער גרוב!

ער אַרבייט און אַרבייט אין זיין דונקלען געצעלט
פֿאַר די רייכע אייזענבאַהנען,
פֿאַר אַלע דענקער און קינסטלער פֿון דער וועלט,
פֿאַר אַלע זאַטע טיראַנען!

ער אַרבייט זיין לעבען אין שרעק און געפאַהר,
לעבענדינגערהייט זיין פערשאָטען...
און וואָס איז זיין לוין? ער ווערט דערפאַר
נערוובט! מיט די פיס געטראָטען!!

קוילען־באַראָנען, רויבער־באַנדע!
איהר שעכט און בלייבט נאָך גערעכט...
אויב איהר זייט מענשען, איז אַ שאַנדע
בעלאָנגען צום מענשען־געשלעכט!

דאָן שטעהען די ווילדע חיות פיעל העכער
אין הומאַניטעט ווי איהר,
אַ טהיער איז קיינמאָל קיין פערברעכער
געגען זיין ברודער־טהיער.

איין לייב וועט דעם צווייטען לייב נישט טויטען,
און מענשען — די קרוין פון נאַטור—
מענשען פרעסען איינער דעם צווייטען,
ביז עס בלייבט פון זיי קיין שפור!

ווען איהר וואַרעמט זיך, ברידער, ביי אַ פרעהליכען פייער,
בעשירעמט פון רעגען און ווינד,
דענקט פון דעם „מיינער"! דענקט, ווי טייער
עס קאָסט יעדע קויהל אונז אַצינד!

דענקט פון דעם „מיינער", פון זיין פרוי און קינד,
פערשקלאַפט ביי די גאָלדענע געטער,
זעהט, ווי זיי ווערען ערמאָרדעט ווי הינד,
און האָבען קיין פריינד און קיין רעטער!

און, ווען איהר האָט נור אַ ביסעלע מוטה,
וואַכט אויף, גרייפט צו די וואַפען,
און מיט אייער האַרץ און בלוט
פערטהיידיגט די ליידענדע שקלאַפען!

## דער יתום.

בלויע אויגען, גאָלדענע לאָקען,
ווייס ווי אַ ליליען-בלום,
אין אַן אָרעם העמדעל, אָהן שיך, אָהן זאָקען,
זיצט ער אין מיין רום.

אַן אָרעמער יתום! קיין פאָטער און מוטער,
פרעמדע גיבען איהם ברויט;
ער ווייסט, דאָס איך בין צו קינדער אַ גוטער
און קומט צו מיר מיט פרייד!

ער איז פול שענהייט און פאָעזיע,
נור פרעמד איז איהם קינדערלוסט;
טרויעריג זיצט ער ביי מיר אויף די קניע,
טוליעט זיך צו צו מיין ברוסט!

איך הער, ווי זיין הערצעלע קלאַפּט ווי דערשראָקען
פון לעבענס־שטורמווינד;
איך בענעץ מיט טרערען די שעהנע לאָקען
פון אונגליקליכען קינד!

שעהנעס קינד! ווען מען וואָלט דיך ערצויגען
צווישען מענשען־פריינד,
דו וואָלסט ווי אַ העלער רעגענבויגען
מיט לעבענספאַרבען געשיינט!

ווען די נויט מיט איהר אייזערנער האַנד
זאָל דיך נים וואַרגען, נים שטיקען,
דו וואָלסט אַמאָל מיט גייסט און טאַלאַנט
די מענשליכע הערצער דערקוויקען!

נור עלענד ביסטו, אָרעמעס קינד!
דו האָסט קיין פריינד, קיין היים,
ווי אַ צווייגעלע, וואָס דער בייזער ווינד
רייסט אַראָב פון אַ בוים,

און טראָגט אַרום צווישען זאַמד און שטיינער...
קינד! ווער פיהלט דיין שמערץ?
דיך קושט נים קיינער, דיך דריקט נים קיינער
צו אַ וואַרמען מוטער־האַרץ!

אין דער קאַלטער וועלט ווער וועט פון דיר דענקען?
צו „ביזוי" איז דער לייבער העררו!
און דער אָרעמער שקלאַף קען דיר נור שענקען,
ווי איך, אַ וואַרעמע טרער!



וואוהין וועסטו געהן? וואס וועט פון דיר ווערען?
עלענד ווי א שטיין!
אין טיעפען ים פון שמערצען און טרערען
וועט דאס עופה'לע אונטערגעהן!

בלויע אויגען, גאלדענע לאקען,
א וואונדער־שעהנעס קינד;
אונשולדיג, טרויעריג, בלאס און דערשראקען
שטעהט עס אין שטורמווינד.



## דער קינדער־מערדער.

(אן אריגינעלעס בילד פון לעבען.)

אין א קאלטער, פינסטערער ווינטער־נאכט,
איז אין הויז צום דאקטאר גראן
אריינגעקומען בלאס און פערשמאכט
אן ארעמער יונגער מאן.

דער דאקטאר האט איהם געפרעגט, וואס ער וויל.
ער האט געשוויגען א פאר סעקונדען,
און האט מיט טרערען, טרויעריג, שטיל
ענטדעקט פאר איהם זיינע וואונדען.

„איך בין אָרעם, דאָקטאָר, שרעקליך אָרעם!
איך האָב אַ פֿרוי און קינדערלאַך צוויי;
מיר לעבען אין איינעם אין אַ פֿינסטערען קבר,
וואו די ווענד ויינען בערעקט איצט מיט שניי...

„איך בין אין אַ סטרייק שוין אַ מאָנאַט פֿיער
און קען קיין סענט ניט פֿערדינען;
דער לענדלאָרד קומט יעדען טאָג צו מיר —
כ'גנעה שיער ניט אַראָב פֿון זינען!

„דאָך, דאָקטאָר, איך בין ניט געקומען צו אייך,
איהר זאָלט אַ נדבה מיר געבען.
כאָטש איך בין אָרעם און איהר זייט רייך,
דאָך האָב איך קיינמאָל געבעטעלט אין לעבען!

„אָה, ניין! איך קום עטוואָס אַנדערש בעטען...
אָה! ווי עס בלוטעט מיין האַרץ!
דאָקטאָר! איך וויל איהר זאָלט אונז רעטען
פֿון אַ נייעם אונגליק און שמערץ!

„ביז איצט האָבען מיר מיט צוויי קינדער געליטען
שרעקליכען הונגער און קעלט!
און ניך וועט מיין פֿרוי ברייננען אַ דריטען
אומגליקליכען שקלאַף אויף די וועלט!

„ברייננען אויף אייבינע שמערצען און ליידען,
אויף דעם בלוטינען יאַגד נאָך ברויט!
איך וויל..., איך מוז דיזען אונגליק פֿערמיידען,
אָה, דאָקטאָר, העלפֿט מיר אין נויט!

„אַ שקלאַפֿ'ס אַ קינד, חוץ קייטען און שמערץ,
וואָס וועט איהם די וועלט געבען?
עס וועט פֿערשעלטען זיין פֿאָטערס האַרץ,
וואָס האָט איהם געגעבען דאָס לעבען!

„עס ערוואַרטעט איהם די בעטלער־שאַנדע,
דעם הונגערס אייזערנע רוט,
וואָס טרייבט פֿערקויפֿען צו דער רויבער־באַנדע
אונזער פֿרייהייט, אונזער בלוט!

„אָה, דאָקטאָר! עס איז נאָך צייט אַצינד
דעם פֿונק פֿון לעבען דערשטיקען.
צו וואָס זאָל נאָך אַן אונשולדיגעס קינד
דיזע פֿינסטערע וועלט אָנבליקען?"

פֿערטראַכט האָט דער יונגער דאָקטאָר גראַן
ארומגעשפּאַנט אין זיין חדר.
ער האָט בעטראַכט דעם אָרימען מאַן
אין זיינע צוריסענע קליידער.

זיינע שוואַרצע הענד, זיין בלאַסען שטערן,
זיין אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ,
און ווי עס קייקלען זיך גרויסע טרערען
פֿון די טרויעריגע אויגען אַראָב!

„יונגער מאַן, איך האָב מיטלייד מיט אייך!
איהר ווילט בעגעהן אַ גרויסען פֿערברעכען;
איך וואָלט געקענט אַרעטירען אייך גלייך,
נור איהר זייט יונג, און איך רעכען,

„אַז איהר ווערט מעהר דערפון נים דענקען!
גערט צו די וואַס זיינען רייך,
זיי וועלען אייך אַ פּאָר דאָלאַר שענקען
און האָבען מיטלייד מיט אייך!"

אויף דעם בלאַסען געזיכט פון אָרימען מאַן
האָט געשפּיעלט אַן איראָנישער שמייכעל;
ערשטוינט איז געוואָרען דאָקטאָר גראַן:
„דער מאַן האָט פערלאָרען זיין שכל!"

„געהן צו די רייכע! צו די רויבער פון ליכט!
צופיעל גיפט איז שוין אין מיין בעכער!
נים מיך — די רייכע שלעפּט צום געריכט!
זיי זיינען די וואַהרע פערברעכער!

„פון אונזער בלוט זיינען זיי רייך!
און ווען נים די דיקע, רייכע לאָרדען,
וואָלט נים געבעטען אַ פאָטער ביי אייך
זיין איינען קינד ערמאָרדען!

„געה צו די רייכע!" איהר זיים נים קיין שלעכטער.
איך דאַנק אייך, דאָקטאָר גראַן!"
און מיט אַ בייסענדען געלעכטער
איז אַוועק דער יונגער מאַן.

ווידער אַ קאַלטע ווינטער־נאַכט;
ביי אַ פייער אויף אַ דיוואַן,
זיצט איבער אַ בוך פערטראַכט
דער יונגער דאָקטאָר גראַן.



פלוצלונג הערט ער אַ געשריי:
„עפֿענט די טהיר, דאָקטאָר גראַן!"
און בלאַס ווי דער טויט, בעדעקט מיט שניי,
לויפֿט אַריין דער אָרימער מאַן.

„דאָקטאָר! פֿערליערט ניט קיין מינוט,
מיין פֿרוי, זי שטאַרבט אַוועק!"
דער דאָקטאָר נעהמט זיין ראָק און הוט,
און זיי געהן שנעל אַוועק.

.........................................................

אין אַ קליינעם רום, ביי אַ שיין פֿון אַ ליכט
האָט דער דאָקטאָר גוט בעטראַכט:
אַ יונגע פֿרוי מיט אַ דאַרען געזיכט,
שוואַרץ ווי די פֿינסטערע נאַכט!

נעבען איהר זיינען געלעגען צוויי קינדער
און האָבען געציטערט פֿון קעלט...
אָה, ווי גליקליך איז דער בלינדער
אין דיעזער פֿעראונגליקטער וועלט!

„וואָס האָט איהר דאָ מיט דער פֿרוי געמאַכט!"
האָט געשריען דאָקטאָר גראַן.
„—איך האָב צו איהר נעכטען אַ דאָקטאָר געבראַכט"
האָט געענטפֿערט דער אָרימער מאַן.

„ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט דאָס קינד...
—דאָך, דאָקטאָר, וואָס איז איצט מיט איהר?..."
—זי און דאָס קינד זיינען טויט אַצינד,
און דער שרעקליכער מערדער זייט איהר!

„אָה, דאָקטאָר, רעטעט! רעטעט זיי!
—צו שפּעט! עס איז אַלעס פֿערפֿאַלען!"
און דער עלענדער איז מיט אַ ווילדען געשריי
טויט צו דער ערד געפֿאַלען.



## דער אַרבייטער.

(נאָך נעקראַסאָוו.)

שנעל לויפֿען די רעדער, ווילד קלאַפּען די מאַשינען,
אין שאָפּ איז אַזוי שמוציג און הייס;
דער קאָפּ ווערט פֿערטומעלט, אין די אייגען יוערט פֿינסטער,
פֿינסטער פֿון טרערען, פֿון שווייס.

געגוג שוין אייך גיסען, איהר ביטערע טרערען,
איהר מאַכט אויף מיין אַרבייט אַ פֿלעק:
און ווען דאָס דערזעהט נור דער גזלן דער מייסטער—
ער טרייבט מיך פֿון דאַנען אַוועק.

ווי זאָל מען דעם מייסטער מקנא נים זיין,
זעהט, ווי ער איז פֿעט און ווי רויט;
ער זויפֿט נור זיין ביר און רויכערט זיין סיגאַר—
וואָס וויים ער פֿון הונגער, פֿון נויט!

ער שמייכעלט דעם באָם און ווי אַווילדע חיה
פאַלט ער אַרויף אויף די קניעכט;
ער צאַפּט זיי די דמים און בויגט זיי אין דרייען
און בלייבט דערצו אימער גערעכט.

איך פיהל שוין ביי זיך קיין גאַנצען אבר,
צובראָכען, צודריקט איז מיין ברוסט,
איך קען ניט פון וועהטאָג מיין רוקען איינבויגען,
ביי נאַכט לאָזט ניט שלאָפען דער הוסט.

וואו ביסטו פערשוואונדען, מיין גאָלדענע יוגענד,
וואו ביסטו מיין בליהענדע קראַפט?
פאַרוואָס, שלעכטע מענשען, האָט איהר מיך פון קינדהייט
נע'הרג'עט, געוואָרגען, פערשקלאַפט!

דאָך וואָלט איך ניט קלאָגען אויף מיין איינענער לאַגע,
איך וויים, דאָס די צייט איז ניט ווייט,
ווען רוהיג וועל איך שלאָפען אין מיין פינסטערען קבר,
פון שמערצען, פון קייטען בעפרייט.

נאָר ווען איך דערמאָן זיך אָן מיין פרוי, מיינע קינדער,
דאַן ברעכט מיר מיין האַרץ פון געוויין—
ווער וועט זיי בעשיצען, ווער וועט זיי דערנעהרען?
זיי בלייבען אין דער וועלט גאַנץ אַליין!

איך זעה זיי, ווי איצט שוין פערהונגערטע, בלאַסע
ביי דער טיר פון אַ רייכען מאַגנאַט:
די פרוי בעגיסט זיך מיט ביטערע טרערען,
זי ציטערט פאַר דעם הערר ווי אַ בלאַט.



זי בעט ביי איהם הילפע, זי בעט איהם דעם רויבער,
מיט אַ קינד אויף די הענד פֿאַר איהם קניעט—
דער הונגער איז שרעקליך און בעצאָהל נים דעם לענדלאָרד,
דאַן וואַרפֿט ער אַרויס אויף דער סטריט!

איך הער, ווי ער זאָגט איהר: „מיר קענען אייך שנאָרערס,
וואָס קומט איהר אונז רולען דעם קאָפּ"!
און ער טרייבט זי אַרויס מיט די וויינענדע קינדער,
דער מערדער... אָה, ניין — פֿילאַנטראָפּ!

אָה, אַרבייטער לעבען, אָה, שרעקליכעס לעבען,
דיין שמערץ איז אָהן אַ גרונד, אָהן אַ ברעג!
אין דיינע בלוטיגע וואונדען זיצען גיפֿטיגע שלאַנגען,
ווי אַ קבר איז פֿינסטער דיין וועג!

שנעל לויפֿען די רעדער, ווילד קלאַפּען די מאַשינען,
אין שאָפּ איז אַזוי שמוציג און הייס:
דער קאָפּ ווערט פֿערטומעלט, אין די אויגען ווערט פֿינסטער,
פֿינסטער פֿון טרערען, פֿון שווייס.

דער מייסטער לויפֿט אַרום ווי אַ ווילדע חיה,
ער טרייבט צו דער שחיטה די שאָף—
אָה, ווי לאַנג וועט איהר וואַרטען, ווי לאַנג וועט איהר רולדען?
אַרבייטער, ברידער, וואַכט אויף!

# אויף א באל.

דאָס שטעהסטו, בלאַסער טרוימער,
געזונקען דעם קאָפּ אויף'ן ברוסט?
ועה דיינע שוועסטער און ברידער
זינגען און טאַנצען מיט לוסט!

ועה, ווי עס טראָגען זיך פאָרלאַך,
בעפליגעלט פון זיסער מוזיק,—
בעקעלאַך גליהען, די אויגען
בליצען מיט יוגענד און גליק.

נור דו ביסט בלאַס און פערטרויערט,
נור דו ביסט, ווי אימער, אליין!
אליין, ווי א שטורם-וואָלקען,
אליין, ווי א פעלזען-שטיין!

דו שטעהסט און דענקסט, אז מאָרגען
וועט די העסליכע טיראַניי
ווידער דריקען און ווערגען
די קינדער פון שקלאַפעריי!

און די שעהנע אויגען, וואָס בליצען
איצט מיט ליעבע און מוטה,
וועלען זיין פייכט מיט טרערען
אונטער דעם אויסבייטער'ס רוט!

און די בעקעלאַך, וואָס גליהען
איצט, ווי אַ ראָזע שעהן,
וועלען פֿון שמערצען ווערען
בלאַס ווי אַ מאַרמאָרשטיין!

און דאָס שעהנע מויל, וואָס זינגט איצט
דאָס ליעד פֿון פֿרייהייט און גליק,
וועט מאָרגען דאָס לעבע: פֿלוכען
אין דער פֿינסטערער פֿאַבריק!

— אווי דענקט דער בלאַסער טרוימער,
— ער דענקט און שטעהט אַליין,
אליין, ווי אַ שטורם־וואָלקען
אליין, ווי אַ פֿעלזען־שטיין.

## זינג מיט לוסט.

איך זאָל האָבען הונדערט קעפּ,
וואָלט איך אַלע אָבגענעבען
פֿאַר מיין גרויסען אידעאַל,
ווייל אָהן איהם וואָס איז דאָס לעבען?



הייסט דאָס לעבען? תמיד זעהן,
ווי עס וועלקען אַרום דיר
יונגע בלומען און עס פליסען
הייסע טרערען אָהן אַ שיעור?

הייסט דאָס לעבען? פאַר אַ שווינדלער
שוויינענד איינבויגען דעם קאָפּ,—
קלייבען ברעקלאַך, וואָס ער וואַרפט דיר,
ווי דעם הונד, פון טיש אַראָפּ?

גוט איז דעם, וואָס קען ניט לעזען
אויף די מענשליכע געזיכטער.—
גוט איז דעם, וואָס איז קיין דענקער,
גוט איז דעם, וואָס איז קיין דיכטער!

גוט איז דעם, וואָס האָט אין האַרצען
אַלעם מענשליכע פערלאָשען;
מעג די וועלט אין טרערען שווימען,
ער וועט צעהלען זיינע גראָשען...

אָבער דער, וואָס וויים צו לעזען
ניט נור ביכער און ראָמאַנען,
דער וואָס קען אויך לעזען הערצער,
וואָס פערבלוטען פון טיראַנען—

אויף די מאַרמאָר־ווייסע באַקען
אין די אויגען, טרויעריג, פייכט—
קענט איהר אונזער וועלט ערלערנען
בעסער ווי פון בוך פיללייכט—

קוקט זיך צו צו די געזיכטער,
טרויעריגע, מיעדע, בלאַסע
פֿון די היימלאָזע, בערויבטע
קינדער פֿון דער שקלאַפֿען־מאַסע!

וואָס פֿאַר שמערצען! וואָס פֿאַר ליידען!
ווי צורייסען מיר מיין ברוסט!
און איך קוק מיט ווילדען צאָרן,
ווען מען זאָגט מיר: „זינג מיט לוסט!"

„זינג מיט לוסט?" אָ, דומע שקלאַפֿען!
רופֿט די טענצער! די פּאַיאַצען!
זאָלען זיי אייך אַמוזירען
מיט די פּויקען און די טאַצען!

אָבער ווייסט, אַז אויך פּאַיאַצען
לאַכען איצט דורך הייסע טרערען,
און דער הונגעריגער טענצער
טאַנצט און שילט די זאַטע הערען.

פֿרייד איז איצט ניטאָ ביי קיינעם;
יעדען איינעם איז איצט שלעכט;
פֿון די גלענצענדע באַנקירער
ביז די אונטערדריקטע קנעכט,—

ווייל דער רייכער ווייס זיין ענדע:
אַז פֿון דעם בערויבטען פֿאָלק,
פֿון פֿערבלוטיגטע געשפּענסטער,
ווערט ער טאָג און נאַכט פֿערפֿאָלגט.



און די אָרעמע — ווי ליידען,
ווייל זיי האָבען קיין פערשטאַנד,
אום צו רייכען זיך, ווי ברידער,
אין דעם פרייהייטס־קאַמפף די האַנד.

ואָגט, וואָס איז אַ דוצענד שווינדלער
נעגען אַזוי פיעל אַרבייטס־לייט?
נור אַ ביסעל מוטה און אחדות—
און מיר וועלען זיין בעפרייט!

דאָך נענוג... עס איז אַזוי קלעגליך!
רופט די טענצער, די פּאַיאַצען!
און זיי וועלען פאַר אייך שפּרינגען
מיט די פּויקען, מיט די טאַצען!

אָבער ווייסט, אַז אויך פּאַיאַצען
לאַכען איצט דורך הייסע טרערען,
אַז דער הונגעריגער טענצער
טאַנצט און פלוכט די זאַטע הערען.—

## פרעמדעס ברויט.

אַך! ווי ביטער איז פרעמדעס ברויט,
וואָס מען וואַרפט אונז צו אין דער נויט,
זיין יעדעס ברעקעל איז ביטער ווי סם!—
ווי גליקליך איז דער, וואָס ווייס ניט זיין טעם!

ווי גליקליך איז דער, וואָס קען אָהן שאַנד
פערדיענען זיין ברויט מיט זיין אייגענער האַנד,
ניט ווערן גרוי, בלאַס, ווי דער טוידט
ביי יעדען ברעקעל פון פרעמדען ברויט!



## בעסער הונגערן איידער בעטלען.

ווען דו קענסט דיין ברויט פערדיענען
ערענטליך, אָהן שאַנד,
שעהם זיך, ברודער, ווי אַ בעטלער
אויסשטרעקען די האַנד!

ווען דיין כח איז פערלאָרען
און דיך דריקט די נויט,
בעטעל ניט! בעגעגען בעסער
שטאָלץ דעם הונגער־טויט!

# מיין לעצטער וואונש.

מיך שרעקט ניט דער טויט — מיך שרעקט דער געדאַנק
צו שטאַרבען אויף אַ קראַנקען־בעט;
מיין לעצטער וואונש, מיין לעצטער פֿערלאַנג איז:
דאָס שלאכט־פֿעלד זאָל זיין מיין טהרה־ברעט!

ניט ווי די פֿערמאַטערטע, שוואַכע שקלאַפֿען,
ניט ווי אַן אָפּפֿער פֿון עלענד און נויט;
ניין! אין דער האַנד מיין פֿאָהן, מיין וואַפֿען,
קעמפּפֿענדיג וויל איך בעגעגנען דעם טויט!

ניט אונטער'ן געוויש פֿון פֿערשפּעטיגטע טרערען,
ניין: אונטער'ן פֿרייהייטס דונער־קראַך,
וואָס וועט אַלע קייטען און טראָהנען צושטערען,
וויל איך שטאַרבען מיט אַ שטאָלצען לאַך!

# פֿון מיין טאג־בוך.

I.

ווי דום איז צו קעמפּפֿען געגען דעם טויט;
דאָס לעבען איז טויזענד מאָל שלימער,
ווען האָס און פֿערלוימדונג, עלענד און נויט
פֿערפֿאָלגען דיך אימער און אימער!

ווען פֿריינדשאַפֿט און ליעבע, וואָס פֿלעגען אַמאָל
דיך טרייסטען אין עלענד אין שווערען,
פֿערמעהרען איצט נור די אונענדליכע צאָהל
פֿון דיינע וואונדען און טרערען!

ווען דיין אידעאַל, דיין לעבען, דיין זיין,
וואָס פֿלעגט פֿול מיט האָפֿנונג דיר שיינען,
איז יעצט פֿערשטעלט מיט אַ ווילדען טאַבון
פֿון טריאומפֿירענדע שוויינען!

II.

איך האָב מיט'ן בלוט פֿון מיין האַרץ געשריבען,
און איצט איז מיין טינטער לעהר;
עס איז דאָרט קיין טראָפּען בלוט פֿערבליבען,
קיין איינציגע הייסע טרער!



אַלץ האָט פֿון מיר אויסגעזויגען
די קאַלטע, אונמענשליכע וועלט;
איצט זיץ איך צובראָכען און געבויגען,
אַליין אין מיין געצעלט.

פֿאָלק! איך האָב דיך געליעבט ניט ווי די,
וואָס גלעטען זיך רוהיג די בייכער,
און גלענצען מיט פֿרעמדער פֿילאָזאָפֿיע
און לעבען זיך, ווי א רייכער.

אָה, ניין! דעם ליידענדען'ס „אַך" און „ווייה"
האָט זיך אָבגערופֿען
אין מיין ברוסט מיט א קריעגס-געשריי,
וואָס האָט נאָך נקמה גערופֿען.

עס האָט אויף מיינע פֿריהלינגס-בלומען
מיט שקלאַפֿען-בלוט גערעגענט;
וואו שקלאַפֿען-טרערען האָבען געשוואומען,
האָבען זיי מיינע בעגעגענט!

איך האָב מיין אייגענעם שמערץ פֿערטרונקען
אין ים פֿון דער מענשהייט'ס שמערץ;
עס האָבען יעדע פֿרייהייט'ס הייליגע פֿונקען
נעגליהט און געברענט אין מיין הארץ.

## צום קעניג „טויט".

אוועק, אוועק, שווארצער שאָטען,
דו קעניג־טויט, האַלט אָב דיין שווערד!
איך זעה נאָך פיעל, פיעל נאָבלע טהאַטען
פאַר מיר אויף אונזער שקלאַפען־ערד!

איך בין נאָך יונג, איך וויל פּרובירען
אין קאַמפּף זיך שטעלען אויף דאָס ניי;
מיט נייע קרעפטען אַטאַקירען
אונמענשליכקייט און טיראַניי!

און אויב איך טרוים, אָה! קאַלטער קעניג,
אָה, לאָז מיר ענדיגען מיין טרוים;
איך האָב געלעבט נאָך זעהר ווייניג,
איך האָב נאָך צייט צו געהן אַהיים!

איך וועל נאָך קומען אויף דעם אינזעל,
דאָך איצט, טויט־קעניג, זיי ניט ווילד,
ניט רייס אַרויס פון האַנד מיין פּינזעל,
און לאָז מיר ענדיגען מיין בילד!

# דער פערוואונדעטער אדלער.

---

צווישען בערג פערשנייטע,
אויף א פעלזען-שטיין,
זיצט א יונגער אָדלער,
עלענד, קראַנק, אליין.

מיט אַן אומעט קוק איך
צו דער זונן אַרויף;
דאָך די קראַנקע פליגעל
הויבען ניט דעם גוף!

איך צאַפּעל זיך און רייס זיך,
איך שריי, איך פלוך, איך וויין,
ביז איך בלייב אין אונמאַכט
ליעגען אויף א שטיין.

אַך! ווער קען מיר זאָגען,
אויב איך וועל אַמאָל
ווידער פריי אומשוועבען
איבער בערג און טהאָל?

טראָגען זיך דורך שטורם
שטאָלץ צו זונענשיין;
צווישען פרייע אָדלער
א פרייער אָדלער זיין?

אך! קיינער גיט קיין ענטפֿער! —
איינגעהילט אין שניי
שלאָפֿען בערג און טהאָלען;
מיין שמערץ — וואָס קימערט זיי!

אך! קיינער גיט קיין ענטפֿער! —
די וואָלקען הייננען שוואַרץ.
און אָהן אויפֿהער בלוטעט
דאָס קראַנקע אָדלער־האַרץ!



# אין נאטור'ס טעמפעל.

ווען דיין אויג איז פֿערטרערט, ווען דיין האַרץ איז פֿערוואונדעט
מיט דער וועלט'ס אונענדליכען שלעכטס,
אַנטלויף פֿון דער שטאָדט! פֿאַר פֿעלדער און וועלדער
ווײַן אויס דיין האַרץ און קרעכץ!

אַנטלויף פֿון דער שטאָדט, פֿון קייטען און טרערען,
פֿון'ם בלוטיגען יאַגד נאָך געלד;
געה צו דער נאַטור, אין איהר גרינעם טעמפעל
אין איהר פֿרייע צויבער־וועלט.



אויף אַ בלומען־בעט, אונטער פֿערפֿלאָכטענע צווייגען
  און דעם הימעל'ס בלויער קרוין,
וועט די נאַטור דיינע וואונדען פֿערהיילען,
  מיט קושען שטילען דיין געוויין.

אין איהרע זאַנפֿטע אָרעמס וועסטו פֿערגעסען
  די וועלט פֿון יסורים און פּיין;
אויף איהר מוטער־שויס וועסטו טרוימען
  אַ חלום, אונשולדיג און שעהן.

דו וועסט פֿערגעסען די מענשען, וואָס האָבען
  דיין ליעבע בעגעגענט מיט גיפֿט;
וואָס האָבען פֿערשטויסען דיין הייליגע פֿריינדשאַפֿט,
  אין האַרצלאָזען עהרגייץ פֿערטיעפֿט.

וואָס האָבען זיך אָבגעקעהרט מיט שנאה, פֿעראַכטונג
  פֿון דיין עהרליכער ברודער־האַנד,
ווייל דו האָסט געפריידיגט מענשליכקייט, וואהרהייט
  און קאַמפף געגען שקלאַפֿען־שאַנד.

דו וועסט אַלץ פֿערגעסען אין גרינעם טעמפעל
  פֿון דער רייצענדער נאַטור;
זי וועט דיך בינדען צו איהר וואַרימען האַרצען
  מיט אַ פּראַכטפֿאָלער בלומען־שנור.

די נאַכטיגאַל, דער געפֿליגעלטער זינגער,
  וואָס פֿערקויפֿט נים צו קיינעם איהר ליעד,
וועט דיך פֿערגיסען, פֿערזיסען מיט טרעלען,
  פֿול מיט פֿרייען און שטאָלצען געמיטה.

# די פערשאלטענע.

---

(פריי נאך נעקראסאוו.)

---

ווען איך וואַנדער אַליין אין די פֿינסטערע גאַסען,
ווען איך הער זיך איין אין שטורם־ווינד—
שוועבסטו פֿאַר מיר מיט דיין פּנים דעם בלאַסען,
דו היימלאָזעס, קראַנקעס, פֿערשאָלטענעס קינד!

עס צינדען אין מיר זיך פֿערגעסענע שמערצען,—
פֿון קינדהייט האָט דיך שוין דאָס שיקזאַל געהאַסט;
דו האָסט איינעם געליעבט מיט דיין איידעלען האַרצען,
מיט אַן אַנדערן האָט דיך דיין פֿאָטער פֿער'קנס'ט!

אַ שלעכטער געוועזען איז דיין מאַן... דאָך נים לאַנג האָט גענומען
און דו האָסט צוריסען די שענדליכע קייט...
און ביסט צו דיין איינציגען פֿריינד געקומען,
דאָך אויך נים אויף גליק, נור אויף שמערצען און נויט!

געדיינקסט יענעם טאָג, פֿערוואָלקענט אין כמאַרע?
איך האָב זיך געראַנגעלט מיט הונגער און קעלט...
פֿון אָטהעמען האָט זיך געטראָגען אַ פּאַרע
אין אונזער פּוסטען און קאַלטען געצעלט!

געדיינקסט, ווי דער שטורם האָט ווילד געליאַרעמט,
ווי אונז האָט אין קוימען בעוויינט דער ווינד...
דו האָסט מיט דיין הייסען אָטהעם געוואַרעמט
די הענטלאַך פֿון דיין פֿערפֿראָרענעם קינד!

עס האָט געשריען דער אונשולדיגער קרבן!
די נאַכט איז געקומען... און דאָס שוואַכע קינד
איז פֿון הונגער און קעלט אויף דיין ברוסט געשטאָרבען—
אָרעמע מוטער, וואָס וויינסטו אַצינד?!

ער דאַרף שוין איצט דיינע טרערען ניט האָבען,—
מיר מוזען שטאַרבען פֿון הונגער, ווי ער...
מיט פֿלוך וועט אונז דרייען דער הויז־ווירטה בעגראָבען,
קיינער ייעט אונז שיינקען אַ מענשליכע טרער!

מיר זיינען געזעסען פֿערזונקען אין שמערצען,
דו ביסט געוועזען צובראָכען און קראַנק;
אַ קאַמפּף האָט געפֿלאַקערט אין דיין ליידענדען האַרצען,
עס האָט דיך ערגריפֿען אַ געהיימער געדאַנק...

איך בין אַנדרעמילט געוואָרען... דו האָסט גענומען זיך דרעסען,
ווי צו אַ באַל... און ביסט אַוועק געשווינד;
אין אַ שטונדע האָסטו געבראַכט מיר צו עסען,
און אַ קליינעם ארון פֿאַר'ן טויטען קינד.

מיר האָבען דעם שרעקליכען ייער פֿערטריבען,
אין קאַלטען צימער פֿייער געמאַכט,
.אָס טויטע קינד אין ארון צוגעקליבען—
ווער האָט אונז געהאָלפֿען אין דער פֿינסטערער נאַכט?



איך האָב ניט געוואַנט קיין וואָרט ביי דיר פֿרעגען
אונ דו האָסט מיר אייך גאָרניט געזאָגט...
דיין שווייגען איז אויף מיר ווי אַ שטיין געלעגען—
מיר האָבעןביידע ביטער געקלאָגט...

וואו ביסטו איצט, אונגליקליכער קרבן?
מיט דיין ביטערען עלענד אונ שרעקליכער נויט!
ביסטו אין קאַמפף מיט דיין שיקזאַל געשטאָרבען?
אָדער געפֿאַלען אין שאַנדע אונ קויט?!

אַלע, אַלע ווּעלען דיך פֿעראַכטען,
יעדער וועט וואַרפֿען אין דיר אַ שטיין—
איך אַליין וועל מיט פֿלוך דיזע וועלט בעטראַכטען,
וואָס קען נור פֿער'משפט'ן אָבער ניט פֿערשטעהן!

## דער לעצטער סטרייק.

ווי לאַנג, אָה, ווי לאַנג וועט איהר, ברידער, נאָך סטרייקען
פֿאַר דאָס שטיקעלע שקלאַפֿען־ברויט?
ווי לאַנג וועט איהר שמאַכטען, ווי לאַנג וועט איהר בלוטען
אין פֿינסטערניש, הונגער אונ נויט?

ווי לאַנג וועט איהר שטעהן מיט אַ נאַקעטען רוקען
אונטערן בייטש פון'ם טיראַן,
און שווימען פון וויגעלע ביז צו דעם קבר
דורך אַ בלוטיגען אָקעאַן?

זאָג מיר, דו מעכטיגע, רייכטהימער שאַפענדע,
אייזערנע אַרבייטער קראַפט:
וואָס האַלט דיך געבונדען? וואָס צווינגט דיך פערבלייבען
ביי עטליכע רויבער פערשקלאַפט?

וואָס דאַרפסטו שמאַכטען אין טענעמענט־הייזער,
וואו אויף דיר קוקענדיג וויינען די ווענד?
דער גאָלדענער שליסעל פון פרייהייט'ס גן עדן
ליגט דאָך ביי דיר אין די הענד?

וואַך אויף! און טרייסעל אַראָב פון די שולטער
דעם טויזענד יאָהריגען שטויב!
מיט איין קרעפטיגען שטויס צוּוואַלגער, צושמעטער
דיין תפיסה, דו אַרבייטער־לייב!

רוף צונויף דיינע שוועסטער און ברידער
און אונטער דער רויטער פאָהן
וועלען מיר אַלע אַ סטרייק ערקלעהרען
די אויסבייטער, געלדזוּק און טראָהן!

מיר וועלען סטרייקען פאַר פרייע אַרבייט,
וואָס ווייסט ניט פון הערר און קנעכט!
מיר וועלען סטרייקען פאַר פרייהייט און גלייכהייט,
פאַר דאָס הייליגע מענשען־רעכט!

מיר וועלען סטרייקען פאר א פרייע וועלט,
אהן בלוט־הינד, אהן מארד־אינסטרומענטען,
וואו פרייע ליעבע און דער פרייער פערשטאנד
וועלען זיין די פרעזידענטען!

וואו אלע מענשליכע פערגניגען,
וואס די וועלט קען געפינען נור,
וועט יעדער פראנק און פריי געניסען
אויף'ן בוזים פון דער נאטור!

פאר דיזען גרויסען אלוועלטליכען סטרייק
פעראייניגט זיך ארבייטער־מאסען!—
ווען איהר געווינט פאר זיך שוין שקלאפען־ברויט—
בלייבען נאך הונגריגע אויף די גאסען!

און וואס טויג ברויט, ווען די הענד זיינען אין קייטען
און דאס הארץ איז פול מיט גאל?
אה ניין, נור פרייהייט קען מענשען רעטען
פון פינסטערן יאמער־טהאל!

צו איהר לאמיר שטרעבען! פאר איהר לאמיר קעמפפען,
ווייל זי אליין איז נור ווערטה,
אז דער ארבייטס־מאן זאל קושען איהר שטערן
און ציהען פאר איהר זיין שווערד!

נור לאמיר, ברידער, פערשטעהן מיט קלארהייט,
וואס מיר ווילען, און ווי אזוי:
ניט „ברויט אדער ארבייט!" — „טויט אדער פרייהייט!"
דארף זיין אונזער קריעגס־געשריי!

פאָרוועדטס, ברידער! צום לעצטען סטרייק
אונטער דער רויטער פאָהן!
זיין נאָמען מאַכט ציטערען אַלע טיראַנען
ער הייסט רעוואָלוציאָן!

# דער שניידער.

אַט זיצט אַ שניידער אַן אַלטער
מיט ווייסע גרויע האָר;
זיין שער און נאָדעל האַלט ער
שוין גאַנצע פופציג יאָהר.

ער זיצט אין דריי געבויגען,
ער אַרבייט טאָג און נאַכט;
מיט טרערען אין די אויגען
נייט ער, זיפצט און טראַכט...

„אוועק זיינען מיינע יאָהרען
אין פינסטערניש און נויט:
די כוחות אין אַרבייט פערלאָרען,
און האָב דאָך קיין רוה, קיין ברויט.

איך מוז האָרעווען, וואָרגען,
עס פּלאַצט אין מיר די גאַל,
ווייל עס דאַרף האָבען מאָרגען
דעם פראַק אַ פראַנט צום באַל.

דער פראַק מוז אויף איהם ליגען
גלאַט, קיין קנייטש, קיין פלעק;
אַז ניט קען דער שניידער קריגען
פון גומען באָס די סעק.

גלענצען מוז ער ווי אַ שטערען
אין פראַק דער מאָדנער העלד;—
פון דעם אָרעמען שניידער'ס טרערען,
וואָס ווייס פון זיי די וועלט?"

אָט געהט דער שניידער אָרעם,
צובראָכען, שוואַך און בלאַס;
זיין אַרבייט אונטערן אָרעם,
זיין נעזיכט פון טרערען נאַס.

דער באָס וויל ניט בעצאָהלען,
דער ראָק ליגט עטוואָס שלעכט:
„פון הונגער ווער געשוואָלען
און אַרבייט ווידער נעכט!"

דאָרט אין אַ שטוב אַ קאַלטער,
דאָרט וואַרט מען שוין אַצינד,
אַז ברויט ברייננט באַלד דער אַלטער
און אַ פעני פאַר דעם קינד.



„איך קען מיין האַלז ניט שניידען,
דער באָס גיט קיין פּיטאַק;
נאָך מוזט איהר הונגער ליידען,
אַ קניימש איז דאָ אין פֿראַק!"

איהר שמערץ קען די פֿרוי ניט פֿערהאַלטען,
זי וויינט, ווערט בלאַס ווי טויט;
די קינדער קוקען אויף דעם אַלטען,
קוקען און בעטען ברויט...

אָה, מענשען רייכע, זאַטע,
קוקט אייך צו נור גוט!
אויף אייערע קליידער גלאַטע
ליגט דעם שניידער'ס בלוט!

## א ביטערער מזל.

(פֿריי נאָך נעקראַסאָוו.)


שווערע לאַסט מוז זי אין לעבען טראָגען;
דער, וועלכער האָט געריבט איהר שעהנעם האַרץ,
איז איצט איהר שלאַנג: זי טאָר פֿאַר איהם ניט קלאָגען,
זי מוז פֿערבאָרגען טיעף אין האַרץ איהר שמערץ.



אָה, זאָג מיר נים, דו האָסט דיין וועלט פֿערלאָרען,
דיין שעהנהיים, יוגענד, אַלעס צוליעב מיר;
פֿאַר דיר זיינען נאָך פֿיעל זיסע, יונגע יאָהרען,
פֿאַר מיר איז נור — דעם קאַלטען קבר'ס טהיר...

אָה, זאָג מיר נים, אַז איך האָב פֿערטריעבען
דעם זיסען גליק, די האָפֿנונג פֿון דיר;
איך וויים, דו וועסט נאָך לעבען און נאָך ליעבען...
אָבער צו מיר... קלאַפּט שוין דער טויט אין טהיר...

זי שטעהט פֿאַר איהם, איהר שעהנעם קאָפּ געבויגען,
ווי אַ מארמאָר־בילד, בלאַס און וואונדער שעהן;
ער — הערט נים אויף איהר יונגעם בלוט צו זויגען...
און זי? זי מוז פֿערבאָרגען איהר געוויין...



## בטארע און זונענשיין.

———

עס גיבען פֿינסטערע מינוטען;—
פֿערניפֿטעט איז דער לעבענס־כוס;
עס איז ניטאָ פֿאַר וואָס צו בלוטען,
צו קעמפּפֿען איז ניטאָ פֿאַר וואָס.



עס דאַכט: אויף אייביג איז פֿערלאָשען
די זונן, די ערד איז אַ טהרה־ברעט;
די מענשהייט ליגט אָהן גייסט, אָהן לשון—
אַ קאַלטער, העסליכער סקעלעט!

דו וואַנדערסט עלענד צווישען שטיינער
און קאַלטע בערג פֿון אייז און שניי;
און דיינע זיפֿצען הערט ניט קיינער,
און קיינער קומט אויף דיין געשריי.

דו האָסט אַמאָל געהאַט חברים,
דאָך עלענד, עלענד ביסטו היינט!—
וואַרפֿט אונז אריין דער פֿיינד אין חרם,
פֿערגעסען אונז אויך די גוטע פֿריינד!

ווי שווער איז אין אַזוינע מינוטען!
אָה, טרינק געשווינד דיין טויטען־כוס!—
עס איז נימאָ פֿאַר וואָס צו בלוטען,
צו קעמפֿען איז נימאָ פֿאַר וואָס!

.............................................

עס גיבען ליכטיגע מינוטען;—
דאָס האַרץ איז פֿול מיט ווּנענשיין;
מיר ויינען שטאָלץ פֿאַר פֿרייהייט בלוטען
און טרייע פֿרייהייטס־קעמפֿער זיין!

מיר מאַכען אויך די שטיינער ריידען
און קעמפֿען גענען טיראַניי!—
די ערד קען ווערען אַ גן־עדן,—
די מענשהייט דאַרף נור ווערען פֿריי!



זאָל שטורמען, דונערן און בליצען,
מיר קעמפּפען דרייסט, — וואָס נעהמ׳ס אונז אָן!
מיר קעמפּפען דרייסט, ביז ס׳בלייבט ניט זיצען
קיין איין טיראַן אויף זיין בלוט-טראָהן!

מיר קעמפּפען, ביז מיר וועלען רעטען
די מענשהייט פון איהר נויטה און שאַנד;
מיר קעמפּפען ביז די פרייהייטס-נעטין
וועט הערשען פריי אין יעדען לאַנד!

נים קיין ווערטער און פּאַראַדען,
פּויקען-שאַלען און מוזיק;
ברידער! שווערדען, באַריקאַדען
פיהרען אונז צום פרייהייטס-זיעג!

אין קאַמפּף זיינען טייער אויך מינוטען!
זאָל יעדער טהאָן זיין קעמפּפער-פליכט!
מיר זיינען שטאָלץ פאַר פרייהייט בלוטען
און שטאַרבען אין איהר זונענליכט!

# טרערן.

---

איך זעה אַ גלעזערנעם קאַסטען,
יואָם גרייכט פֿון דער ערד ביז די שטערען;
עס זידען דאָרט בלוטיגע טרערען
פֿון דעם אָרימען פֿאָלק דעם פֿערהאַסטען.

אַ שטורם קומט אָן... צושטערען
וועט ער דעם גלעזערנעם קאַסטען;
און אַלע טהראָנען און פּאַלאַסטען
פֿערשלינגט דער ים פֿון טרערען.

# א ראמאנס.

---

(פֿון דעם רוסישען.)

---

די בלויע וועלען האָבען זאַנפֿט געמורמעלט
דער בלאַסער מאָנד געלויכט האָט העל און שעהן;
געקלאַפּט האָט שטיל דיין האַרץ, געטוליעט צו מיין האַרצען, —
אַך, יענע נאַכט! — פֿערגעסען האָסטו זי שוין!

דו האָסט געשוואָרען דעם דיכטער טרייע ליעבע,
דאָך דער פֿרומער, נאַרישער המון
האָט דיך געשראָקען, און דו האָסט דיין ליעבעס,
דיין יונגעס הארץ פֿערוואַנדעלט אין אַ שטיין.

און איצט איז שוין ניט ווייט מיין לעצטע שטונדע,
צום לעצטען מאָל וועט דיר דעם דיכטער'ס שטים
זינגען שטיל... ער האָט מיט דיר געאָטהעמט,
געליעבט נור דיך, — דו האָסט פֿערגעסען איהם!



# אן אלטע געשיכטע.

---

איך האָב זי בעמערקט ביי אַ גאַז־לאַמטערן,
זי איז געווען אַ יאָהר זיעבצעהן אַלט;
שוואַרצע אויגען, אַ שניי־וויסער שטערן,
צוואָרפֿענע לאָקען, אַ שמאַרקע געשטאַלט.

נור איהר טואַלעט איז קלענליך געוועזען,
אויף איהר בלאַסען פנים, פֿון פודרע פֿערשטעלט,
האָב איך מיט ביטערען טרויער געלעזען:
„קויף מיך, איך הונגער, איך האָב ניט קיין ברויט!"

עס האָבען געראלט פֿערביי אונז קאַרעטען,
מיט רייכע, פֿערפּוצטע דאַמען אין זיי,
אין זיידענע קליידער, אין טייערע הוטען,
אין פֿוטערס ווייס, ווי געפֿאַלענער שניי.

איך האָב בעטראַכט מיט ברענענדען צאָרן
די רייכע זונות מיט דעם טיטעל „ווייב",
און די, וועלכע שטעהט אויף דער גאַס איצט פֿערפֿראָרען,
געצוואונגען דורך הונגער פֿערקויפֿען איהר לייב.

מיין האַרץ האָט געשטורמט... דאָך, פּלוצלינג, אָה, געטער!
וואָס זעה איך? דעם קרבן פֿון הונגער און שאַנד
האָט אַ פּאָליציי־מאַן, אַ געזעלשאַפֿטס־רעטער,
געכאַפּט... זי ציטערט שוין אין זיין גראָבער האַנד!

זי בעט זיך ביי איהם, זי בעגיסט זיך מיט טרערען,
זי פֿאַלט אויף די קניע פֿאַר דעם העלד פֿון געזעץ;
ער בלייבט קאַלט, ווי אַ שטיין; ער איז תמיד גערן,
ווען אַזאַ „סחורה" פֿאַלט אריין אין זיין נעץ.

אָט קומט שוין דער וואָגען, דער שענדליכער וואָגען,
הונדערטע נייגיעריגע שטעלען זיך אָפּ;
די אונגליקליכע! זי הערט ניט אויף קלאָגען,
זי רייסט זיך די האָר פֿון איהר עלענדען קאָפּ!

און אָט איז דער וואָגען, די מענשען פֿערשוואונדען...
אַן אַלטע געשיכטע, אַן אַלטע... ניט וואהר?
און דאָך וואָס פֿאַר וואונדען, פֿאַר ברענענדע וואונדען,
פֿיהל איך אין האַרצען, איך, אָרימער נאַר!

# די הונגעריגע און די זאטע.

די הונגעריגע שרייען נאָך ברויט —
די זאַטע פילאָזאָפירען;
די הונגעריגע שטאַרבען פון נויטה —
די זאַטע פאַרלאַמענטירען.

די הונגעריגע בלוטען און שטרייטען
מיט דער הערשענדער רויבער־באַנדע;
די זאַטע שטעהען פון וויטען,
און שרייען: „עס איז אַ שאַנדע!"

„גנב'ענען ברויט, — אַך, איהר בטלנים!
לומפען־פראָלעטאַריאַט!
מיר זיינען מיט אייך קיין מחותנים!"
ערקלעהרט דער „עס" דעמאָקראַט.

„יונגאַטש!" — מעקען איהם צו זיינע פיה,
„יונגאַטש!" — ענטפערט זיין עזעל־קוואַרטעט.
אַך! אָבשעצען ריזע פילאָזאָפיע
קען נור דער, וואָס איז זאַט און איז פעט!

דאָך דער אָרעמער, פוסטער מאָגען
קען דאָס גאָר ניט פערשטעהן;
און ער וועט אין גיכען צושטערען, צוטראָגען
יעדען מ־אָהן, יעדען קערקער־שטיין!

די הונגעריגע שרייען נאָך ברויט—
די זאַטע פילאָזאָפירען;
די הונגעריגע שטאַרבען פון נויטה—
די זאַטע פאַרלאַמענטירען!...

# א וויסענשאַפטליכער מארד.

די מענשען זיינען וואונדערבאַר,
פון געטער שטעהען זיי העכער!
זיי האָבען מיטלייד איצט זאָגאַר
מיט מערדער און פערברעכער!

מען פלעגט ביז איצט פערברעכער טויטען
דורך פולווער, שטריק און שווערד,
מען פלעגט זיי מאַטערען אין קייטען
אין אַ פינסטערען געצעלט!

דאָך איצט טהוט וויסענשאַפט פערברייטען
ליכט, הומאַניטעט,
מיר וועלען איצט גאַנץ **עדעל** טויטען
דורך עלעקטריציטעט!

דאָס הייסט אַ וועלט פֿון לערנער, דיינקער!
נים אינקוויזיטאָרען!
אָה, ניין! ביי אונז זיינען אויך די היינקער
וואַהרע פּראָפֿעסאָרען!

אָט האָב איך איצט אין בלאַט געלעזען,
מען האָט „עלעקטריזירט"
אַ מאַן, וואָס איז אַזוי ווילד געוועזען
אַזוי אונציוויליזירט,

אום מיט אַ האַק זיין פֿרוי צו מאָרדען!
און אָט האָבען דערפֿאַר
ריכטער וויסענשאַפֿטליכע, לאָרדען,
ערמאָרדעט דיזען נאַר!

דאָך ווי ערמאָרדעט! וויסענשאַפֿטליך,
אַנשטענדיג, סאָליד!
נים היציג און נים ליידענשאַפֿטליך,
קאַלטבלוטיג, טריט ביי טריט!

זיי האָבען געמאַכט אַ קליינעם טעות,
און דאָך גערעכענט גוט:
עס האָט פֿערזאַמט דער מלאך המות
אויף עטליכע מינוט!

זיי האָבען שוין דעם אָרעמען קרבן
פֿון „טויטען־טשער" בעפֿרייט,
און ער... ער איז נאָך נים געשטאָרבען...
ער צאַפּעלט זיך... ער שרייט!

דאָס האָט ערשטוינט די פּראָפעסאָרען,
די היינקער אין די „פּרעק",
די זיינען פלוצלינג בלאַס געוואָרען,
גע'חליש'ט דאָרט פון שרעק!

„ער לעבט! ער לעבט! אָה, שלעפּט איהם ווייטער
צו דעם טויטען־טשער!"
אזוי האָט געשריען אַ געשייטער,
וויסענשאַפטליכער הערר!

די פּראָפעסאָרען שטעהען אונשולדיג...
ער לעבט נאָך... ער איז הייס!
עס פליהען פונקען... ס'פּלאַצען גלידער!
עס ברענט אויף איהם דאָס פלייש!

די פּראָפעסאָרען שטעהען אונשולדיג...
מיט זייגערס אין די הענד,
און ערוואַרטען אונגעדולדיג
דעם אונגליקליכען'ס ענד!

דאַן וועט מען איהם אַנאַטאָמירען,
אום וויסען, וויפיעל צייט
עס נעהמט מיט דעם עלעקטריזירען
ערמאָרדען אָרעמע לייט!

דאָס זיינען דורך די רייכע לאָרדען,
אונוויסענהייט און נויטה
געטריבען צו רויבען און צו מאָרדען
פאַר דאָס שטיקעל ברויט!

און דאָס הייסט פּראָגרעס!...

# מוטער און קינד.

אויף דעם פינפטען פלאָר אין אַ שמאָלינקען חדר,
בײ דעם דונקלען שײן פֿון אַ ליכט,
זיצט אַ יונגע פרוי אין צוריסענע קלײדער
מיט אַ טרויעריגען, בלאַסען געזיכט.

זי זיצט, איהר דאַרען קערפער געבויגען,
איבער איהר קראַנקען קינד;
זי גיט איהם מיט טרערען איהר ברוסט צו זויגען,
דאָך ניט מילך, — זי האָט גאַל דאָרט אַצינד.

דאָס קינד נעהמט אויס פֿון הונגער, פֿון שמערץ,
עס שטאַרבט — „אוי וועה מיר און ווינד!"
די מוטער וויל שרייען, דאָך פֿערקלעמט איהר דאָס האַרץ—
און זי חליש'ט בײ איהר שטאַרבענדען קינד.

עס איז שטיל אין צימער, טרויריג קלאָגט נור דער ווינד,
און אַזוי ווי אַ פֿרײנד אַ גוטער
בעוויינט ער אַלײן דאָס אונשולדיגע קינד
און זײן אונגליקליכע מוטער.

פלוצלינג קלאַפט מען אין טהיר, אַז עס ציטערען די ווענט...
עס לויפט אַרײן דער לענדלאָרד פֿון הויז—
„וואָס זײט איהר דאָרט טויב! בעצאָהלט מיר מײן רענט,
אַז ניט וואַרף איך אײך פֿון צימער אַרויס!"

ניטאָ קיין אַנטוואָרט. שטיל געהט אויס דאָס ליכט...
אָט פלאַקערט עס נאָך אַמאָל אויף
און בעלייכטעט אַ פערגאַטערטעס טויטעס געזיכט
און דאָס קינד אין דעם אייביגען שלאָף.

דער לענדלאָרד בלייבט שטעהן פאַר דעם שרעקליכען קרבן,
ער נעהמט די פרוי פאַר די קאַלטע הענד,—
„זי איז טאַקע, אַפנים, פון הונגער געשטאָרבען;
ווער וועט מיר בעצאָהלען מיין רענט?!"

אין צימער איז פינסטער. טרויריג בלאָזט דער ווינד
איבער די אָפּפער פון הונגער און נויטה.
רוהיג שלאָפט די מוטער מיט איהר אונשולדיג קינד
אונטער די שוואַרצע פליגעל פון טויט...

# א שטיקעלע ברויט.

פאַר א שטיקעלע ברויט אָהן קייטען, אָהן סם,
ביז מיין טויט וואָלט איך אַרבייטען גערן,
אָבער, ברידער! מיין ברויט איז איצט פול מיט מיין דם,
פערגיפטעט מיט בלוטיגע טרערען.

עס רעבעלירען מיין האַרץ און מיין מח
נענען דעם שענדליבען ברויט,
פֿאַר וועלכען איך אָפּפּער מיין לעבען, מיין כּח
און לייד דערצו ביטערע נויטה.

אַ שטיקעלע ברויט אָהן סם און אָהן קייטען,—
ברידער! פֿערלאַנג איך דען פֿיעל?
בין איך דען שולדיג, אַז איך קען ניט טויטען
אין מיר יעדעס מענשען־געפֿיהל?!

אַ שטיקעלע ברויט אָהן שענדליכע קייטען,—
ברידער! ווער עס וויל אַזאַ ברויט,
דער מוז אונזער הייליגע לעהרע פֿערברייטען,
קעמפּפֿען אויף לעבען און טויט!

ער מוז איבעראַל אין זיין ברוסט מיט זיך טראָגען
פֿון פֿרייהייט דעם הייליגען פֿלאַם;
יעדען קנעכט, יעדען הערשער דעם אמת נור זאָגען:
„מיר ווילען קיין קייטען, קיין סם.

מיר ווילען פֿריי אַרבייטען און אויך פֿריי געניסען
די פּירות פֿון אונזערע הענד;
מיר ווילען, איהר זאָלט אונז דאָס בלוט ניט פֿערגיסען,
מיר ווילען צו קנעכטשאַפֿט אַן ענד!

מיר ווילען די פֿרייהייט, מיר ווילען די ערד;
מיר זעהען די צוקונפֿט מיט קלאָהרהייט:
יעדער שקלאַף איז אַ מענש, יעדער מענש איז אַ העלד,
ווען זיין וואַפֿע איז — ליעבע און וואַהרהייט!"



# דער „עלפטער" אין דער פרעמד.

ווייט האָט מיך דער שטורם פערטראָגען
פון אייך, מיינע ברידער, וואָס וועל איך איצט טהאָן?
מיט וועמען וועל איך דעם „עלפטען" טראָגען
אונזער בלוטיגע טרויער-פאָהן?

איך זעה אַרום זיך נור קאַלטע געזיכטער,
ברואים, וואָס וויסען נור ביזנעס און געלד;
וואָס געהען זיי אָן די שטערען, די ליכטער,
וואָס האָבען בעלויכטען די שקלאַפען-וועלט!

וואָס וויסען זיי פון פרייהייטס-מאַרטירער?
איז דען ניט פריי דאָס שווינדעל-וואָרט?
וואָס אַרט דען די רויבער, שופטען, פערפיהרער,
דאָס בלוט פון אַ פינפפאַכען ברודער-מאָרד?

ניט אין גלענצענדען פרייהייטס-טעמפעל,
ניט דאָרט, וואו דאָס פאָלק ערשיינט אין זיין מאַכט,
אין אַן אָרעם צימער, פאַר דעם צאַנקענדען לעמפעל,
וועל איך פערברייננגען די בלוטיגע נאַכט.

עכ וועלען שוועבען פאַר מיר די געשטאַלטען
פון די, וואָס האָבען דעם מוטה געהאַט
זיגען-הויך זייער פאָהן צו האַלטען,
און שטאַרבען פאַר דעב פראָלעטאַריאַט!

און דער דורשט נאָך קריעג, און דער גליהענדער פֿייער
פֿון נקמה דערוועקט זיך אין מיר אויף דאָס ניי;
וואו זיינען איהר העלדען? וואו זיינען איהר בעפֿרייער?
וואָס לאָזט איהר געוועלטיגען די טיראַנייַ?!

שקלאַפֿען־מוזיק און שקלאַפֿען־פּאַראַדען—
דאָס העלפֿט ווי פֿאַראַיאָהרינגער שניי;
האָט איהר פֿערגעסען די שלאַכט־באַריקאַדען,
באָמבען און שווערדען? דערמאָנט זיך אָן זיי!

דערמאָנט זיך אָן זיי! און ווי מענער, ווי העלדען,
הויבט אויף נענען פֿיינד אייער שווערד און שפּיעז,
און זאָלען די גלאָקען קלינגען און מעלדען,
אַז פֿריי איז דער מענש אין זיין פּאַראַדיז!

## פֿון „אלבערט פּאַרסאָנס ליעדער“.

―――

קומט נים אויף מיין קבר צו טרויערן,
קרעכצען, זיפֿצען און בעדויערן,
ווען איך מאַך מיינע אויגען צו,
שטערט נים מיין רוה!



בעליידיגט ניט מיין שטויב
מיט אייער בילינגען לויב,
מיט אייער מיטלייד און טרערען,—
אין מיין גרוב וועל איך שלאָפען אַזוי גערן!

דריקט ניט מיינע ביינער
מיט די קאַלטע מצבה־שטיינער,
מיט די הענד אויף מיין האַרצען
לאָזט מיך רוהען פון טויזענדע שמערצען!

ניט איבער מיר דאַרפט איהר טרויערען,
ניט מיך — אייך דאַרף מען בעדויערען,
אייך, וואָס בלייבען אויף דער וועלט,
שלעפען קייטען, זיך בוקען צום געלד!

פאַר מיר איז ניט מעהר קיין ליידען,
אין מיין גרוב וועל איך אַלעס פערמיידען!
קיין וואונד, קיין קייט, קיין טרער,
וועט מיין האַרץ ניט פערבלוטיגען מעהר!

איהר, וואָס ציטערט מיט יעדען אבר,
ווען איהר זעהט פאַר זיך דעם קבר—
ווי קלענליך איהר קוקט דאָ מיר אויס,
זעהט, ווי רוהיג איך נעה אין מיין הויז!

דעם טויט'ס שטילער געצעלט
איז פרייער פאַר אייער וועלט,
וואו גליק איז איצט אַ טרוים,
וואָס טרעפט זיך זעלטען קוים.

שטיל וועל איך אין קבר ליגען,
די מוטער נאַטור וועט מיך וויגען,
ביז דער פרייהייט׳ס הייליגע סטרונע,
וועט מיך אויפוועקען אין מיין טרונע!

# 1789.

איך ליעב דיך, פראַנקרייך! איך ליעב דיך, פאַריז!
איך ליעב דיך, בעגייסטערטער, קעמפפענדער ריעז
מיט דיין רויטען פאַנצער און שאַרפען שפיעז,
איך ליעב דיך, פאָלקס־בעפרייער!

איך ליעב דיין העלד, דעם גרויסען מאַראַט,
דעם אונערשראָקענעם פרייהייטס־סאָלדאַט;
זיין יעדעס וואָרט איז אַ העלדען־טהאַט,
זיין יעדער שריט איז פייער!

פון יאָהרהונדערט צו יאָהרהונדערט
הער איך, ווי עס קלינגט און דונערט,
פון דער גאַנצער וועלט בעוואונדערט,
פראַנקרייך, דיין שטורם־גלאָק.

ער קלינגט, ער רופֿט אויף אַלע שפּראַכען
צו יעדען פּערוואָגעלטען, אָרעמען, שוואַכען:
„לײדענדער קנעכט, שוין צײט צו ערוואַכען,
עס נעהט אויף דער פֿרײהײטס-טאָג!

„טהו אָן דײן פּאַנצער, הויב אויף דײן פֿאָהן!
פֿערניכט דעם קעניג, צושמעטער דעם טראָהן!
זיעגען מוז די רעוואָלוציאָן!—
אַרבײטער-פֿאָלק, צו די וואַפֿען!

„מיר ווילען ניט קענען קײן אויטאָריטעטען,
וואָס רויבען אונז, מאָרדען אונז, דריקען און טרעטען;
מיר ווילען קײן גאָט און קײן טײוועל ניט בעטען,
מיר ווילען ניט מעהר זײן קײן שקלאַפֿען!

„מיר ווילען זײן ווי די אָדלער פֿרײ!
מיר ווילען געניסען דעם לעבענס-מאַי!
ציטער, דו בלוטיגע טיראַנײ:
עס קומט דער ראַכע-טאָג!"

אַזוי הער איך, ווי ס'קלינגט און דונערט
פֿון יאָהרהונדערט צו יאָהרהונדערט,
פֿון דער גאַנצער וועלט בעוואונדערט,
פֿרײהײט, דײן שטורם-גלאָק!

# די רעוואָלוציאָן.

(נאָך'ן דייטשען.)

זי איז ניט טויט! איהר קענט זי ניט דערשלאָגען!
זי לאַכט פון אייער צאָרן, אייער ברומען און ברילען,
איהר מעגט זי הונדערט מאָל צום קבר טראָגען:
אונשטערבליך לעבט די רעוואָלוציאָן!

איהר גלויבט, איהר האָט זי געקייט און געבונדען,
אייפ'ן גאַלגאַן דערוואָרגען, מיט'ן שווערד דערשטאָכען—
און דאָך, טראָטץ אַלע איהרע שווערע וואונדען:
אונשטערבליך לעבט די רעוואָלוציאָן!

זי שטורעמט, פאָהרט מיט בלוטיגע לאָקען,
מיט פלאַמענדע אויגען דורך שטעדט און לענדער—
זי ציהט אומעטום די אַלאַרם־גלאָקען:
אונשטערבליך לעבט די רעוואָלוציאָן!

יונג און אַלט איהר אויפרוף הערט,
בעגייסטערט ווערט מאַן און פרוי—
גרייפט מיט קראַפט דעם העלדען־שווערד:
אונשטערבליך לעבט די רעוואָלוציאָן!



זי לויפט געשווינד גליק פערקינדען,
איהר לעהרע איז מיט בלוט געטויפט—
געלדזאַק, פאַפסט און טראָהן פער־שווינדען:
אונשטערבליך לעבט די רעוואָלוציאָן!

וואַך אויף, אָה פאָלק, עס קומט די צייט!
הער איהר רוף און פערלאָז דיין געצעלט!
פראָלעטאַריאַט, צום בלוטיגען זיי געגרייט!
בעפריי זיך, און פריי איז די וועלט!



# די פאלקסשטימע.

---

(געווידמעט אַן אַלע פריידיינקענדע אַרבייטער.)

---

איך זעה אַ פינסטערע גרוב פאַר מיר,—
דריקענד איינעם דעם צווייטען,
ליגען געפאַנגענע שקלאַפען אין איהר,
געשמידט אין אייזערנע קייטען.

איך הער ווי זיי שרייען: „אָה, רעטעט אונז, ברידער,
פון פינסטערניש, הונגער און נויטה;
אָרעמע, עלענדע, פאַלען מיר ניעדער
אין קאַמפף פאַר דאָס שטיקעלע ברויט!

האָבען מיר דען ביי דער וועלט פֿערדיענט
מען זאָל אונז מיט צוואַנגס־אַרבייט טויטען,
און דאָס פֿערשאָלטענע אַרבייטער־קינד
זאָל ירש'ענען שווינדזוכט און קייטען?

ועהט, יעדער פּאַלאַץ, יעדער וויסענשאַפֿטס־טעמפּעל
און אַלעס וואָס רייך איז און גרויס,
טראָגט אויף זיך דעם הייליגען שטעמפּעל
פֿון אונזער פראַצע און בלוטיגען שוויים.

און אויך די ווערק פֿון גרויסע ערפֿינדער,
מיט וועלכע עס קלינגט די וועלט,
ויינען געבוים פֿון אַרבייטער־קינדער,
וואָס ליידען הונגער און קעלט!

און זיי לאַנג וועלען מענשען נאָך ליידען און בלוטען
אין פֿינסטערניש, עלענד און שאַנד!
ברידער! אין קאַמפּף ויינען אויך טהייער מינוטען,
קומט צו אונז! רייכט אונז די האַנד!"

אַזוי הער איך די שקלאַפֿען רופֿען און שרייען—
מענשען געהען קאַלטבלוטיג פֿערביי...
דאָך עס גיט אויך אַזוינע, וואָס ווינשען בעפֿרייען
די ברידער פֿון שקלאַפֿעריי.

נור זיי קענען זיך נאָך ביז איצט ניט דערקלערען,
וואָס זאָלען זיי אָנהויבען טהאָן!
איינציגע שרייען, פֿריי קען מען ווערען
נור דורך רעוואָלוציאָן.

די אַנדערע שרייען, מען דאַרף נור האַרען,
אונז רעטעט די וויסענשאַפט!
עס שרייען צוואַמען די קלוגע און נאַרען,
און דער שקלאַף בלייבט ווי אימער פערשקלאַפט!

יעדע פאַרטיי האָט איהרע חסידים
און אַ פרומען רבי ביי זיך,
וואָס פריידיגט אימער צו זיינע תלמידים:
„אַ שפיי אויף יעדען, וואָס דיינקט ניט ווי איך!"

אָנשטאָט צו זעהן אַלע אַרבייטער ברייננען
אונטער איין פרייע פאָהן,
שטרעבט איין פאַרטיי די צווייטע היינגען,
און עס יובלען געלדזאַק און טראָהן!

עס קלינגען זיס געשליפענע צינגער,
עס זינגען אונז פאָלקס-פּאָעטען!
דאָך דעם עלענדען שקלאַף איז דערפון ניט גרינגער,—
נור איינינקייט קען איהם איצט רעטען!

ער האָט שוין די לעצטע קרעפטען פערלאָרען,
דאָך זיין פיינד איז מיט בלוט נאָך ניט זאַט!
מענשען זיינען מיר? פוסטע פראַזיאָרען,
ברידער, אין וואָרט, נים אין טהאַט!!

זיינען אונז טהייערער „סיסטעמען"
פון מענשליכע בלוט און פלייש?
פריידיגען מיר ניט פאַר זיך, נור פאַר יענעם
מענשענליעבע אַזוי הייס?

און ווילען מיר ווירקליך אַמאָל עררייכען
דאָס הייליגע פרייהייטס־לאַנד,
ווארום זאָלען מיר זיך ווי ברידער ניט רייכען,
איינער דעם צווייטען די האַנד?!

נור פעראייניגט איז מעגליך מיר זאָלען פערניכטען
דעם אַלגעמיינעם פיינד,
און פריי גענִיסען די הייליגע פרוכטען,
וואָס ווערען געטריבט פון אונז היינט.

## אמת'ער פאטריאטיזמוס.

דאָס שרייט איהר געגען פאָטערלאַנד?—
זאָל יעדער טהון זיין פפליכט
און קעמפּפען אין זיין פאָטערלאַנד
פאַר פרייהייט און פאַר ליכט!

זאָל יעדער ליעבען זיין פאָטערלאַנד גוט,
זיין שפּראַך און זיינע ליעדער,
און קעמפּפען מיט זיין האַרץ און בלוט
פאַר זיינע פערשקלאַפטע ברידער.



דאַרף איך דען האַסען פֿאָטערלאַנד?
זאָל די פֿרייהייטס-לעהרע פֿערברייטען
יעדער אין זיין אייגענעם לאַנד
און זיין פֿאָלק בעפֿרייען פֿון קייטען.

זאָגט: וואָס שאַדעט דעם פֿראַנצויז
זיין אמת'ער פּאַטריאָטיזמוס?
איז דען נים פֿראַנקרייך ווי פֿריער היים
אין קאַמפּף פֿאַר סאָציאַליזמוס?

און ווען אין יעדען פֿאָטערלאַנד
פֿאַלען טיראַנען און טראָהנען—
דאַן פֿאַלט אויך די פֿינסטערע וואַנד,
וואָס צוטיילט איצט אַלע נאַציאָנען.—

אַלע מענשען וועלען זיך רייכען די האַנד,
ווי גוטע, ליעבענדע ברידער,
און יעדער וועט זינגען אין זיין שפּראַך און זיין לאַנד
די הייליגע פֿרייהייטס-ליעדער.

# וואס איז א דיכטער.

---

גלויבט נים דעם דיכטער! איהם איז שווער צו פערשטעהן,
ער בעוויינט טויזענדער זאַכען;
ער קוויקט זיך מעהר מיט זיין געוויין,
ווי מיר מיט אונזער לאַכען.

גלויבט נים דעם דיכטער! פון זיין בלוטיגער וואונד
וועט ער אייך מיט טרערען דערצעהלען,
און קריעגט ער אַ קוש פון אַ געטין'ס אַ מונד—
זייט זיכער! זיין וואונד וועט פערהיילען!

גלויבט נים דעם דיכטער! זיין האַרץ קען פערביטערן
אַ צוטראָטענע בלום אויף דער גאַס;
ביי אַ זיפץ פון אַ בעטלער ווערט ער פערציטערט,
אַ קלאַנג פון אַ קיים מאַכט איהם בלאַס!

גלויבט נים דעם דיכטער! ער איז פריי ווי דער ווינד!
אויף דאָס בלום פון די קעמפפענדע ברידער
קוקט ער ווי אויף רויט-פאַרבינע טינט,
וואָס איז גוט פאַר בילדער און ליעדער...

גלויבט נים דעם דיכטער! ער לאַכט מיט טרערען,
אין זיין געוויין ליעגט האַס און שפאָט...
וואָס איז אַ דיכטער? איז שווער צו ערקלעהרען—
ער איז אַלץ און גאָרנישט, אזוי ווי גאָט!

# אונשטערבליכקייט.

עס ווערט קיין זאַך פערלאָרען,
עס בייט די פאָרם נור;
נעשטאָרבען און געבאָרען
איז גלייך פאַר דער נאַטור.

די גאַנצע וועלט די גרויסע
איז נור אַ לאַנגע קייט
פון רינגען, שוואַרצע און ווייסע,
וואָס רופען זיך „לעבען" און „טויט".

צומישט אין דער נאַטור אַרום
איז דאָס לעבען און דער טויט:
אַ מ קריכט אַ גיפטיגער וואָרים
נעבען אַ בליהענדען בלומען-קוויים.

אַ טהייל הערליכע בוימער
ניבען פירות, ביטער ווי גאַל;
און אָפטמאָל פון טויטע שטיינער
שטראָמט אַ לעבענס-קוואַל.

איך דיינק, אַז פון אונזערע ביינער,
פון די קעמפפער טויטען לייב,
וועט אויסוואַקסען אַ שעהנער,
אַ לעבענספולער בוים;

א בוים מיט גאָלדענע פּירות,
געשמאַק און פֿריש און זיס;
ער וועט געבען די קומענדע דורות
פֿון אונז א ברודער־גריס.



## צו דער מוזע.

מוזע! דו קלאַפּסט שוין וויעדער אין טהיר
פֿון מיין אָרעמען, עלענדען האַרצען;
מיין קינד, איך האָב קיין פּלאַץ פֿאַר דיר—
מיין האַרץ איז פֿול טרערען און שמערצען.

וועה אליין, איך בין קראַנק און מיעד,
ווי קען איך איצט זינגען ליעדער?
און וואָס קען העלפֿען מיין טרויער־ליעד
מיינע אָרעמע שוועסטער און ברידער?

די וועלט איז א בלוטיגער, ווילדער טיראַן!
זי צורייסט מיר יעדען אבר!
מיין ליעד איז דאָס ליעד פֿון א קברות־מאַן
איבער א יתום׳ל׳ס קבר.



פֿון זיסע ליעדער, געשליפֿענע גראַמען,
האָב איך קיינמאָל געוואוסט;
די וועלט מיט איהרע בלוטיגע דראַמען
צורייסט אויף שטיקער מיין ברוסט.

אַך, גרויס איז מיין טרויער! אַ גיפֿטיגע שלאַנג
לעבט אין דיין אָרעמען זינגער;
איך פֿיהל, ווי זי זיצט אין מיין יעדען געדאַנק,
זי שרייבט איצט מיט מיינע פֿינגער.

אוי, קלאַפּ נים, מוזע, אין מיין אָרים האַרץ!
דאָרט ברענען קיין האָפֿנונגס־ליכטער;
עס איז דאָרט איינג פֿון טרערען און שוואַרץ—
געה צו די גליקליכע דיכטער!

צו די, וואָס וויסען פֿון גאָלדענע שטונדען,
פֿון זיסען, פֿון הימלישען חן.—
און מיך מיט מיינע קייטען און וואונדען,
מיך לאָז אויף אַ ווײלע אַליין!

# פראגמענט.

פ יעלע מענשען שטעלען די פראַגע:
וואָס קען העלפען א רעוואָלוציאָן!
ווי קען זי פערבעסערען אונזער לאַגע,
פערניכטען קייטען און טראָהן?—

דאָס אונגווייסענר פאָלק קען נור ברעכען און ברענען,
דאָך ניך שטילט זיך איין זיין צאָרן,
און דאַן וועט עס ווידער דעם טראָהן אַנערקענען
און דער ביטערער קאַמפף איז פערלאָרען!

ריעזע קלוגע לייט ניבען אונז עצות,
צו לערנען און אָבוואַרטען נאָך
און שלעפען, ווי תמיד, אויף אונזערע פלייצעס
דאָס שרעקליכע שקלאַפען־יאָך...

די עצה איז קלוג, דאָך עס קען זי נור געבען
אַזוינער, וואָס האָט פיליכט „געשטודירט"
די אַרביטער־פראַגע, אָבער אין לעבען
אַן ארבייטער זיין נים פרובירט;

אָדער אַזוינער, וואָס טראָגט אין ברוסט אַ שמאַטע
און נים קיין מענשליכעס האַרץ
און דיינקט, אַז מען קען מיט ווערטעלעך גלאַטע
היילען דער מענשהייט'ס שמערץ.



דאָך אַ מענש מיט האַרץ און געהירען
אין דיעזער וועלט פֿון שווינדזוכט און נויטה,
קען ניט רוהיג פֿילאָזאָפֿירען...
פֿרייהייט! — שרייט ער — אָדער טויט!

מיר קענען איצט פֿון דער צוקונפֿט ניט קלעהרען,
מען דריקט אונז, מען צאַפּט אונזער בלוט,
ווען די פֿרייהייט זאָל אויך איין מינוט נור געוועהרען,
איז דאָך אויך זיס איין פֿרייע מינוט!

און וואַרום זאָל די פֿרייהייט ניט זיין פֿאַר יאָהרען?
דאָס פֿאָלק גאַרט פֿרייהייט אומעדום!
און ווען דער פֿרייהייטס-קאַמפּף געהט פֿערלאָרען,
איז עס דערפֿאַר ווייל די פֿיהרער זיינען דום!

וואַרפֿט ניט אַרויף די שולד אויף'ן פֿאָלק,
ווען איהר זייט שולדיג אַליין;
וויַיסט נור צו פֿיהרען דעם קאַמפּף מיט א טאַלק
און דער קאַמפּף וועט פֿערלאָרען ניט געהן!

* * *

איך בין נים קיין שוועכלינג! דער אמת, וואָס ברענט
אין יעטוועדען טהייל פֿון מיין האַרצען,
קען קיינמאָל נים ווערען פֿערטילינט, פֿערלענרט
פֿון אַ ים פֿון יסורים און שמערצען.

און ווען מיין קערפּער מיט יעדער מינוט
קומט נעהענטער צום טויט'ס נעצעלט,—
פֿליהט מיין גייסט מיט שטאָלץ און מוטה
אַלץ נעהענטער צו דער פֿרייער וועלט.

## אונזער „פֿרייהייט".

אין דעם שטאַאַט, די פּאָליציי,
אין דער פּרעסע, די צענזורע!
אַלע שפּייען איצט גאַנץ פֿריי
דער נערעכטינקייט אין צורה.

דאָך איך זעה שוין פֿאַלען, זינקען,
שטאַאַט, דיין אַלטעם שקלאַפֿען-הויז!
און די שפּייערס וועלען טרינקען
וואָס זיי שפּייען איצט אוים...

# דער פראפעט.

(נאָך לערמאָנטאָוו.)

פון דאַמאָלס, ווען דער פרייער גייסט
האָט מיך געמאַכט פאַר זיין פראָפעט,
בעקעמפף איך פאַלשקייט שטאָלץ און דרייסט
און וועק דעם קנעכט מיט מיין טרומפעט.

דאָך טויב איז נאָך דאָס שקלאַפען־פאָלק,
מיך הערט פון טויזענדע איינער;
איך ווער געהאַסט, איך ווער פערפאָלגט,
מען וואַרפט אין מיר מיט שטיינער.

עס שרעקט די וועלט דאָס פרייע וואָרט!
און ווי אַ בעטלער, אָבגעריסען,
וואַנדער איך פון אָרט צו אָרט
און קיינער וויל פון מיר ניט וויסען.

# דאס פאבריק־קינד.

א מיידעלע אַ בלאַסע
האָב איך אין שאָפּ געזעהן;
אַ קינד מיט הענטלעך דאַרע
מוז האָרעווען שוין און נייהען!

ווי אַ קליינע פֿויגעלע
אין אַ שטורם־ווינד,
זיצט פֿערציטערט, דערשראָקען
דאָס אונגליקליכע קינד.

עס שרייט און שילט דער מייסטער,
דאָס קינד, עס אָטעמט שווער;
אין איהרע פֿערראומערטע אויגלעך
בליצט אַ הייסע טרער.

אָה, בלאַסעס, שוואַכעס מיידעלע,
ווי קומסטו דען אַהער?
צי קען אַ קינד דען אַרבייטען
ביטער אַזוי און שווער?

ביסטו אַ יתומה
און בייזע פֿרעמדע לייט
דינען געהן דיך בעגראָבען
אין דיין פֿריהלינגס־צייט?



אָדער דו האָסט אַ מוטער,
אַן אלמנה, קראַנק און בלינד,
און פּאַר ברויט פערקויפען
מוז זי איהר טייער קינד?

אָה, קינד, דיין בלאַסער פּנים,
פערטרויערט, שעהן און מילד,
צייגט ווי ווייט אונמענשליך
די רייכע זיינען, ווי ווילד!

ווי קויפען אָב פּאַר קליינגעלד
אַ קינד'ס געזונד און יאָהרען
און מאַטערען עס, ביז וואַנען
עס געהט צום גרונד פערלאָרען!

אָה, ליעבעס קינד! דיין פריהלינג
האָט שוין פערבליהט! דיין קראַפט
ווינט אויס די מאַשינע,
דו ביזט פערשקלאַפט, פערשקלאַפט!

אָה, בייזע, ווילדע רייכע,
איהר פרעסט דאָס פלייש פון פאָלק,
איהר טרינקט זיין בלוט און ווערט ניט
קיינמאָל פון געזעץ פערפאָלגט!

און ווען אַן אָרימע מוטער,
פון הונגער, עלענד, נויטה,
נעהמט פאַר איהר קינד ביי אַ בעקער
אָהן געלד אַ לעבעל ברויט—

ראַן פּאַקט מען גלייך די אָרימע,
וויא א שטומען פיש אין נעץ,
מען שליסט זי איין אין טורמע—
דאָס הייסט ביי אונז „געזעץ"!

עס עקזיסטירט אפילו
א געזעץ פון פאַטריאָטען,
וואָס האָט קינדער־אַרבייט
אין דער פאַבריק פערבאָטען—

ראָך וואָס הערען מאַגנאַטען
געזעצען אָדער מאָראַל,
ווען קינדער־פלייש איז ביליג—
מען „שלאָגט" פון דעם קאַפּיטאַל!

ווי ווינען נאָך שעהנע בירגער,
פייל און דיק און זאַט;
די גרעסטע, שווערסטע פערברעכענס
געהען אַראָב זייער גלאַט!
* *
*
אָה רייכע, שעהנע „בירגער",
עס קומט באַלד אָן אַ צייט,
ווען דאָס פאָלק דאָס בערויבטע
וועט רופען אייך א שטרייט!

אָה רייכע, שעהנע „בירגער",
עס קלאַפּט שוין אייער שעה!
דער אַרבייטס־מאַן, בעוואַפענט
שטעהט אויף שויז ראָרט און דאָ!

# א ניט געענדיגטע דראַמא.

---

(פֿון דעם רוסישען.)

---

געשטאָרבען איז מיין מוזע! זי האָט מיך ניט לאַנג
געטרייסט מיט איהר הייליגען, זיסען געזאַנג;
פֿערוועלקט זיינען די בלומען, פֿערלאָשען אַלע שטערען,
דאָס האַרץ איז פֿערטרונקען אין גאַל און אין טרערען.

אומזיסט זוך איך ווערטער, אומזיסט זוך איך ליעדער,
וואָס זאָלען מיין האַרץ בעגייסטערען וויעדער;
טויט איז מיין מוזע! שטום אין אַ טרונע
ליגט מיין לעצטע, צובראָכענע סטרונע.

און דאָך איך געדיינק: אויף מיין לעבענסשוועל
האָט מיר געשיינט די זונן אַזוי העל!
איך האָב ניט בעמערקט פֿון קיין שטורם אַ שפּור,
די פֿויגלעך, די בלומען, די גאַנצע נאַטור,
האָט מיר געזונגען פֿון ליעבע און גליק;—
אַך, גאָלדענע יוגענד! דו קומסט ניט צוריק!

# וואו איז דער אונטערשיעד.

איהר זאָגט, דאָס סיסטעם איז זעהר שלעכט,—
מיר שטימען מיט אייך מיט;
די אַרבייטער זיינען איצט נור קנעכט,—
דאָס איז אויך אונזער ליעד.

איהר שרייט: דער רייכער איז אַ דיעב,—
דאָס שרייען מיר נאָך מעהר;
איהר האָט אַ גרויסען הערר נישט ליעב,—
מיר האַסען יעדען הערר!

איהר זאָגט: דער מענש קען ווערען פֿריי
נור דורך וויסענשאַפֿט,—
מיר זאָגען, אַז מען דאַרף דערביי
אויך מוטה און העלדענקראַפֿט!

איהר טרייבט די קנעכט צום באַלאָט־באָקס,—
מיר טרייבען נישט, אָה, ניין!
מען דאַרף דאָך פשוט זיין אַן אָקס
דעם שווינדעל נישט פֿערשטעהן.

איהר קעמפפֿט מיט איטפעט פֿאַר „אַכט שטונדען",—
מיר קעמפֿען נור פֿאַר צוויי;
איהר ווילט נור צודעקען די וואונדען,—
מיר ווילען היילען זיי!



איהר פֿאַלט דעם „קאַיזער" צו די פֿיס,—
דאָס שטעהט אונז גאָר נישט אָן;
איהר מאַכט איהם חנ'דלאַך צוקער־זיס,—
דאָס קענען מיר נישט טהאָן!

מען קען נישט שולדיגען אייך פֿיעל,
איהר האָט צו שוואַכע אויגען,
אום צו טרעפֿען גלייך אין ציעל
מיט דעם פֿרייהייטס־בויגען.

דאָס זעהט איהר, אַז מיר זיינען פּראַקטיש
מיר קעמפֿען נישט אומזיסט;
נור איהר זייט צו אַריסטאָקראַטיש—
אייך שרעקט דער „רויטער איסט".

אייב איינינקייט איז איצט נישט מעגליך,
איז דאָס נישט אונזער שולד;
די זאַך איז ווירקליך זעהר קלעגליך!
דאָך, ברידער, האָט געדולד!

איך דיינק, עס וועט נישט נעהמען לאַנג,
מיר וועלען ווערען אייניג;
מיר האָבען אַלע איין פֿערלאַנג—
פֿערניכטען שקלאַף און קעניג!

נור איינע ווילען מיט שלאָס און ריגעל
אונז צווינגען ליעבען שעהן;
די צווייטע זאָגען: צובינד די פֿליגעל,
מיר פֿליהען שוין אליין!

דאָךביידע מיינען צו טהאָן נור גוטס,
אונ ביידע זיינען קיין דיעבען;
פֿין ביידע האָט די וועלט אַ נוץ—
ווי לערנען פֿרייהייט ליעבען!

אונ איך האָף נאָך זיין דערביי,
ווען זיי וועלען ווי קאַמראַדען
קעמפפֿען נעגען טיראַניי
אויף שלאַכטפֿעלד־באַריקאַדען!

אונ ווען זיי שלאָגען זיך איצט אַרום,
וואָס קען מען, ברידער, מאַכען!
סען זאָגט, אַז וויינען איז צו דום,—
לאַכט, אויב איהר קענט לאַכען!



## דאס צייט־ליעד.

---

„נייע צייטען, נייע פֿויגלען,
נייע פֿויגלען, נייע ליעדער".

ה. היינע.

מוזע, מיין לייבלינג, מיין איינציגע פֿריינדין,
קום נור אַהע · ר ·; קראַנקען פאָעט,
ער קען מעהר ניט שווייגען, ער קען מעהר ניט דולדען,
העלף איהם, מיין טהייערע, אויפֿשטעהן פֿון בעט!

זעה, וואָס עס טהוט זיך! ווי קען מען דאָס גלויבען?
עס יובעלט, עס הוליעט די רעאַקציאָן,
און זיי, די אַמאָליגע דיינקער און קעמפפער,
זיי שלאָפען, זיי שנאָרכען, עס געהט זיי ניט אָן!

זיי זיינען ניט לאַנג נאָך אַלס וואהרהייטס-פּראָפּעטען
געשטאַנען פאַר אונז אויף דער פרייהייטס-טריבון,
און איצט, ווי פעררעטהער, ווי פייגלינגע שוואַכע,
בעהאַלטען זיי זיך פאַר די ליכטיגע זונן!

פיהר מיך, אָה מוזע, אָה, פיהר מיך געשווינדער!
אַהין אין דעם נייעם „קאָלומבוס'עס רוים",
אַהין, וואו מענשליכקייט איז נור אַ פראַזע,
און מענשען-עהרע איז נור אַ טרוים!

פיהר מיך צו מיינע אַלטע קאַמראַדען!
פיהר דעם פערוואונדעטען אינוואַליד,
פילייכט וועלען זיינע טרערען און וואונדען
דערוועקען אין זיי אַ נייעם געמיטה!

ווידער וועט פלאַטערען שטאָלץ אונזער פאָהן!
עס וועט זיך דערוועקען אַ לעבען, אַ גייסט!
די שיף וועט צולאָזען די בלוט-רויטע זעגלען,
און יעדער מאַטראָז וועט זיין מוטהיג און דרייסט!

פיהר מיך אַהין, אָה, פיהר מיך געשווינדער!
דאָך שאַ... איך הער מעפיסטאָפעלעס רעדט:
גענוג שיין צו טרוימען, דו נאַרישער דיכטער!
גענוג פאַנטאַזירען, ליג שטיל אויף דיין בעט!

וואוהין וועסטו גיהן? ווער וועט דיך הערען?
דיין בליצענדעס אויג, דיין ברענענדע שפראַך
וועט די קאַלטע וועלט נור פֿערשפּאָטען
מיט א ציניש'ן שמייכעל, אַ טייוועלשען לאַך!

מען וועט דיר דאָרט זאָגען: אַך, לאָז אונז צופֿריעדען!
דו ביסט נאַאיוו אָבער מיר זיינען קלוג!
אַפּלאָדיסמענטען און לאָרבער־קראַנצען
האָט אונז דאָס פֿאָלק שוין געגעבען גענוג!

וואָס דאַרפֿען מיר מעהר? דו שרייסט אונז מיט צאָרן:
דאָס פֿאָלק איז בעטריבט, עס בלוטעט, עס פֿאַלט...
אונזערע ברידער שמאַכטען אין קערקער...
אַך, ברודער! דאָס מאַכט אונז ניט היים און ניט קאַלט.

אָט זעהסטו, קאַריערעס, טיטולען, דיפּלאָמען,
ביזנעס! דאָס אַכטען מיר. וואָס דאָרט ניט זאָג!
מען קען מיט דעם קנאַקען! מען קען מיט דעם גלענצען
און לעבען דערצו אויך א גוטען טאָג!

ווער קען אונז שטערען! ווער קען פֿערוועהרען!
און ווען אַמאָל אַ פֿערריקטער פּאָעט,
שרייט דאָרט און ליאַרעמט: „וואָס טהוט איהר פֿערברעכער!"
אַך! ווער הערט דען איהם, וואָס ער רעדט?!

אָדער ווען דער פֿערשמוצטער געוויסען
נים פּלוצלינג, ווי גיפֿט, אין האַרצען אַ ברען...
כאַפּט מען זיך אָן פֿאַר דער גלאַטינקער פֿראַזע:
אַך! איך טהו דאָך וויפֿיעל איך קען!

אַזוי האָט געשפּאָטעט דער מעפיסטאָפעל...
זיין שטימע איז געווען ביטער, ביטער ווי גאַל,
ביטער ווי מיין פערוואָגעלטעס לעבען,
אָהן א פיצעלע פרייד, אָהן א ליכטיגען שטראַהל!

## צו די גאטספארכטיגע בירגער.

מיר קומען צו אייך מיט דער פאָהנע פון פרייהייט,
מיט דעם פאַקעל פון ריינעם פערשטאַנד,
מיר ווייזען אייך אויף די אונשטערבליכע וואַהרהייט
מיט דער וויסענשאַפט'ס אייזערנער האנד!

איהר ווילט אונז ניט הערען, איהר קריצט מיט די צייהנער,
פערדאַמט אונזער דיינקען און טהאָן;
איהר שלעפּט אונז אין קערקער, איהר וואַרפט אויף אונז שטיינער
אין נאָמען פון געלדזאַק און טראָהן.

דאָך מיר מ ו ז ע ן ריידען און מיר וו ע ל ע ן ריידען,
אָה, דומע קנעכט פון גאָט מאַמאָן!
מיט אונז איז די וואַהרהייט, איהר קענט אונז ניט שיידען
פון איהר אונבעזיעגבאַרער פאָהן!

איצט זאָגען מיר אייך: גענוג שוין צו גלויבען!
ווער פֿון אייך ווייס ניט ריכטיג דעם סוד,
אַז גראַדע ווי אונטען, אַזוי אויך דאָרט אויבען
גיט ניט קיין שפּור פֿון אירגענד אַ גאָט;

און וואָלט נור געווען, אָה אידען, אַ בורא,
אַ גרויסער, שטאַרקער, אַלמעכטיגער גאָט—
וואָלט ער דערלאָזט דען, אַז איהם און זיין תורה
זאָל מען בעדעקען מיט חרפות און שפּאָט?

וואָס מאַכט מען היינט ניט פֿון רבונו של עולם?
מען שימפּפֿט איהם און שמוצט איהם נאָר אָהן אַ שיעור,
און דאָך זיצט ער ווי אַ ליימענער גולם,
און גיט זיך צומאָל ניט אפילו קיין ריהר!

און ווייסט איהר פֿאַרוואָס? עס איז פּשוט נימא
ווער און וואָס זאָל זיך אָנהויבען ריהרען,
וואָרים דער, ביי וועמען אַ גאָט איז נאָך דאָ
דעם פֿעהלען אימער אין קאָפּ געהירען!

אָה ניין! ווען ווירקליך עס זאָל עקזיסטירען
אַ גאָט, וואָס נור ער דריקט אונז און פּלאָגט,
וואָלט מען ניימיג געדאַרפֿט איהם עקספּלאָדירען,
ווי דער זיידע באַקונין האָט געזאָגט.

* * *

פּוסט און גאָטלאָז, ברידער, איז דער הימעל
יעדער דיינקער ווייס דערפֿון—
און מיר זאָגען: „וואַכט אויף פֿון אייער דרימעל,
ערבליקט די ליכטיגע זונן!"



פֿערהאַסט ניט די וואַהרהייט, זי איז אייער רעטער,
יאָהרהונדערטע קעמפּפֿט זי פֿאַר אייך;
זי וועט די מענשען מאַכען פֿאַר וואַהרע געטער,
און די ערד פֿאַר — אַ הימעל־רייך.

פֿערהאַסט ניט די וואַהרהייט און איהרע פּראָפֿעטען,
ערקענט זיי אַלס ברידער, אַלס פֿריינדע:
זיי קומען אייך וועקען, זיי קומען אייך רעטען
פֿון אייערע בלוטיגע פֿיינדע.

זיי קומען עראינערען אייך אָן די פֿליכטען
פֿון אַ יעדען פּראָלעטאַריאַט:
צו רייניקען, צו קעמפּפֿען, צו העלפֿען פֿערניכטען
דעם געלד־זאַק, די קירכע און שטאַאַט.

מיר קומען צו אייך מיט דער פֿאָהנע פֿון פֿרייהייט,
מיט דעם פֿאַקעל פֿון ריינעם פֿערשטאַנד,
מיר ווייזען אייך אויף די אונשטערבליכע וואַהרהייט
מיט דער וויסענשאַפֿט'ס אייזערנער האַנד.

## צו די פינסטערע בטלנים.

---

ואָס קריצט איהר מיט די צייהן, איהר פינסטערע בטלנים?
איהר ווייסט דאָך, אַז אַ פריהלינג מאַכט ניט איין שוואַלב,
איהר קענט נאָך ווי אימער מיט אַ רחמנות פנים,
ווי בעטלער בוקען זיך צו אייער גאָלדענער קאַלב.

איהר קענט ווי תמיד נאָך האָפען אויף נדבות,
זיין גרויסע פאַטריאָטען און לעבען פון „כאַפ-לאַפ",
און רופען אין דעם לאַנד פון אונזערע טויטע אבות,
אַהין, וואו עס הונגערט איצט דער טערק און דער אַראַב.

די וועלט איז דום גענוג, איהר קענט נאָך שווינדלען, רויבען—
אַלעס אין נאָמען פון'ם אונטערדריקטען איד;
און ער, דער עלענדער, ער מוז אייך אַלעס גלויבען:
בעזעקט מיט פינסטערניש איז זיין יעדער שריט.

דאָך ניט דיינקט, אַז איהר וועט הוליען אייביג,
עס קומט די צייט, די וואונדערבאַרע צייט:
עס וועט ניט זיין קיין בעטלער און קיין קעניג
און יעדעס פאָלק און מענש וועט זיין בעפרייט!

דאַן ציטערט, איהר גנבים, פאַראַזיטען!
מען וועט אייך ברייננען פאַר דעם פאָלקס-געריכט,
און איהר וועט פערשווינדען, היפאָקריטען,
ווי פינסטערניש פאַר דאָס זונען-ליכט!

# די געפאלענע.

וואָס קוקט איהר אויף מיר מיט פעראַכטונג?
וואָס וואַרפט איהר שטיינער אויף מיר?
איהר זאָגט, איך פערקויף מיין עהרע—
האַנדעלט איהר זעלבסט ניט מיט איהר?

איהר זעהט דיזע „פיינע" פרויען,
געקליידעט אין גאָלד און אין זייד!
פערקויפען זיי זיך ניט גאַנץ אָפען
צו רייכע אָנשטענדיגע לייט?

נאָר איך פערקויף זיך איז ארמוטה,
אין הונגער, דערפאַר ווייל איך מוז,—
און זיי פערקויפען די עהרע
און רייכטהום — פאַר איבערפלוס.

איהר זאָגט, זיי האָבען געהייראַטה...
ווייסט איהר, וואָס דאָס בעטייט?...
פיעלע הייראַטהען... דאָך ליעבען—
חער ליעבט עס אין אונזער צייט?!

מען הייראַטה פאַר געלד, פאַר רייכטהום,
פאַר אַ טיטול פון אַ גראַף;
מען הייראַטה צו האָבען אַ קעכין.
מען הייראַטה צו האָבען אַ שקלאַף...

דאָס הייראַטהען איז איצט אַ שווינדעל
אויף'ן שמוציגען לעבענס־מאַרק,
אַ מאַסקע פֿאַר ווילדע אינסטינקטען,
פֿאַר הייליגע ליעבע אַ — זאַרג.

קען אַ חופּה אָדער אַ קלויסטער
מאַכען הייליג פּראָסטיטוציאָן?
אַ פּראָסטיטוטקע ווערען אַ געטין,
צי זי אַ קאַרטע האָט, צי אַ טראָהן?

אויב נים, וואַרום פֿאַר די רייכע
נעהמט איהר דעם הוט אַראָב,
און פֿון אונז — עלענדע אָפּפֿער—
מים פֿעראַכטונג קעהרט איהר זיך אָב?

און איהר שרייבער, פּראָפֿעסאָרען,
פריידיגער פֿון מאָראַל,
פֿערקויפֿט איהר נים אייער עהרע
פֿאַר דעם גאָלדענעם מעטאַל?

פרייזינגט איהר דען די וואַהרהייט?
דאָס, זאָגט איהר, ווערט נים בעצאָהלט,
נור שמוציגע ליגען, נור פֿאַלשקייט—
ברייננט אייך קאָמפֿאָרט איצט און גאָלד

זיים איהר דען נים פּראָסטיטוטקעס
מיט געפֿאַלענע פרויען צוגלייך?!
נאָר מיר ויינען אָרים און עלענד—
און איהר זיים שטאָלץ און רייך.



מיר פערקויפען זיך אין דער דונקעל,
איהר — אין ליכטיגען פאַרלאַמענט;
אונז בענראַבט מען מיט פלוך, מיט שאַנדע,
אייך שטעלט מען אַ מאָנומענט.

און ווער האָט אונז געמאַכט וואָס מיר ויינען—
היימלאָז, פערלאָזען, געמיין?
ווער האָט געראַבט אונזער אונשולד,
אונזער יוגענד — אויב ניט איהר אַליין?!

פון קלויסטערס, טעמפעלס, טריבונעס,
וואו „מאָראַל" פרײדיגט איהר נור,
קומט איהר צו אונז בעשימפען
זיטליכקייט, עהרע, נאַטור.

איהר וואַרפט אונז אַרויס אין די גאַסען,
און ווען מיר בלוטען אין הונגער, אין שאַנד,
שרייבט נענען אונז געזעצען
אייער מערדערישע האַנד.

* *
*

וואָס קוקט איהר אויף מיר מיט פעראַכטונג?
נעהמט צוריק אייער שמוציגען שטיין!
ווער האָט אונז געמאַכט וואָס מיר ויינען?
ווער, אויב ניט איהר אַליין?!







איך קען נים זאָגען וויצען,
איך קען נים חנפ'ען, ברידער;
עס דונערען און בליצען
מיינע פרייע ליעדער!

איך קען נור גיסען טרערען,
טרערען פערל־רייז,
ליכטיג, ווי די שטערען
אין הימעל'ס בלויער קרוין.

איך קען נור ליעבען מענשען,
ליעבען מעהר ווי זיך,
און אַמאָל איך בענשען
די, וואָס פלוכען מיך;

און אַמאָל אויך פלוכען
די, וואָס ליעבען מיך
און שטערען מיר אין זוכען
פרייהיים, ליכט פאַר זיך.



# דער אלטער שמיעד.

עס זיצט אויף אַן אינזעל אַן אַלטער שמיעד,
לאָזט קרעפֿטיג זיין האַמער אַרונטער;
דאָס אייזען גליהט ווי זיין געמיטה,
זיין האַרץ איז שטאָלץ און מונטער.

ער אַרבייט און שמידט אַן אייזערנע קייט
פֿאַר דעם גאָט מאַמאָן,
פֿאַר יעדען טיראַן, וואָס ליגט צושפּרייט
אויף זיין בלוטיגען טראָהן.—

דער האַמער קלאַפּט, די פֿונקען פֿליהען,
דאָס בלוטיגע אייזען גליהט;
„ניט אימער ווערט דאָס פֿאָלק פֿאַר אייך קניען!"
דיינקט דער אַלטער שמיעד.

„ניט אימער ווערט קנעכטשאַפֿט זיין פֿערגעטערט,
דאָס פֿאָלק הויבט אָן צו פֿערשטעהן;
איך שווער: מיין אייזערנער האַמער צושמעטערט
אייער גאָלדענע קרוין!"

# עס טאגט.

(א קאמפף־ליעד, געזונגען מיט דעם מאָטיוו פון דעם רוסישען פאָלקס־ליעד „פּאָיעכאל קאָזאק מאָלאָדאָי נאַ טשוזבינו“.)

אַרבייטער, ברידער, איהר הערט ווי עס דונערט?
איהר הערט ווי עס ברומט, ווי עס קראַכט?—
שמשון הגבור פון אונזער יאָהרהונדערט
האָט פון זיין שלאָף ערוואַכט.

דער שקלאַף האָט ערוואַכט פון זיין פינסטערען דרימעל,
ער נעהמט זיך צום פאַנצער און שווערד,
ער וויל ניט מעהר וויסען פון גאָט אויף'ן הימעל,
ער וויל ניט קיין האַרר אויף דער ערד.

איהם שרעקט ניט מעהר איבער די פאָהנע, די רוטע,
ער ווייסט, אַז מיר ווערען פערפאָלגט
דערפאַר, ווייל מיר ווילען צוברעכען די קייטען,
די קייטען פון אָרעמען פאָלק.

ער הערט מיט בעגייסטערונג די הייליגע לעהרע
פון פרייהייט, פון מענשליכע רעכט;
ער ווייסט, אַז צו קעמפפען פאַר איהר איז אַן עהרע,
א שאַנדע — צו בלייבען אַ קנעכט.

אָה, ברידער, ווײַט מונטער! עס הויבט אָן צו טאָגען,
נײַט ווײַט איז די ליכטיגע זונן—
מיר זעהען שוין טויזענדע, טויזענדע טראָגען
מיט שטאָלץ אונזער בלוט-רויטע פאָהן.

נור לומפען, נור טרוסען אין אונזערע צײַטען,
וואָס בײַטען אידעען ווי שיך,
קענען איצט בלײַבען שטעהן פון דער ווײַטען,
פערזומפּט אין דעם אײַגענעם „איך".

אָבער דער מענש, אין וועלכען עס פלאַקערט
דער פרײַהייט'ס הײַליגער שטראַהל,—
דער קען איצט ניט רוהען, ער ארבײַט, ער אַקערט,
ער בלוטעט פאַר זײַן אידעאַל.

אויף צו דער אַרבײַט, איהר מענער, קאַמעראַדען,
וואַהרהײַט מוז האָבען איהר זיעג,
די הערצער בעגײַסטערט, די ביקסען געלאָדען:
אַרבײַטער, פאָרווערטס צום קריעג!

# מיין צוואה.

(געווידמעט צו H. S.)

אָה גוטע פֿריינד! ווען איך וועל שטאַרבען,
טראָגט צו מיין קבר אונזער פֿאָהן—
די פֿרייע פֿאָהן מיט די רויטע פֿאַרבען,
בעשפּריצט מיט בלוט פֿון אַרבייטסמאַן!

און דאָרט אונטער דעם פֿלאַג דעם רויטען
זינגט מיר מיין ליעד, מיין פֿרייעס ליעד!
מיין ליעד „אין קאַמפּף", וואָס קלינגט ווי קייטען
פֿון דעם פֿערשקלאַפּטען קריסט און איד.

אויך אין מיין קבר וועל איך הערען
מיין פֿרייעס ליעד, מיין שטורם-ליעד;
אויך דאָרט וועל איך פֿערגיסען טרערען
פֿאַר דעם פֿערשקלאַפּטען קריסט און איד!

און ווען איך הער די שווערדען קלינגען
אין לעצטען קאַמפּף פֿון בלוט און שמערץ—
צום פֿאָלק וועל איך פֿון קבר זינגען
און וועל בעגייסטערען זיין הארץ.

# ווער איז שולדיג?

---

אַ שמאָלינקער חדר. אויף אַ קליינעם הילצערנעם טישעל ברענט מיט אַ דונקעלען פֿייערל אַ בלעכען לעמפעל. לעבען וואַנד שטעהט אַ בעט, אויף וועלכען עס ליגט אַ פֿרוי פֿון אַ יאָהר 25. איהר געזיכט איז בעדעקט מיט אַ טויטער בלאַסקייט; איהרע שוואַרצע אויגען זיינען איינגעפֿאַלען און בליצען מיט פֿיבער און אינערליכע ליידען.

אויף׳ן שמוציגען דיל ליגען צוויי קינדער: איין אינגעלע פֿון אַ יאָהר 6, דער אַנדערער פֿון אַ יאָהר 4. ביידע זיינען פֿער־שמירט, די העמדלאַך שמוציג און צוריסען. זיי קריכען אַרום פֿון איין ווינקעל צום אַנדערן און שלעפען מיט זיך אַרום אַ קליין קעצעלע, וואָס זיי האָבען געכאַפּט אויף׳ן הויף. זיי פּאַקען דאָס קעצעלע ביים קאָפּ און הויבען עס אָן רייסען און שטיקען. דאָס צימער ווערט פֿול מיט יאָמערליכע קולות פֿון דעם אָרעמען קרבן.

פֿון צייט צו צייט הויבט זיך די קראַנקע פֿרוי אויף פֿון איהר בעט און גיט אַ קוק אויף׳ן וואַנד־זייגער, וואָס היינגט אַנטקעגען איהר, בעדעקט מיט שפּינוועבס. זי ערוואַרט איהר מאַן, וועלכער איז נאָך גאַנץ פֿריה אַוועק זוכען אַרבייט. דער זייגער איז צעהן. די קליינע קינדער האָבען זיך איינגעמאַטערט, אַרומשפּיעלענדיג זיך מיט׳ן קעצעל, און זיינען געשמאַק איינגעשלאָפֿען איינער אין דעם אַנדערן׳ס אָרעמס.

אַרום עלף אַזייגער איז דער מאַן און פֿאָטער פֿון דיזער אָרעמער פֿאַמיליע אַהיים געקומען. דאָס איז געווען אַן אַרבייטער

פֿון אַ יאָהר דרייסיג. זיין געזיכט האָט אויף זיך געטראָגען דעם אויסדרוק פֿון פֿערשטיקטער פֿערצווייפֿלונג און געמאַכטער, קינסט־ליכער גלייכגילטיגקייט. ער האָט אַראָבגעוואָרפֿען זיין אַלטען צו־לעכערטען הוט אין אַ ווינקעל, האָט געוואָרפֿען אַ שטומען קאַלטען בליק אויף זיין פֿרוי און איז געבליבען זיצען ביים קליינעם טישעל. ער איז ניט צוגעגאַנגען צו דער קראַנקער. ס'האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט ביי זיך בעשלאָסען זיך ניט קימערן, וואָס פֿאַר שמערצען, וואָס פֿאַר יסורים איהם זאָלען איצט ניט בעגעגענען.

די קראַנקע פֿרוי האָט מיט אויגען פֿול מיט טרערען איהם בעטראַכט פֿון איהר געלעגער, אָבער אויך זי האָט ניט געקענט קיין וואָרט זאָגען; זי האָט געוואוסט, אַז זיין האַרץ איז איצט פֿול מיט גאַל, פֿול מיט גיפֿט. זי האָט געוואוסט, אַז ער איז צובראָכען פֿון די בימערע שטורעמס, וואָס האָבען איינ־ינ־ נאָך'ן אַנדערן אַריינגעדרונגען אין זייער אָרעם פֿאַמיליען לעבען. זי האָט געשוויגען.

עס זיינען פֿערביינגעגאַנגען עטליכע מינוטען, פֿון שווערען שווייגען.

— ראָבערט! ראָבערט! — האָט זיך געהערט די שוואַכע, ציטערענדע שטימע פֿון דער קראַנקער פֿרוי.

דער אונגליקליכער איז געזעסען, זיין פּנים פֿערדעקט מיט ביידע הענד, און האָט זיך ניט גערירהרט פֿון אָרט.

— ראָבערט, קום אַהער! זעה, ווי קראַנק איך בין, איך פֿיהל זיך אַזוי שלעכט, אַזוי שלעכט! — און די שטימע פֿון דער עלענדער האָט געקלונגען מיט טרערען און טיעפֿע, דריקענדע שמערצען. ער איז געזעסען ווי פֿריהער, זיין פּנים פֿערדעקט, זיין קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די שוואַרצע פֿערהאָרעוועטע הענד.

ווידער זיינען פֿערביי אַ פּאָר מינוטען. ענדליך האָט ראָבערט איי־פֿגעהויבען דעם קאָפּ. זיין געזיכט איז געווען נאַס פֿון טרערען.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער קראַנקער, האָט צוגעדריקט זיינע ליפּען צו איהרע, און אַ ווילדער געוויין האָט זיך אַרויסגעריסען פוןביידע צובראָכענע הערצער...

— ניין, ניין! איך קען דאָס ווייטער ניט איבערטראָגען!— האָט ער אויסגעשריען, אַרויספּרייסענדיג זיך פון איהרע אָרעמס.— אונזער לעבען איז ערגער ווי דער טויט! אָט די פינסטערע שטוב, דיזע פערהונגערטע, אָרעמע קינדער! און דו, וואָס דו ביסט ערשט גאָר ניט לאַנג געווען אַזוי יונג, אַזוי פול מיט בליהענדער געזונדהייט, דו ליגסט איצט אַלט, בלאַס, צובראָכען, צוטרעטען פון דעם ביטערן, אייביגען ליידען, — פון נויט, הונגער און שאַנד! דאָס בין איך דאָס געווען דיין מערדער! צו וואָס האָב איך, אַ שקלאַף אָהן אַ היים, אָהן אַ נאָמען, אַוועקגענומען דיך פון דיין היים, פון דיינע פריינד און עלטערען, דיך אַוועקגענומען אויף אַ לעבען פון אונענדליכע ליידען, ערנידערונגען, בעטלעריי?... ליעבע?... יאָ, איך האָב דיך געליעבט; געליעבט, ווי פיליכט טויזענדע ניט אָרעמע שקלאַפען, נאָר רייכע פערשקלאַפער קענען ניט ליעבען. איך האָב דיך געליעבט! אָבער וואָס פאַר אַ רעכט האָט אַ שקלאַף צו ליעבען? אַ שקלאַף דאַרף נור ליעב האָבען זיין קייט, זיין בעל הבית. ער דאַרף נור קושען דעם בייטש פון שקלאַפען־הענדלער, אָבער ניט דאָס מויל פון אַ געליעבטער. טהייערע מיינע, איך האָב דיך אונגליקליך געמאַכט! און איצט, איצט דאַרפסט דו ברייננגען נאָך אַן אונגליקליך וועזען אויף דער וועלט! וואָס וועט פון איהם ווערן? וואָס וועט ווערן פון אונז און פון אונזערע קליינע, אונשולדיגע קינדער?... ניין! איך קען דאָס ווייטער ניט אויסהאַלטען! אָה, ווי אונגליקליך, ווי שרעקליך אונגליקליך איך בין! מיין מוח ברענט, עס צורייסט זיך אויף שטיקער מיין ברוסט. איך מוז אַנטלויפען... אַנטלויפען ווייט, ווייט פון דער וועלט!

ער האָט געכאַפּט זיין הוט און איז ווי אַ וואַהנזיניגער אַרויס־געלאָפען פון צימער.

* * *

מיט האַלב־פערשלאָסענע אויגען, וויים ווי אַ מאַרמאָר־שטיין, איז די קראַנקע געלעגען אויף איהר בעט. פון צייט צו צייט האָ־בען זיך טיעפע קרעכצען אַרויסגעריסען פון איהר ברוסט און דער אויסדרוק פון מורא׳דיגע שמערצען האָט בעדעקט איהר בלאַס געזיכט.

ענדליך האָט זי זיך מיט גרויסע אָנשטריינגונגען אויפגעהויבען פון בעט, און זיך אָנהאַלטענדיג מיט די הענד פאַר די ווענטלאַך, איז זי צוגעגאַנגען צו די שלאָפענדע קינדער. זי האָט זיך אָנגע־בויגען צו דעם עלטערן אינגעלע, האָט איהם מיט טרערען אין די אויגען אַ קוש געטהאָן און איהם אויפגעוועקט.

דאָס קינד האָט געעפענט פערוואונדערט די אויגען.

— אַלבערט! מהו זיך אָן שנעל און געה אַריבער צו דיין טאַנטע; זאָג איהר, זי זאָל באַלד אַהער קומען.

דאָס אינגעלע האָט שטום אָנגעקוקט זיין בלאַסע מוטער; ער האָט זי נים באַלד דערקענט. אַזוי האָבען די שמערצען אומ־געענדערט איהר געזיכט אין דיזע קריטישע מאָמענטען. ענדליך האָט ער פאַרזיכטיג אַרויסגעשלעפּט זיינע הענטלאַך פון אונטער׳ן קעפּעל פון זיין שלאָפענדען חבר און מיט זיי אַרומגעכאַפּט זיין אָרעמע מוטער.

— מאַמאַ, וואָס איז דיר? — האָט ער געפרעגט, צופרע־סענדיג זיך צו איהר ברוסט.

— געה, אַלבערט, שנעל און רוף די טאַנטע אַהער! איך בין זעהר קראַנק.

דאָס קינד האָט אויף ניך אָנגעטהאָן זיין אָרעם רעקעל,

אריינגעכאַפּט אויף'ן קאָפּ זיין „קעפּ" און איז אַוועק רופן זיין „טאַנטע".

צוויי אַזייגער ביינאַכט. דאָס קליין טישעל, אויף וועלכען עס ברענט דאָס בלעכען לעמפּעל, איז צוגערוקט נעהענטער צום בעט. לעבען דער קראַנקער זיצט די „טאַנטע", אַ יונגע פרוי, וועלכע האָט ניט לאַנג אויסגעשטודירט אויף אַקושערקע. זי זיצט און ערוואַרט דאָס נייע אונגליקליכע וועזען, וואָס דאַרף איצט קומען אויף דער וועלט!

די צוויי קליינע קינדער שלאָפען ניט. זיי שטעהען לעבען דער „טאַנטע" און האַלטען זיך פאַר איהר קלייד. זי האָט זיי צוגעזאָגט היינט ביינאַכט אַ ניי שוועסטערל און זיי ערוואַרטען זי מיט אונגעדולד. פול מיט נייגיעריגקייט זיינען זייערע קינדערשע איינעלאַך, וועלכע קוקען פרענענדיג אויף דער „טאַנטע".

די קריטישע מאָמענטען קומען אַלץ נעהענטער. עס הערען זיך טיעפע קרעכצען, וועלכע געהען איבער אין פערצווייפעלטע געשרייען. די „טאַנטע" האָט אַוועקגעפיהרט די קינדער אין אַ ווינקעל. זיי האַלטען זיך פעסט פאַר די הענטלאַך און ציטערען, הערענדיג די געשרייען פון זייער אָרעמער מוטער.

עס זיינען אַריבער עטליכע מינוטען... עס האָט זיך דערהערט דאָס צאַפּעלדיגע געשריי פון אַ ניי־געבאָרענעם קינד. דער ניי־געבאָרענער פראָלעטאַריער האָט אַריינגעטראָטען אין אונזער וועלט, אַריינגעטראָטען מיט אַ געשריי, וואָס וועט זיך פיליייכט ניט שטי־לען ביז אין זיין פינסטערן קבר.

די צוויי קינדער האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן פון ווינקעל גלייך צום בעט. זיי האָבען דערקענט די שטימע פון זייער ניי־געבאָרענער שוועסטערל.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּעריי אין טהיר. ניט

וואַרטענדיג אויף אַן ענטפֿער, האָט זיך אין צימער אַריינגעבראָכען אַ מאַן. פֿון אונטער זיינע צוזאַמענגעקניימשטע ברעמען האָבען געבליצט אויגען, פֿול מיט ווילדען וואַהנזין. זיינע האָר זיינען געווען צוואווארפֿען, זיינע קליידער צוריסען, ווי פֿון אַ שווערען שטרייט, זיינע פֿינגער צוזאַמענגעפרעסט אין פֿויסטען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך צוגעגרייט איטיצען צו צושמעטערן, צו פֿערניכטען.

דאָס איז געווען ראָבערט.

די קראַנקע געווינערין האָט פֿערדעקט איהר פנים מיט ציטערענדע הענד און האָט ביטער געוויינט. ביידע קינדער האָבען זיך צוגעטוליעט צו דער „מאַנטע", וועלכע איז איצט אַליין געווען בלאַס און פֿערלאָרען. נור דאָס נייע־געבאָרענע קינד האָט גלייכגילטיג געקוקט מיט זיינע ליכטיגע אייגעלאך אויף דיזע פֿינסטערע וועלט, וואוהין עס איז געקומען ווי אַן אומגעבעטענער גאַסט.

ראָבערט איז געשטאַנען אין מיטען חדר און האָט מיט ווילדבליצענדע אויגען בעטראַכט, וואָס עס טהוט זיך אַרום איהם, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אָן עטוואָס דערמאָנען. אין דער רגע האָט זיך דערהערט דאָס געשריי פֿון דעם נייע־געבאָרענעם. דאָס האָט געמאַכט אַ מורא'דיגען איינדרוק אויף איהם. פֿון זיינע אויגען האָט אויסגעבראָכען אַ וואַהנזיניג פֿייער; ער האָט ווילד אויסגעשטרעקט זיין פֿויסט; זיינע צייהנער האָבען געקלאַפּט איינע אָן די אַנדערע; ווייסער שוים האָט זיך בעוויזען אויף זיין אויסגעקרימטען מויל.

— ניין, ער דאַרף ניט לעבען! ער טאָר ניט לעבען! ווידער אַ שקלאַף, ווידער אַ בעטלער, ווידער הונגער, ערנידערונגען, טרערען, פֿלוך און שאַנד! ניין, לאָזט מיך איהם דערווערגען! לאָזט מיך איהם טויטען מיט מיינע אייגענע הענד!

ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צום בעט און זיינע ציטערענדע הענד האָבען געזוכט דאָס אונשולדיגע קינד.

אַ שרעקליכער קאַמפּף איז ענטשטאַנען.

די קראַנקע פרוי האָט פערגעסען איהר שוואַכקייט. זי האָט ווי אַ פערוואונדעטע טיגערין פערטהיידיגט איהר קינד.

דער וואַהנזיניגער האָט אַלץ מיט מעהר ווילדקייט אַטאַקירט די עלענדע מוטער. אַ וואַהנזיניג פייער האָט געשפּריצט פון זיינע בליצענדע אויגען.

די אויף טויט דערשראָקענע „טאַנטע" איז מיט ביידע קינדער, וועלכע האָבען געוויינט און געציטערט, אַרויסגעלאָפען פון צימער: זי האָט גערופען נאָך הילף.

די נאַכט איז געוועזען אַ קאַלטע, אַ שטורמדיגע. אַלעס איז געוועזען בעדעקט מיט געדיכטער פינסטערניש.

— העלפט! העלפט! — האָט געשריען די דערשראָקענע, אָבער איהרע ווערטער זיינען פערהילכט געוואָרען פון ווינד און אָהן אַן ענטפער אָבגעשטאָרבען אין דער לופט.

עטליכע מינוטען שפּעטער איז די „טאַנטע" מיט איינינע מענשען אַריינגעקומען צוריק אין צימער.

אָבער עס איז שוין געוועזען צו שפּעט.

דאָס קליין בלעכען לעמפּעל האָט געוואָרפען אַ דונקעל ליכט אויף אַ שרעקליך, גרויזאַם בילד.

אויף'ן שמוציגען דיל איז געלעגען אַ פרוי. איהרע האָר צוזאַ־וואָרפען, איהר העמד צוריסען, ווי אין אַ פערצווייפעלטען קאַמפּף. איהר געזיכט איז געוועזען בעדעקט מיט דעם בלויען קאָליר פון אַ דערשטיקטער; זי האָט נאָך אויף זיך געטראָגען דעם אויסדרוק פון מורא'דיגע יסורים און אונפערגעבליכער ראַכע... אויף איהר ברוסט איז געלעגען דאָס ניי־געבאָרענע קינד, קאַלט און טויט, ווי זיין מוטער...

דער וואַהנזיניגער מערדער איז געשטאַנען מיט אַן אַרונטער־

געלאָזענעם קאָפּ און האָט געקוקט אויף זיינע קרבנות. אַ טייוועלשער שמייכעל האָט געשפּיעלט אויף זיין פֿערקרימטען מויל.

— איצט ווייס איהר גליקליך! איך האָב אייך בעפֿרייט, איך האָב אייך גערעטעט! — האָט ער געשריען מיט אַ הייזעריגער שטימע און געלאַכט מיט רעם ווילדען געלעכטער פֿון אַ וואַהנזינינען.

***

# דער קאר־קאנדוקטאר.

(ברויט און עהרע).

עדוואַרד ראַבין איז געווען אַ קאַר־קאָנדוקטאָר. ער איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר 30, שעהן, שטאַרק און געזונד. ער איז געווען בעליעבט ביי זיינע קאַמעראַדען, ווי אויך ביי דער קאָמפּאַני, וועלכע האָט איהם געקענט אַלס טרייען ארבייטער און אַ־ענטליכען מענש.

עדוואַרד ראַבין איז געווען פערהייראַטה און האָט געהאַט 5 קינדער. ער האָט געלעבט אָרעם, ווייל די שכירות, וועלכע ער האָט בעקומען, זיינען געווען קוים גענוג צו דערהאַלטען אַ זעהר בעשיידענעם לעבען פון אַזאַ גרויסער פאַמיליע. דאָך אַזוי לאַנג, ווי אַלע זיינען געווען געזונד; אַזוי לאַנג, ווי זיין פרוי מערי האָט געקענט מיט איהר שווערער אַרבייט העלפען דעם מאַן, אום צו דערהאַלטען די אָרעמע פאַמיליע, איז נאָך דאָס לעבען געווען ווי עס איז ערטרעגליך.

עס זיינען אָבער געקומען שווערע צייטען. די קינדער האָבען אָנגעפאַנגען קראַנק צו ווערען, די מוטער אַליין האָט אויך גע־דאַרפט אַ דאָקטאָר, ווייל איהר געזונד איז אונטערגעגראָבען גע־וואָרען פון אונערטרעגליכער אַרבייט און שלעכטער נאַהרונג.

דאָס לעבען פון אָרעמען קאַר־קאָנדוקטאָר איז געוואָרען וואָס ווייטער אַלץ שווערער און אונערטרעגליכער. מיעד, צובראָכען,

פֿלעגט ער קומען אַהיים פֿון זיין אַרבייט. די קראַנקע קינדער האָבען געוויינט און געשריען. די קראַנקע פֿרוי, בלאַס און שוואַך, האָט זיך קוים אַרומגעשלעפּט איבער'ן אָרעמען צימער. עס האָט געפֿעהלט ברויט, עס האָט געפֿעהלט מעדיצין, — עס האָט גע־פֿעהלט געלד. מען האָט אומעדום שוין געליהען און געבאָרגט. דעם לענדלאָרד האָט שוין אויך געקומט פֿאַר אַ מאָנאַט דירה־געלד. די שכירות, וועלכע ער האָט געבראַכט, זיינען באַלד פֿער־שוואונדען געוואָרען אויף מעדיצין, אויף בעצאָהלען דעם דאָקטאָר. נו, וואָס טהוט מען ווייטער?

אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט איז געזעסען, שטום און טרויעריג, דער אָרעמער קאָנדוקטאָר אין זיין אונגליקליכען פֿאַמיליען-נעסט און האָט געטראַכט און געטראַכט איבער זיין פֿינסטערען מזל.

„פֿאַרוואָס קומט עס, מיר זאָלען אַזוי שרעקליך ליידען?" האָט ער זיך געפֿרעגט אין זיינע געדאַנקען. „שוין 10 יאָהר זייט איך בין ביי דער קאָמפּאַני. איך בין תמיד געווען טריי און אָרענטליך. די קאָמפּאַני איז אין דיזע 10 יאָהר געוואָרען אַ סך רייכער. נור איך ווער אָרעמער, אונגליקליכער פֿון יאָהר צו יאָהר. וואָס האָב איך פֿון מיין אַרבייט? זיי רופֿען מיך: אָרענטליכער מאַן, אָבער וואָס קומט מיר אַרויס פֿון מיין אָרענטליכקייט, ווען איך דאַרף ליידען, פֿערהונגערן מיט מיין פֿרוי און קינדער? די אַנדערע קאָנדוקטאָרס זיינען קלינער פֿון מיר, זיי נאַרען אָב די קאָמפּאַני אָבער דערפֿאַר לעבען זיי בעסער פֿון מיר. זאָל איך אויך אָנפֿאַנ־גען צו שווינדלען, ווי זיי? ניין, איך קען דאָס נים! איך וועל נים קענען קוקען דער קאָמפּאַני אין געזיכט!"

„שווינדלען? הייסט דען דאָס שווינדלען, צו האָבען אַן ער־טרעגליכען לעבען פֿאַר אַזאַ שווערע אַרבייט, ווי מיינע? און דאָך... איך קען דאָס נים, איך קען דאָס נים!"



ער איז אויפֿגעשטאַנען און האָט מיט גרויסע שריט אַרומ־געשפּאַנט אַ לאַנגע צייט אין זיין פֿינסטערען צימער. ענדליך איז ער צוגעגאַנגען צו זיין פֿרוי, וועלכע איז געזעסען לעבען איהר קראַנקען קינד און האָט געקוקט אויף איהם מיט טרערען.

— מערי! — האָט ער געזאָגט — מיר זיינען אונגליקליכע מענשען. אָבער דו ווייסט, אַז איך האָב דיך אימער געליעבט, איך ליעב מיינע קינדער. איך האָב געמיהט זיך צו מאַכען אייך גליקליך, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. מיר מוזען זעהן איבערטראָגען אַלעס מיט מוטה, פֿילייכט וועט זיך אונזער לאַגע פֿערבעסערען.

מערי האָט גאָר ניט געענטפֿערט. הייסע טרערען האָבען אָנגעפֿאַנגען זיך צו קייקלען איבער איהרע בלאַסע באַקען. אויס־געמאַטערט, צובראָכען איז זי געפֿאַלען אויף זיין ברוסט און האָט שטיל געוויינט.



עס איז געווען אַ שעהנער זומער־טאָג. די גאַסען זיינען געווען פֿול מיט מענשען. עדוואַרד ראָבין איז געשטאַנען אויף דער פּלאַט־פֿאָרמע פֿון זיין קאַר און האָט בעטראַכט די גרויסע מאַסע פֿון שפּאַציר־געהער, וועלכע ער האָט בעגעגענט, מיט בלומען און פֿרעהליכע געזיכטער. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז דער אונגליקליכסטער מענש אויף דער וועלט.

ער האָט אָפּט אָבגעשטעלט די קאַר, אום אַרויפֿצונעהמען פּאַסאַזשירען, וועלכע זיינען דאָס רוב געפֿאָהרען אין פֿערשיעדענע פֿערגניגענס־פּלעצער. שעהנע פֿרויען, געזונדע, פֿיין געקליידעטע קינדער האָבען איהם עראינערט אָן זיין קראַנקע פֿאַמיליע, אָן דעם אייבינען ראַנגלען זיך מיט ביטערער נויטה און שווערע קראַנקהייטען. זיין האַרץ האָט געבלוטעט. פּלוצלונג האָט ער דערזעהן, שטע־הענדיג לעבען דער קאַר, עפּעס אַ בלאַסע זעהר בעקאַנטע פֿיגור



איינגעוויקעלט אין אַ שאַל. ער האָט אויפגעציטערט און אָבגע־שטעלט די קאַר. דאָס איז געווען זיין פרוי.

— מערי! האָט ער אויסגערופען, — וואָס איז געשעהן? זי איז געווען בלאַסער ווי תמיד און האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס.

— עדוואַרד! עלאַ איז זעהר קראַנק. איך האָב גערופען דעם דאָקטאָר, אָבער ער וויל ניט שרייבען קיין רעצעפט, ביז איך וועל איהם ניט בעצאָהלען. אויך אויף מעדיצין האָב איך קיין פעני ניט.

— אָבער מערי, דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב ניט קיין געלד, —האָט געענטפערט דער אָרעמער פאָטער, און ער האָט געפיהלט, ווי עטוואָס דריקט איהם אונערטרעגליך אין זיין ברוסט. ער האָט שווער געליטען.

— עדוואַרד! — האָט זי איהם שטיל, דאָך ליידענשאַפטליך צוגעשעפטשעט — מיר מוזען רעטען דאָס קינד. איך האָב ניט וואו צו באָרגען. דו מוזט זיך ענטשליסען, אין נאָמען פון דיין קינד, פון דיין עלאַ!

— מערי, דאָס איז אונמעגליך, אונמעגליך! — האָט עדוואַרד אויסגערופען מיט אַ פייערינגער שטימע. — געה אַהיים, פילייכט קענסטו ערגעץ וואו באָרגען. בעט דעם דאָקטאָר ער זאָל דיר אויסהעלפען. מערי, ווי קענסטו פון מיר אַזוי וואָס פערלאַנגען?

אין זיין שטימע האָבען געקלונגען טרערען און ביטערע פערצווייפלונג. די אָרעמע פרוי האָט מיט איהר טאַשענטוך פער־דעקט דאָס קראַנקע, בלאַסע געזיכט. איהר ברוסט האָט שווער געאָטעמט. גיפטיגע שמערצען האָבען געמאַטערט איהר צובראָכען האַרץ.

— עדוואַרד, — האָט זי צו איהם ווידער געזאָגט. — דו מוזט זיך ענטשליסען, איך קען דאָ לאַנג ניט שטעהן. איך זאָג

דיר, אַז מיר האָבען קיין פּעני ניט. מיר האָבען ניט קיין ברויט פֿאַר די געזונדע און קיין מעדיצין פֿאַר די קראַנקע קינדער. קיינער וויל אונז מעהר ניט באָרגען. זאָל איך געהן בעטלען, פֿערקויפֿען זיך? איך קען דאָס ניט, עדוואַרד, איך קען ניט!

קאַלט, פֿינסטער ווי אַ שטורם־וואָלקען, איז געשטאַנען עדוואַרד לעבען זיין אָרעמע פֿרוי. אין זיין ברוסט האָט זיך אָנגע־פֿאַנגען אַ שרעקליכער קאַמפּף: אין איהם האָבען זיך געראַנגעלט די פֿאָדערונגען פֿון זיין לעבען מיט די פֿאָדערונגען פֿון זיין מאָראַל, פֿון זיין אָרענטליכקייט, וועלכע איז געווען דאָס איינציגע רייכטהום פֿון זיין עקזיסטענץ.

„זאָל איך ווערען אַ גנב און געבען איהר געלד, וואָס געהערט דער קאָמפּאַני, אָדער בלייבען אַן אָרענטליכער מאַן און מקריב זיין מיין קראַנק קינד, מיין עלאַ'ן, וועלכע איך ליעב בעסער פֿון מיין לעבען?" יעדער קרבן איז גרויס. יעדער שריט איז שווער און פֿיהרט צו אַ שרעקליכען אָבגרונד.

עס זיינען פֿערבייגעגאַנגען אַ פּאָר מינוטען פֿון שווערען שווייגען. ענדליך האָט עדוואַרד אַ ציה געגעבען דעם סיגנאַל־גלאָק און אָבגעשטעלט די קאַר.

— מערי! האָט ער געזאָגט ענטשלאָסען, — געה אַהיים, וואָס וועט זיין, וועט זיין!

מערי איז געשטאַנען אונבעוועגליך אויף דער פּלאַטפֿאָרם, אַזוי ווי זי וואָלט ניט געהערט זיינע ווערטער.

— מערי! — האָט ער נאָך אַמאָל אויסגערופֿען אין פֿער־צווייפֿלונג. זי האָט איהם רוהיג אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע, שוואַרצע אויגען.

— עדוואַרד! איך געה ניט אַהיים, ביז איך האָב ניט די מיטלען צו רעטען מיין קינד.

— אָבער עס איז אונמעגליך, איך האָב קיין געלד.
— דו האָסט געלד, דו מוזט רעטען דיין קינד!
— מערי, געה אראָב פֿון קאַר, זאָג איך דיר! האָט ער אויסגעשריען.

דער מאָטאָרמאַן האָט זיך אומגעקוקט אויף זיי. מערי האָט מיט איהר בלאַסער האַנד געגעבען אַ ציה דעם סיגנאַל־גלאָק: די קאַר זאָל געהן ווייטער, און איז געבליבען, ווי פֿריהער, שטעהן לעבען איהר עדוואַרד.

זיי האָבען ביידע געשוויגען אַ ווײלע.

דער קאָנדוקטאָר האָט געלאָזט פֿאַלען זיין קאָפּ אויף די ברוסט. זיין געזיכט איז פֿערצויגען געוואָרען מיט אַ פֿינסטערען וואָלקען. ער האָט געקעמפּפֿט מיט זיך, ער האָט געליטען און פֿערשאָלטען דעם טאָג, אין וועלכען ער איז געבאָרען געוואָרען.

— מיין קינד, מיין עלאַ!—האָט ער געמורמעלט שטילערהייט.

זיין האַנד האָט ווי מעכאַניש זיך אַרונטערגעלאָזט אין זיין טאַש, זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט. ער האָט זיך אומגעקוקט. די קאַר איז שנעל געלאָפֿען. אויף דער פּלאַטפֿאָרמע איז געווען נור ער און זיין פֿרוי. דער מאָטאָרמאַן איז געשטאַנען צו זיי מיט'ן רוקען. ער האָט אַרויסגעשלעפּט זיין האַנד פֿול מיט זילבערנע מטבעות, האָט זיי שנעל איבערגעגעבען מערי'ן און האָט אַ שלעפּ געטהאָן דעם סיגנאַל־גלאָק. די קאַר האָט זיך אָבגעשטעלט, מערי איז אַרונטער.

עדוואַרד האָט פֿערמאַכט די אויגען, עפּעס אַזוי ווי אַ שרעקליכעס געשפּענסט וואָלט געשטאַנען פֿאַר איהם. ווען ער איז געקומען צו זיך, איז שוין זיין פֿרוי פֿערשוואונדען. ער האָט זיך מיעד אָבגעוויפּצט, אָבגעווישט דעם קאַלטען שווייס פֿון זיין בלאַסען שטערן און איז אַריין אין קאַר.

פֿיעלע נייע פּאַסאַזשירען האָבען פֿערנומען פּלעצער. ער האָט אָנגעפֿאַנגען צו זאַמלען פֿון זיי דאָס געלד. ביי יעדען ניקעל האָט ער געדריקט דעם רעגיסטער, וועלכער האָט הויך געקלונגען. עס זיינען געבליבען 10 אָדער 12 פּאַסאַזשירען, וועלכע האָבען נאָך ניט בעצאָהלט. עדוואַרד האָט זיך אָבגעשטעלט אויף אַ ווײַלע. עס איז איהם צום ערשטען מאָל אין 10 יאָהר פֿון זיין אַרבייט געקומען אויף די געדאַנקען, אַז ער מוז יעצט זעהן אַ מיטעל זיך צו רעכטפֿערטיגען פֿאַר דער קאָמפּאַני; דאָס גאַנצע געלד ניט רעגיסטערן, כדי צו קענען דעקען די סומע, וועלכע ער האָט געגעבען זיין אונגליקליכער פֿרוי.

ער האָט ניט געוואוסט גענוי, וויפֿיעל געלד ער האָט איהר געגעבען; אָבער יעדענפֿאַלס ניט מעהר ווי אַ דאָלאַר. ער האָט געהאַט אין האַנד שוין 20 ניקעלס. ווען ער וועט איצט רעגיסטערן נור 10, וועט ער שוין האָבען האַלב פֿון'ם געלד, און שפּעטער ווידער דאָס זעלבע, אַזוי ווי [illegible] ער זיך רעטען און קיינער וועט ניט וויסען פֿון זיין פֿערברעכען.

צעהן מאָל האָט הויך דער רעגיסטער דורכגעקלונגען, אין יעדען קלאַנג פֿון רעגיסטער האָט זיך דעם אָרעמען קאָנדוקטאָר געהערט דער שאַנד־גלאָק פֿון זיין פֿערברעכען, אַזוי ווי מען וואָלט געקלונגען נאָך זיין בעגראָבענער עהרע, וועלכע ער האָט אָבגעהיט פֿון זיין קינדהייט אָן און פֿאַר וועלכע ער האָט אַזוי פֿיעל געקעמפּפֿט און געליטען אין זיין לעבען.

זיין האַרץ האָט אונרוהיג געקלאַפּט. ער איז אַרויס אויף די פּלאַטפֿאָרמע, זיינע הענד האָבען נאָך געציטערט, אַזוי ווי ער וואָלט בעגאַנגען אַ מאָרד. אין דיזער מינוט איז צו איהם צוגעגאַנגען אַ פֿרוי געקליידעט אין שוואַרצען, איהר געזיכט איז געווען בלאַס און קאַלט.

— האַלט אָב די קאַר! — האָט זי זיך צו איהם געווענדעט.

עדוואַרד האָט געוואָרפֿען אַ בליק אויף זיין פּאַסאַזשיר און איז געוואָרען בלאַס, ווי דער טויט. ער האָט דערקענט דיזע פֿרוי... דאָס איז געוועזען אַ שפּיאָן, אַ קאַר־שפּיאָן, וועלכע די קאָמפּאַני האַלט, אום זיי זאָלען היטען די קאָנדוקטאָרען, זיי זאָלען רעגים־טערן ריכטיג דאָס געלד, זיי זאָלען חס וחלילה ניט אַראָבנעהמען אויף אַ ברויט פֿאַר זייערע פֿרויען און קינדער.

„זי האָט אַלעס געזעהן!" איז דורכגעפֿלויגען אין די גע־דאַנקען פֿון דעם אָרעמען קאָנדוקטאָר. ער האָט שאַרף אָנגעקוקט דעם שפּיאָן, וואָס איז רוהיג געשטאַנען פֿאַר איהם.

„יאָ, זי ווייס אַלעס, איך זעה דאָס אין איהרע אויגען!" האָט ער ווייטער געטראַכט מיט פֿערצווייפֿלונג.

— מאַדאַם! — האָט ער ענדליך אויסגערופֿען מיט אַ ציטער־רענדער שטימע, — מאַכט מיך ניט אומגליקליך; איך האָב אַ פֿרוי און קינדער, זיי האָבען קיין ברויט ניט, מיין עלטע שטאַרבט אָהן מעדיצין. מאַדאַם, רואינירט ניט מיין לעבען! שוין צעהן יאָהר, ווי איך דיען דער קאָמפּאַני. איך שווער אייך, דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען."

ער האָט געכאַפּט איהרע הענד און האָט זיי געדריקט און בעטענדיג געקוקט אין איהרע קאַלטע אויגען.

— מאַדאַם, רעטעט מיין עהרע, איך שווער אייך, איך בין אַן אָרענטליכער מאַן! מאַדאַם, האָט מיטלייד! איך וועל דאָס ניט איבערטראָגען!

זי האָט איהם רוהיג אויסגעהערט.

— איך האָב מיט אייך מיטלייד — האָט זי ענדליך געזאָגט, —אָבער איך קען אייך ניט העלפֿען, איך מוז טהאָן מיין פֿליכט. איהר ווילט ברויט, איך וויל אויך ברויט. ווען איך זאָל ניט טהאָן

דאָס, פֿאַר וואָס מען בעצאָהלט מיר, פֿערליר איך מיין ברויט. איך מוז עס באַלד רעפּאָרטען דער קאָמפּאַני. שטעלט אָב די קאַר.

עדוואַרד האָט אויף איהר אַ וואָרף געטהאָן אַ שרעקליכען בליק פֿון האַס, פֿון ביטערער פֿעראַכטונג.

— שפּיאָן, שלאַנג! — האָט ער אויסגערופֿען מיט אַ הייזעריגער שטימע. — יאָ, איך בין אַ גנב, איך האָב גע'גנב'עט ברויט פֿאַר מיין פֿרוי, מעדיצין פֿאַר מיינע קראַנקע קינדער. געה, זאָג דאָס דער קאָמפּאַני! זאָג דער גאַנצער וועלט, אַז איך בין אַ גנב, אַ פֿערברעכער. געה!

דער שפּיאָן איז ארונטערגעשפּרונגען פֿון קאַר.

— וואַרט, איך וועל דיר צייגען, וואָס פֿאַר אַ שלאַנג איך בין! — האָט זי אויסגערופֿען און איז פֿערשוואונדען אין דער גרויסער גאַס.



די זומער־נאַכט האָט צושפּרייט איהרע שטערען־פֿליגעל. די זילבערנע לבנה האָט רוהיג געשיינט אויף איהר בלויען טראָהן.

עדוואַרד האָט שוין לאַנג געענדיגט זיין אַרבייטסטאָג. ער האָט איבערגעגעבען זיין קאַר דעם נאַכט־קאָנדוקטאָר, אָבער אָנשטאָט ווי געוועהנליך געהן גלייך אַהיים צו זיין פֿרוי און קינדער, האָט ער שטיל געוואַנדערט דורך די שטילע, פֿינסטערע גאַסען. זיין קאָפּ האָט געברענט, ווי אין אַ שרעקליכען פֿיבער; זיין ברוסט איז געווען צוזאַמענגעדריקט פֿון שווערען טרויער און מורא פֿאַר זיין שרעקליכען שיקזאַל.

— מאָרגען וועט עס די גאַנצע וועלט וויסען! — האָט ער מיט ביטערקייט געטראַכט. — עדוואַרד ראַבין איז אַ גנב! די קאָמפּאַני וועט מיט שאַנד מיך אַרויסטרייבען... וואָס וועל איך



טהאָן? וואוהין וועל איך געהן? ווי אַזוי וועל איך קוקען דער וועלט אין פּנים? ווי אַזוי וועל איך קענען פֿערדינען ברויט פֿאַר מיין פֿרוי און קינדער? אָה, ווי שרעקליך! ווען מערי וואָלט אָבער מיר געפֿאָלגט און אַוועק אַהיים? אַך, דאַן וואָלט אַלעס געוועזן ווי פֿריהער!... דאָך וואָס רעד איך?... איז דאָס איהר שולד? דאָס קינד! דיזע גאָלד־לאָקינע עלא איז נעבעך געלעגען קראַנק, פֿערשמאַכט; זי האָט קיין פּעני ניט געהאַט צו רעטען דאָס קינד... וואָס האָט זי געזאָלט טהאָן? ניין, זי האָט קיין שולד ניט! ווען ניט זי... ווער האָט די שולד? איך? צעהן יאָהר האָב איך זיך געראַנגעלט מיט נויטה; איך האָב געדיינקט אַז איך וועל קענען דורכקעמפּפֿען מיין לעבען, אָבער ניין! אַלץ איז געוועזן אומזיסט! אַלע מיינע ליידען, אַלע מיינע ערנידעריגונגען, מיין שווערע אונער־מידליכע אַרבייט — אַלעס איז איצט פֿערלאָרען, אַלעס געגאַנגען צו גרונד. וואו איז מיין עהרע? וואו איז מיין פֿריעדען? עס ברענט אין מיין האַרצען אַ העליש פֿייער. מיין פֿרוי! מיינע אָרעמע קינדער! איהר זייט פֿערפֿאַלעז, פֿערפֿאַלען!

ער איז געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער, דריקענדיג די ציטערנדע הענד צום קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט דערשטיקען די פֿינסטערע געדאַנקען, וואָס האָבען זיך דאָרט אַרומגעטראָגען ווי שוואַרצע וואָלקען. ענדליך איז ער געקומען צום האַרסאָן און איז געבליבען שטעהן פֿאַר דעם זילבערנעם טייך, וועלכער איז געוועזן בעגאָסען מיט די שטראַהלען פֿון דער שיינענדער לבנה.

אַרום האָט געהערשט אַ טיעפֿע שטילקייט. פֿון צייט צו צייט האָבען ווייסע זעגלען דורכגעשניטען דעם זילבערנעם שפּיגעל פֿון שלומערנדען טייך.

— דאָס זעגעלט אַוועק מיין יוגענד, מיין לעבען, מיין עהרע!— האָט עדוואַרד שטיל געמורמעלט, בליקענדיג פֿערטראַכט אויף אַ

שיפּעל, וואָס איז, ווי אַ ווייסער פֿויגעל, דורכגעלאָפֿען פֿערביי איהם

— ניין! פֿאַר מיר איז מעהר קיין פּלאַץ ניטאָ אויף דיזער וועלט. איך האָב געוואָלט לעבען, ליעבען מיין פֿרוי, מיינע קינדער, זיין עהרליך, מענשליך, אָבער מען האָט מיך ניט געלאָזט. מען האָט מיך געשטיקט, געמאַטערט, געשטופּט אין אָבגרונד!

וואָס טויג מיר איצט מיין לעבען? בעטלען? זעהן, ווי מען קערט זיך אָב פֿון מיר, ווי פֿון אַ גנב? הערען, ווי מען זאָגט אויף מיינע קינדער: דאָס זיינען די קינדער פֿון דעם גנב? אויף מיין פֿרוי: דאָס איז דעם גנב׳ס פֿרוי? ניין! איך קען ניט. איך קען ניט זיך צווינגען צו אַזאַ שרעקליכען לעבען.

גענוג זיך געמאַטערט, געראַנגעלט זיך מיט דער ביטערער נויטה. זיי געזונד, אָרעמע מערי! זייט געזונד מיינע קינדער! אָרעמע אונגליקליכע קינדער! איך וויל אייך ניט זעהן מעהר, איך קען מעהר ניט איבערטרעטען די שוועל פֿון אייער אונגליקליכער היים. אייער פֿאָטער איז פֿעראורטיילט צום טויט. זיין עהרע, זיין לעבען האָט מען אַוועקגערויבט פֿון איהם!...

עדוואַרד האָט אַ שפּרונג געטהאָן אין טייך און איז באַלד פֿערשוואונדען געוואָרען צווישען די קאַלטע וועלען.

ניט ווייט פֿון זיין בלויען קבר האָט זיך שטאָלץ אויפֿגעהויבען די סטאַטוע פֿון דער אַמעריקאַנער פֿרייהייטס-געטין און האָט מיט איהר פֿאַקעל בעלייכט די וועלט פֿון קייטען, פֿון טרערען, פֿון זעלבסטמאָרד, פֿון די שרעקליכסטע פֿערברעכען געגען דער ליידענדער מענשהייט!

# די באמערקע.

— א באָמערקע! אַ באָמערקע! — האָבען געשריען פערשמירטע האַלב־נאַקעטע קינדער, וועלכע פערברייננגען זייערע יאָהרען אויף די גאַסען פון נויאָרק.

זיי האָבען זיך אַלע אַ שאָט געגעבען צו אַ טענעמענט־הויז, לעבען וועלכען עס איז געשטאַנען אַ וויס־גרויע פרוי, מיט אַ געלען צוקנייטשטען פנים. שטוציגע טראַנטעס האָבען זיך נאָכגעשלעפט פון איהרע קליידער. האַלב בייז, האַלב דערשראָקען האָט זי געקוקט אויף די קינדער און האָט זיי געוואָלט אװעקיאָגען פון זיך.

די קינדער האָבען זי געשלעפט פאַר איהרע צוריסענע קליידער, האָבען געלאַכט און געוואָרפען אין איהר שמוץ און שטיינער. די אונגליקליכע האָט ניט געקענט בייקומען איהרע פיינד און איז אָהן כחות געפאַלען אויף די טרעפ.

עס האָט זיך דערהערט אַ האַרצרייסענד געוויין. דאָס האָט געוויינט די באָמערקע. די לויפערס האָבען זיך פערוואונדערט איבערגעקוקט. זיי האָבען זיך געוואונדערט, וואָס אויך אַ באָמערקע קען פיהלען איהרע ליידען, וואָס אויך אַ באָמערקע קען וויינען, און זיי זיינען פערשוואונדען.

די הייםלאָזע האָט אויפגעהויבען איהר גרויען קאָפ. אַ שטראַהל פון צופרידענהייט האָט אויף אַ רגע בעלייכט איהר אַלט פערוויינט געזיכט — זיי זיינען אַוועק! — האָט זי געמורמעלט. — איצט וועל איך קענען איינשלאָפען.



זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן די אייזערנע גראַטעס פֿון אַ קעלער, וועלכער איז איצט געווען פּוסט, האָט פֿערשלאָסען איהרע פֿערשוואָלענע אויגען און איז איינגעשלאָפֿען.

מיר לעזען מיט אינטערעס די טרוימען פֿון גרויסע שרייבער און דיכטער, וואַרום זאָלען מיר ניט אַמאָל אויך אויסהערען דעם חלום פֿון אַ באָמערקע?

אמת, אַ באָמערקע פֿערנעהמט דעם נידעריגסטען צווייג אויף אונזער געזעלשאַפֿטליכען בוים. זי איז זעהר ניט אַנשטענדיג געקליידעט. זי פֿעראַכטעט מאָדע און עטיקעט. זי שלאָפֿט אָפֿטמאָל אויף דער גאַס, אונטער שניי אָדער רעגען. זי הונגערט. זי ווערט געקלאַפּט פֿון פּאָליציימאַן. זי ווערט אַרויסגעוואָרפֿען ווי אַ הונד פֿון יעדען אַנשטענדיגען הויז, אויב זי וואַגט אַריינגעהן אַהין בעטען אַ שטיקעל ברויט, אָדער אַ פּאָר גראָשען אויף אַ גלאָז ביער. אַן אַנשטענדיגער יונגער מאַן, וועלכער הויבט אויף עלעגאַנט דאָס טאַשענטיכעל פֿון זיין דאַמע, וועט זיך ניט אָנבויגען אויפֿצו־הויבען דעם קראַנקען קערפּער פֿון אַ באָמערקע, וועלכע פֿאַלט אין גאַס הונגעריג און פֿערשמאַכט.

אָבער אויך אַ באָמערקע איז אַ מענשליכעס וועזען. אויך זי האָט אַ לעבענסגעשיכטע, וועלכע איז אויך די געשיכטע פֿון אונזער געזעלשאַפֿטליכער מאָראַל. אויך אַ באָמערקע קען האַסען און ליעבען, בענשען און שעלטען. אונטער די טראַנטעס פֿון אַ היימלאָזער באָמערקע קען שלאָגען אַזאַ עדעל, וואַרעם האַרץ, ווי אונטער דעם זיידענעם קאָרסעט פֿון אַן אַנשטענדיגער וועלט־דאַמע. וואַרום דען ניט אויסהערען דעם חלום פֿון אַ באָמערקע? וואַרום זיך ניט פֿערטראַכטען איבער די בילדער פֿון איהר פֿערגאַנגענהייט?

זי חלום'ט: זי איז נאָך אַ קליין, אונשולדיג קינד.

— עלאַ! עלאַ! דער אָנבייסען איז שוין פֿאַרטיג! זי דערקענט

די שטימע פֿון איהר מוטער. אַ געפֿיהל פֿון זיסער פֿרייד צו־גיסט זיך איבער איהרע אַלע גליעדער. אָבער זי לויפֿט ניט באַלד צו איהר מוטער. די גרינע וויינטרויבען, וואָס האָבען זיך רייך פֿונאַנדערגעוואַקסען אין זייער קליינעם גאָרטען, ציהען צו זיך ווי אַ מאַגנעט; זי קען זיך פֿון זיי נים אָברייסען. די מוטער זוכט זי אַרום, ביז זי געפֿינט איהר שעהנע עלאַ. איהרע בלאָנדע זיידענע לאָקען זיינען איבערגעפֿלאָכטען מיט די גרינע צווייגען פֿון די מיט וויין־שפּראָצענדע וויינטרויבען — און בעדעקען איהר גראַציעזען קעפּעל, ווי אַ פּערעל־קראַנץ. די מוטער נעהמט זי אָן פֿאַר'ן הענטעל און זיי געהען ביידע אין שטוב אַריין.

דאָס צימער איז גרויס און ליכטיג. ביים טיש זיצט דער פֿאָטער. ער נעהמט זיין עלאַ אויף די קניע, ער דריקט זי צום האַרצען און בעדעקט איהרע ליליען־בעקלאַך מיט הייסע קושען. ער האָט זי ליעב מעהר ווי זיין לעבען! זי איז זיין איינציגע טרייסט אין זיין שווערען לעבענס־וועג. די מוטער דערלאַנגט דאָס עסען. איהרע אויגען שטראַהלען מיט גליק. עלאַ זיצט צווישען זיי מיט איהרע זיידענע לאָקען און בלויע אויגען, ווי אַ שטילער מלאך פֿון אונשולד און פֿריעדען.

אַ צווייטעס בילד.

עלאַ לויפֿט פֿון דער שולע מיט איהרע ביכער, בליי־שטיפֿטען און טאַפֿעל. איהרע באַקען ברענען מיט אַ ראָזאָיזען פֿייער. די אויגען בליצען מיט פֿרייד, די לאָקען זיינען צוואָרפֿען איבער איהרע קיילעכדיגע שולטערען.

— מאַמאַ! מאַמאַ! זעה, וואָס איך האָב געבראַכט!

עלאַ האָט בעקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל פֿאַר איהר גוטען שטודיום. די מוטער איז אויסער זיך פֿון פֿרייד. דער פֿאָטער קושט י מיט טרערען אין די אויגען. — עלאַ! עלאַ! ווי וואָלט איך



געלעבט אָהן דיר אויף דער וועלט? וואָס וואָלט מיר געבען מוטה אַלעס איבערצוטראָגען?

עלאַ קוקט מיט ליעבע אויף איהר אָרעמען פאָטער און דריקט זיך צו שטאַרקער צו איהם.

*

אויף דיזעס בילד אי פערשוואונדען. עלאַ איז שוין אַ גרויסע. דער פאָטער איז טויט. די אַלטינקע מוטער איז דער איינציגער פריינד, וועלכען עלאַ האָט אויף דער וועלט. עלאַ אַרבייט אין אַ גרויסען געשעפט. זי איז אַ „סיילס־ליידי”. אַלע האָבען זי זעהר ליעב. איהר שעהנהייט ציהט צו אַ סך קונים. עס איז 9 אוהר אָבענדס. עלאַ קומט פון איהר אַרבייט. זי איז היינט בלאַס און פערוויינט. זי נעהמט אַרום שטאַרק איהר מוטער. טרערען קייקלען זיך פון איהרע שעהנע, דונקעל־בלויע אויגען.

— עלאַ, וואָס איז דיר?

— מוטער, דער עלטערער קאָמי פערפאָלגט מיך. ער האָט זיך מיר ערקלערט אין ליעבע. ער זאָגט, אויב איך וועל איהם ניט ליעבען, וועט ער מיך אומבריינגען.

— עלאַ, מיין קינד, זיי רוהיג! ער קען דיר גאָרנישט טהאָן! דערצעהל דעם בעל הבית, ער וועט איהם שוין מאַכען שווייגען.

— מוטער! דער קאָמי איז זעהר פערטרויט מיט'ן בעל הבית; ער וועט ניט גלויבען און וועט מיך אַוועקשיקען. וואָס ויעלען מיר טהאָן? ווער וויים, אויב איך וועל געפינען אַזוי שנעל אַ נייעם פלאַץ?

די אַלטינקע שווייגט און בענעצט מיט טרערען די שעהנע בלאָנדע לאָקען פון איהר איינציגען קינד. עלאַ זיצט בלאַס און פערטראַכט. איהר האַרץ איז אונרוהיג; זי פיהלט, אַז אַ ביטערער שטורם וועט אויסברעכען אין איהר לעבען.

עס גערען אַריבער עטליכע טעג.

— מוטער! מוטער! איך בין אונגליקליך!

עלאַ לויפֿט אַריין אין שטוב, בלאַס ווי דער טויט; נאָך איהר געהט נאָך אַ גרויסער פּאָליציימאַן מיט זיין קלאָב אין דער האַנד.

— עלאַ, מיין קינד, וואָס איז געשעהן? — די אַלטע האַלט זיך קוים אויף די פֿיס פֿון שרעק.

— מוטער! זיי זאָגען, איך בין אַ גנב'טע! דער קאָמי האָט געהאַלטען וואָרט: ער האָט אַריינגעלייגט אַ שטיק זייד אין מיין האַנד־טאַש און האָט געזאָגט, אַז איך האָב עס גע'גנב'עט. מוטער, זיי ווילען מיך איינשפּאַרען אין געפֿענגנים. אָה! איך וועל שטאַרבען פֿון שאַנדע!

— עלאַ, מיין קינד, זיי רוהיג! — שריים די אָרעמע מוטער מיט אַ ציטערנדער טרערען־שטימע. — זיי קענען דיר גאָרנים טהאָן, דו ביסט אונשולדיג; יעדער איינער קען דאָס זעהן. איך, די גאַנצע וועלט וועט עס שווערען! ניין, עס איז אונמעגליך צו בעשולדיגען דיך, מיין מלאך, אין אַזאַ פֿערברעכען!

מוטער און טאָכטער פֿאַלען איינע דער אַנדערער אין די אָרעמס און וויינען.

— קומט! אייער וויינען וועט ניט העלפֿען! — מורמעלט דער אָרדנונגס־בעוואַכער. — דאָס געריכט וועט שוין אויסגעפֿינען, אויב דו ביסט אונשולדיג.

* * *

עס איז אַוועק אַ האַלב יאָהר.

עלאַ קומט נאָר וואָס אַרויס פֿון געפֿענגנים, וואו זי איז אָב־געזעסען פֿאַר דער גנבה, וועלכע איז פֿאַבריצירט געוואָרען פֿון דעם אויפֿגערייצטען קאָמי. איהר מוטער איז פֿון צרות קראַנק און האַלב וואַהנזיניג. זי ליגט אין אַ דונקעלען צימער. אַ שכן האַלט



זי פֿון רחמנות. עלאַ פֿאַנגט אָן זוכען אַ נייע בעשעפֿטיגונג. עס געהט אַוועק אַ וואָך, אַ צווייטע, זי קען קיין אַרבייט ניט געפֿינען. אין די געשעפֿטען איז זי בעקאַנט אַלס אַ גנב'טע. קיין אַנדער אַרבייט ווייס זי ניט. דערווייל מוז מען לעבען. מען מוז האָבען געלד. די מוטער דאַרף אַ דאָקטאָר, אַן אַנדער וואָהנונג. אין האָספּיטאַל וויל זי ניט געהן. „זיי וועלען מיך דאָרט ערמאָרדען, ווי זיי האָבען ערמאָרדעט מיין עלאַ!" שרייט די האַלב־וואַהנזיניגע און קוקט אויף יעדען, ווי אויף אַ מערדער פֿון איהר טהייערער עלאַ.

נאָך אַ מאָנאַט איז אַריבער. קיין אַרבייט איז נאָך אַלץ ניטאָ, די עטליכע קליידלעך, וואָס עלאַ האָט געהאַט זיינען אַלע אַוועק אין לאָמבאַרד. אין שטוב איז קאַלט. קיין ברויט, קיין קוילען, קיין שטיקעל ליכט צו בעלייכטען די אָרעמע וואָהנונג. עלאַ וואַרפֿט אויף זיך אַרויף איהר יאַקעל און געהט אין גאַס, זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט נאָך אַ חבר'טע, וועלכע האָט מיט איהר צוזאַמען געאַרבייט אין געשעפֿט און האָט געוואוסט, אַז זי איז אונשולדיג. „פֿילייכט וועט זי מיר עפּעס באָרגען."

עלאַ איז שנעל דורכגעלאָפֿען אַ פּאָר פֿינסטערע גאַסען און האָט אָנגעקלאַפּט צו איהר חבר'טע.

— זי איז ניטאָ! אַוועק אויף אַ באַל! איז געוועזען דער ענטפֿער.

עלאַ האָט אַרונטערגעלאָזען איהר קאָפּ און איז טרויעריג אַוועק ווייטער.

עס איז שוין 11 אוהר ביינאַכט. די גאַז־לאַמטערנעס בע־לייכטען דונקעל די שמוציגע גאַסען פֿון נויאָרקער „דאַון־טאַון".

עלאַ וואַנדערט שטיל דורך די גאַסען. וואוהין זי געהט, קען זי זיך אַליין ניט אָבגעבען קיין רעכנונג. זי געהט וואוהין עס איז, אַבי נור ניט אין דעם קאַלטען, שמוציגען חדר, וואו עס ליעגט יעצט איהר קראַנקע, וואַהנזיניגע מוטער.

װי אַזױ קען זי איהר העלפֿען? װאָו נעהמט מען די מיטלען צו ערלייכטערן איהר די שרעקליכע לײדען?

טרערען האָבען איהר געשטיקט. איהר עלענד, איהר נױטה, איהר אונגליקליכע מוטער — אַלעס האָט זיך פֿערװאַנדעלט אין אַ ניפֿטיג העליש פֿײער, װאָס האָט פֿערצעהרט איהר האַרץ און נעדריקט מיט שאַרפֿע אײזערנע צװאַנגען איהר גאַנצעס װעזען. זי האָט זיך צונעטמוליעט צו אַ גרױסער געביידע און האָט ביטער געװײנט.

— יוננעס פֿרײלײן, װאָס איז געשעהן? — האָט זי דערהערט לעבען זיך אַ מענער־שטימע.

זי האָט אױפֿגעהױבען איהר קאָפּ. לעבען איהר איז געשטאַנען אַ רײך־געקלײדעטער יונגער־מאַן אין אַ זײדענעם צילינדער, מיט אַ ציגאַר אין מױל. איהר ערשטער געדאַנק איז געװען: אַנטלױפֿען! אָבער מאַקע באַלד האָט אין איהר קאָפּ דורכגעבליצט אַן אַנדער פּלאַן: זי װעט איהם בעטען, ער זאָל איהר געבען עטװאָס געלד, מיט װאָס זי װעט קענען רעטען איהר מוטער און זיך זעלבסט. װאָס קען זי זיך העלפֿען? זי מוז בעטלען, קײן אַנדער אױסװעג איז ניטאָ.

— העלפֿט מיר! איהר זײט, זעה איך, רײך, מײן מוטער איז זעהר קראַנק, איך קען קײן אַרבײט ניט געפֿינען... — האָט זי אָנגעפֿאַנגען, אָבשטעלענדיג זיך אױף יעדען װאָרט און װערענדיג באַלד בלאַס, באַלד רױט אין געזיכט.

דער רײכער יונגער מאַן האָט זיך גוט אײנגעקוקט אין איהר געזיכט און איז געבליבען שטעהן װי פֿערװאונדערט. איהר שעהנהײט, איהר נאַאיװיטעט, איהר אונשולד, װעלכע האָט געשטראַהלט פֿון איהר יעדען געזיכטס־צוג, פֿון איהר יעדער בעװעגונג, האָט איהם װי בעצױבערט. ער האָט ערװאַרטעט צו בעגעגענען אײנע פֿון די



נאַכט-פֿייגעל, מיט וועלכע ער איז געווען גוט בעקאַנט, און איז ערשטוינט געוואָרען צו געפֿינען אַזאַ ריינעם, וואונדערשעהנעם פערל אין די שמוציגע גאַסען פֿון נויאָרק.

— וואו וואוינט איהר? פֿון וואַנען קומט איהר? — האָט ער שטיל געפֿרעגט.

זי האָט איהם דערצעהלט איהר לעבענס-געשיכטע און ער האָט איהר בעגלייט אַהיים. ער האָט בעטראַכט איהר קראַנקע מוטער. האָט איבערגעלאָזען עטליכע דאָלאַר און האָט צוגעזאָגט מאָרגען ווידער צו קומען.

יעדען טאָג פֿלעגט ער בעזוכען די שעהנע עלאַ. ווי האָבען איבערגעצויגען אין אַ שעהנע וואוינונג. דאָך די אַלטינקע מוטער האָט זיך ניט געקענט ערהוילען פֿון איהר קראַנקהייט און איז אין גיכען געשטאָרבען.

עלאַ האָט געליעבט איהר איינציגען פֿריינד און רעטער. ער פֿלעגט איהר פֿערשאַפֿען די בעסטע פֿערגניגען, און זייער לעבען איז די ערשטע צייט געווען זעהר אַ גליקליכעס.

אָבער פלוצלינג איז ער פֿערשוואונדען. עלאַ איז געבליבען אַליין. זיינע פֿריינד האָבען איהר געזאָגט, דאָס ער איז מיט אַן אַנדער פֿרוי אַוועק נאָך אייראָפּאַ. עלאַ האָט געהאַט אַ קינד. די נויטה האָט ווידער אָנגעפֿאַנגען צו קלאַפּען אין טהיר.

וואָס זאָל זי טהאָן ווייטער? עלענד, אָרעם, מיט אַ קינד אויף די הענד, פֿעראַכטעט פֿון דער מאָראַלישער געזעלשאַפֿט אַלס אַן אונמאָראַלישע פֿרוי, וואו זאָל זי געהן? צו וועמען זאָל זי זיך ווענדען?

עס איז איהר געבליבען נור איין מיטעל, נור איין אויסגאַנג. זי איז געווען נאָך יונג און שעהן. רייכע בעלי-תאוה האָבען געקלאַפּט אין איהרע טהירען. זי וועט אָנפֿאַנגען צו האַנדלען מיט איהר שעהנהייט.

מיט קללות, מיט האַס, מיט ברענענדען צאָרן האָט זי זיך אָבגעגעבען דעם שענדליכען האַנדעל. איהר געוויסען פּלעגט איהר ניט געבען קיין רוה. איהר שענדליך לעבען איז תמיד געשטאַנען פאַר איהרע אויגען, זי פּלעגט הערען די ציטערענדע שטימע פון איהר טויטער מוטער: „עלאַ, וואָס האָסט דו געטהאָן? עלאַ, דיין שאַנד ברענט ווי אַ העליש פייער אין מיין קבר און לאָזט מיך ניט רוהען!"

אום צו פערטויבען אין זיך די ניפּטיגע שטימע פון איהר קראַנקען געוויסען האָט זי אָנגעהויבען טרינקען. זי האָט געטרונ־קען ביי טאָג און ביי נאַכט. איהר דיענסט פּלעגט איהר אָפּט געפינען אויף דער פאָדלאָגע שכור מיט אַ פערשוואָלענעם געזיכט.

— וואו זיינען זיי? — פּלעגט זי פרעגען מיט אַ הייזעריגער שטימע? — וואַרום קויפען זיי מיר ניט קיין וויין?

אין איין יאָהר איז זי געוואָרען אַלט און גרוי.

די מענער האָבען געווייכט פון איהר.

— וואָס אַנטלויפט איהר פון מיר? — פּלעגט זי שרייען מיט אַ ביטערען שמייכעל. — איהר אַליין האָט צוטרעטען די בלום און איצט שפּייט איהר אויף איהר!

* * *

— סיי נעט אַפּ! — די באַמערקע האָט דערפּיהלט ווי אַ שווערע האַנד דריקט איהר שולטער. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט. נעגען איהר איז געשטאַנען אַ גרויסער פּאָליציי־מאַן מיט אַ קלאָב אין די הענד. זי האָט זיך מיט שרעק אויפגעהויבען און איז שנעל אַוועק ווייטער.

קוקענדיג אויף דיזע קלענליכע פיגור, איינגעוויקעלט אין שמוציגע טראַנטעס, ווער וואָלט געגלויבט, אַז ערשט מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק איז דאָס געווען אַ צאַרט, אונשולדיג קינד, אַ וואונ־

דער־שעהנע עלאַ, אַ רייצענדע בלום, וועלכע האָט געבליהט אויף דער ברוסט פֿון איהר טרייער מוטער? ווער וואָלט געגלויבט, אַז אויך דיזע שמוציגע באָמערקע האָט אַמאָל געשיינט, ווי אין פֿריה־לינג די זונן, געליעבט און געטרוימט פֿון אַ הערליכער צוקונפֿט?

וויפֿיעל אַזעלכע געפֿאַלענע, צוטראָטענע „עלאַס" בלאָנדזשען אַרום אין די גאַסען פֿון נויאָרק, געשענדעט פֿון יעדען אויסוואורף פֿון דער מענשהייט, פֿערוואָרפֿען מיט שמוץ און שטיינער פֿון דער „יונגער אַמעריקאַ", געשלאָגען פֿון די היטער פֿון געזעץ און אָרדנונג?

און וויפֿיעל יונגע קינדער מיט לאָקען, ווייך ווי זייד, מיט באַקען, פֿריש ווי ראָזען, וועלכע לויפֿען נאָך פֿאָרלויפֿיג אין שוהלע און שיינען מיט זייער נאַאיוויטעט און אונשולד, ערוואַרטעט דאָס שיקזאַל פֿון אַן עלאַ, דער שרעקליכער גורל פֿון אַ נויאָרקער באָמערקע!

דאָך גענוג! איך וויל דיך, לעזער, ניט בעלעסטיגען מעהר מיט אַזאַ נידעריגער פערזאָן, ווי אַ „באָמערקע". איך וויל דיך נור בעטען, ווען דו געהסט דורך די גאַסען פֿון נויאָרק און בעגעגענסט אַ „באָמערקע", וואַרף ניט אויף איהר קיין שטיינער, דיינק פֿון דער „עלאַ" און פֿרעג: וועמעס שולד איז דאָס?



# נעלד און לעבען.

— נו, מאַטילדע, פיהלסט דו היינט בעסער? — האָט אַלבערט נעפרענט זיין יונגע פרוי, וועלכע איז נעלעגען קראַנק אין בעט.

— ניין, אַלבערט, איך פיהל היינט ערגער, — האָט זי שטיל נעענטפערט. איהרע איינגעפאַלענע שוואַרצע אויגען זיינען געווען פייכט פון טרערען.

— איז דער דאָקטאָר שוין געווען?

— ניין, קיינער איז דאָ היינט נים געווען.

אַלבערט האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און געשוויגען. ער איז געווען אַן אַרבייטער. אַ גאַנצען טאָג האָט ער שווער געאַרבייט אין פאַבריק. ווי אָרעם ער האָט נים געלעבט מיט זיין מאַטילדע, דאָך האָט ער מונטער און שטאָלץ געטראָגען די לאַסט פון עהרליכער אָרימקייט. יעדען אָבענד פלעגט איהם מאַטילדע בע־געגענען מיט אַ ליעבליכען שמייכעל אויף איהר ערעלען שעהנעם געזיכט. זי איז געגאַנגען אָרעם געקליידעט, אָבער תמיד ריין און נעט. זייער וואוינונג איז בעשטאַנען פון צוויי קליינע נויאָרקער צימערלאַך און ביי זיי איז אימער געווען אַלעס ציכטיג, אַלעס אויף אַן אָרט, ריין און בעקוועם.

אָבער פלוצלינג האָט זיך אויף דיזען אָרעמען עהרליכען פאַמיליען־בילד אַראָבגעלאָזט אַ שוואַרצער וואָלקען. מאַטילדע האָט געהאַט אַ קינד, וואָס איז באַלד געשטאָרבען. פון דאַמאָלסט אָן, שוין 4 מאָנאַט, ליגט זי קראַנק. איהר אויסגעמאַטערט, פערוועלקט

געזיכט צוריסט אויף שטיקער דאָס האַרץ פון׳ם אָרעמען אַלבערט. די גרעסטע טהייל פון זיין קלעגליכען לוין האָבען פערשלונגען דאָקטוירים און מעדיצין. און מאַטילדע׳ס חופּה־קלייד און זיין זילבערנער זייגער האָט ער אַוועקגעטראָגען אין לאָמבאַרד, אום צו קענען פינקטליך בעצאָהלען רענט און דעם דאָקטאָר פאַר זיינע וויזיטען.

דאָך, וואָס קען עס זיין, וואָס דער דאָקטאָר איז שוין צוויי טעג ניט געוועזן? אַלבערט האָט זיך ערא־נערט, אַז דעם לעצטען מאָל האָט ער איהם ניט געהאַט מיט וואָס צו בעצאָהלען און האָט איהם געבעטען, ער זאָל וואַרטען ביז ער וועט ערגעץ קריגען א פּאָר דאָלאַר.

— זאָל דאָס זיין די אורזאַכע, וואָס ער קומט ניט מעהר? — האָט זיך אַלבערט געפרעגט מיט א ביטערען פערדרוס. — איז דאָס מעגליך? האָב איך דען איהם ניט געצאָהלט אימער פאַר זיינע וויזיטען? האָב איך דען ניט אָבגעריסען פון מיין לעצטען ביסען, אום איהם צופרידענצושטעלען, אום צו וויסען, אַז מאַ־טילדע ליגט ניט אָהן שום הילפע? וויפיעל מאָל האָב איך מיר געלייגט שלאָפען אָהן נאַכט־מאָהל, אַ הונגעריגער, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז ווען איך וועל קויפען עטוואָס צו עסען, וועל איך ניט האָבען מיט וואָס צו בעצאָהלען דעם דאָקטאָר?

און איצט... איז דאָס מעגליך? אַז ער האָט אַוועקגעוואָרפען מיין מאַטילדע? אַוועקגעוואָרפען, זי געלאָזט פערוועלקען, שטאַרבען, ווייל מיר האָבען איהם איין מאָל ניט בעצאָהלט? ווייל מיר זיינען אַזוי אונגליקליך און אָרעם?

— מאַטילדע! איך מוז אַריבערגעהן צום דאָקטאָר און וויסען די אורזאַכע, וואַרום ער קומט ניט מעהר צו דיר! — האָט גע־זאָגט אַלבערט מיט א ציטערנדער שטימע פון פערשטיקטען צאָרן.

זי האָט אויף איהם אויפגעהויבען איהרע שעהנע, גרויסע אויגען, אין וועלכע עס האָבען זיך אָבגעשפיגעלט איהרע טיעפע ליידען און איהר ערדעלע, ליעבענדע זעעלע.

— אַלבערט, מיר האָבען מעהר קיין געלד ניט, און דאָק־טוירים קומען נור צו די, וואָס האָבען געלד, — האָט מאַטילדע שטיל געזאָגט און אַ האַרצרייסענדער טרויער האָט זיך געהערט אין איהר שטימע. — אַלבערט, שיק מיך אַוועק אין אַ האָספּיטאַל, דו זעהסט אַליין, אַז מיר קענען זיך ניט העלפען.

— אין האָספּיטאַל! — האָט אויסגערופען אַלבערט מיט ביטערער פערצווייפלונג און זיין שטימע האָט זיך איבערגעריסען.

ער האָט זיך עראינערט, ווי מיט עטליכע יאָהר צוריק איז ער קראַנק געווען און זיין בעל־הבית האָט איהם געשיקט אין קראַנקען־הויז. אָהן קרעפטען, פערשמאַכט איז ער געלעגען גאַנצע טעג, און ווען ער פלעגט בעטען אַ טרונק, פלעגען די האָספּיטאַל־וועכטער זיך מאַכען ניט הערענדיג און איהם איבערלאָזען מיט זיין ברענענדען דורשט. ער געדיינקט, ווי דער האָספּיטאַל־דאָקטאָר פלעגט, ווי אַ שנעע־זאַווערוכע, דורכלויפען פערביי די בעטלעך פון די קראַנקע מיט דער קאַלטער פראַגע: „ווי געהט'ס?" און ביז דער קראַנקער האָט געעפענט זיין מויל עטוואָס צו ענטפערן, פלעגט דער דאָקטאָר שוין זיין 3 מייל ווייט פון איהם...

ווי לאַנג וועט מאַטילדע קענען אויסהאַלטען אַזאַ טהיערישע בעהאַנדלונג? זאָל ער זי אַוועקשיקען אין האָספּיטאַל שטאַרבען? ניין! ניין! ער קען דאָס ניט טהאָן. ער וועט לויפען צו דאָקטוירים, ער וועט בעטען, ער וועט וויינען, ער וועט זיך וואַרפען צו זייערע פיס, אום זיי זאָלען רעטען זיין מאַטילדע, זיין איינציגע טרייסט אין לעבען.

— ניין, מאַטילדע! דו דאַרפסט ניט געהן אין האָספּיטאַל!

נאָך אַ פּאָר וואָכען און דו וועסט קומען צו דיינע קרעפטען, — האָט ער זי געטרייסט און איז אַוועק צו זיין אַלטען בעקאַנטען דאָקטאָר. דער אַרצט האָט איהם בעגעגענט אין זיין אָפּיס מיט דעם אייביג קאַלטען שמייכעל אויף זיין ביזנעס-מעסיגען געזיכט.

— נו, מיין פריינד, האָט איהר שוין געקראָגען געלד? — איז געוועזען זיין ערשטע פראַגע.

אַלבערט האָט געפּיהלט עפּעס, ווי אַ שלאַנג וואָלט איהם אַ ביס געטהאָן אין זיין ברוסט.

— ניין, ווערטהער דאָקטאָר! איך האָב נאָך קיין געלד ניט געקראָגען. איך האָף אין גיכען צו קריגען. איך בין געקומען צו אייך, ווייל מיין מאַטילדע פיהלט זעהר שלעכט. פיעל ערגער, ווי ביז אהער.

דער דאָקטאָר האָט אַרויסגענומען אַ סיגאַר, האָט פערדרייכערט און זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין ווייכען שטוהל.

— הערט, יונגער מאַן, — האָט ער זיך ענדליך געווענדעט צו אַלבערט׳ן. — איהר דאַרפט וויסען אַליין, אַז אָהן געלד קען מען קיין דאָקטאָר ניט האָבען. דיינקט איהר, אַז איך לעב פון דער לופט? איך האָב זעהר גרויסע אויסגאַבען און מוז אויך בעצאָהלען מיינע בילס. איין זומער-פּלאַץ פאַר מיין פאַמילע קאָסט מיר אָב מעהר, ווי אַזאַ מענש ווי איהר פערלעבט אין אַ גאַנץ יאָהר. היינט פערד און עקיפּאַזש און נאָך הונדערטע בעדירפ־ניסע, ווי אַ מעטראָפּאָליטען אָפּערא, פאַמיליען-בעלער, אָהן וועלכע איהר קענט גאַנץ לייכט אויסקומען, אָבער מיר, וועלכע לעבען אין אַן אַנשטענדיגער געזעלשאַפט, מוזען נאָכקומען דיזע בעדירפ־ניסע; אויך אונזער פּראָפעסיאָן, ווען מיר ווילען האָבען אַ נאָמען פון אַ גוטען אַרצט, פאָדערט פון אונז, מיר זאָלען לעבען מיט לייטען גלייך. היינט בעקלעהרט אַליין, מיין פריינד, איך זאָל געהן

צו אייך אָהן געלד און צו אַ צווייטען אָהן געלד, וואו וועל איך נעהמען צו בעצאָהלען פֿאַר אַ זומער־פּלאַץ פֿאַר עטליכע הונדערט דאָלאַר, אָדער דערהאַלטען מיינע פֿערד און עקיפּאַזש?

— אָבער, דאָקטאָר, איהר האָט שוין ביי מיר איבערגענומען נים ווייניג געלד, און איצט ווילט איהר מיך אַוועקוואַרפֿען? איצט ווילט איהר איבערלאָזען אַ געפֿעהרליך קראַנקע פֿרוי אָהן שום הילפֿע? לאָזען זי פֿילייכט שטאַרבען אין איהרע יונגע יאָהרען, נור דערפֿאַר, ווייל איך האָב איצט נים צו בעצאָהלען אייך דעם דאָלאַר?

— איך האָב אייך איין מאָל געזאָגט, מיין פֿריינד, און איך ליעב נים איבערצורייידען נאָך אַמאָל, דאָס וואָס איך זאָג. — האָט דער דאָקטאָר רוהיג געענטפֿערט, אַרויסלאָזענדיג בלויע רינגען רויך פֿון זיין האַוואַנאַ־סיגאַר.

— אָבער דאָקטאָר, איז עס מעגליך, אַז איהר וועט זי איצט לאָזען שטאַרבען? — האָט אַלבערט אויסגעשריען, ציטערנדיג מיט זיין גאַנצען קערפּער.

— שטאַרבען! — האָט איבערגעזאָגט דער דאָקטאָר מיט אַן איראָנישען שמייכעל אויף זיין זעלבסט צופֿרידענעם געזיכט: — כאַ! כאַ! איהר זייט זעהר נאַאיוו, יונגער מאַן, ווייניג מענשען שטאַרבען דען יעדע מינוט, יעדע סעקונדע, נים זעהענדיג אין די אויגען קיין דאָקטאָר? וואָס איז דען דער מעהר מיט אייך! איהר זייט אָרעם און קענט איבערהויפּט נים פֿיהרען קיין פֿאַמי־ליען־לעבען, איהר וועט זיך דאַן פֿיהלען פֿרייער...

אַלבערט איז געשטאַנען בלאַס, ווי דער טויט. זיינע הענד האָבען געציטערט און זיינע אויגען האָבען געבליצט מיט צאָר־ניגען האַהנזין. ער האָט געפֿיהלט, ווי אַלעס מענשליכע האָט איהם פֿערלאָזען; ער האָט געפֿיהלט, ווי ער פֿערוואַנדעלט זיך אין אַ



ווילדע חיה. אַלעס איז פֿאַר איהם פֿערשוואונדען, ער האָט נאָר געזעהן פֿאַר זיך אַ בייזען הונד, אַ פֿיינד, אויף וועלכען ער וועט זיך באַלד אַרויפֿוואַרפֿען מיט דונערנדען געשריי פֿון אַ פֿערוואונדעטען לייב און צורייסען זיין אָפּפֿער אויף שטיקער.

דער דאָקטאָר האָט בעמערקט, ווי זיינע ווערטער האָבען געווירקט אויף׳ן אונגליקליכען און ער איז צוגעגאַנגען צו איהם מיט אַ שמייכעל:

— ווייט רוהיג, מיין פֿריינד...

— אונמענש! ווילדע חיה! אַוועק פֿון מיר! — האָט אויסגערופֿען אַלבערט מיט אַ ציטערנדער שטימע, — אַוועק! אָדער איך צורייס דיך, איך פֿערניכט דיר!

— ער איז פֿעררים! — האָט ווי פֿערלאָרען אויסגעמורמעלט דער דאָקטאָר — פֿערלאָזט באַלד מיין אָפּיס.

אַלבערט האָט זיך, ווי אַ צורייצטער לייב אַ וואָרף געטהאָן אויף זיין פֿיינד און האָט איהם אַ שליידער געטהאָן צום באָדען.

— רעטעט! רעטעט! — האָט געשריען דער מעדיצינישער רעטער.

אַלבערט איז ווי אַ וואַהנזיניגער אַרויסגעלאָפֿען פֿון אָפּיס.

וואוהין געהט מען איצט? וואָס טהוט מען?! זיין קאָפּ האָט געברענט, ווי אין אַ שרעקליכען פֿיבער און ער האָט נאָך געציטערט פֿון אויפֿרעגונג. ער האָט זיך עראינערט אָן אַ פֿריינד, וועלכער איז געוועזען בעקאַנט מיט פֿיעלע דאָקטוירים און פּראָפֿעסאָרען. — „פֿילייכט וועל איך דורך איהם קריגען אַ דאָקטאָר", — האָט געטראַכט אַלבערט.

ער האָט געפֿונען זיין פֿריינד שטאַרק בעשעפֿטיגט אין זיין קליינעם קרעמעל. אַלבערט האָט אָבגעוואַרט אַ גינסטיגע מינוט און האָט איהם איבערגעגעבען אין קורצע ווערטער זיין שרעקליכע לאַגע.



— מאַטילדע איז אין געפֿאַהר, איך מוז זי רעטען! — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין פֿריינד מיט פֿליסענדע טרערען.

— וואָס קען איך דיר איצט העלפֿען? דו זעהסט, ווי איך בין שטאַרק פֿערנומען. איך קען פֿערלירען מיינע קונדען, ווען איך זאָל מיך איצט אָבגעבען מיט דיר. קום מאָרגען, וועל איך זעהן, פֿילייכט קען איך דיר העלפֿען.

— מאָרגען! — האָט ביטער אויסגערופֿען אַלבערט,—ווער ווייס, אויב מיין מאַטילדע וועט לעבען ביז מאָרגען? זיין פֿריינד האָט שוין ניט געהערט זיינע לעצטע ווערטער, ער איז אַוועק צו זיינע קונדען.

צובראָכען פֿון שמערצען און פֿערצווייפֿלונג האָט זיך אַלבערט געלאָזט געהן אַהיים. דורכגעהענדיג אַ גרויסע גאַס האָט ער דערזעהן אויף אַ טהיר פֿון אַ רייכען הויז אַ מעשענעם ברעטעל מיט דעם אויפשריפֿט „פּראָפֿעסאָר א...“ אַ פֿונק פֿון האָפֿנונג האָט זיך ווידער אָנגעצונדען אין אַלבערט׳ס ברוסט. ער האָט אָנגעקלונגען.

— איז דער פּראָפֿעסאָר צו הויז?

— יאָ, קומט אַריין!

אַלבערט איז געשטאַנען אין אַ רייך־אויסגעפּוצטען אָפֿיס, אין אַ ווייטע אַרום איז אַריינגעגאַנגען דער פּראָפֿעסאָר. ער איז געווען אַ מאַן פֿון אַ יאָהר פֿערציג, מיט רויטע האָר און באַקענבאָרד, ער האָט עפּעס ווי פֿערוואונדערט אָנגעקוקט דעם אָרעמען אַלבערט אין זיינע אַלטע, אָבגעטראָגענע קליידער.

— פּראָפֿעסאָר, פֿילייכט קענט איהר בעזוכען מיין פֿרוי, וועלכע איז איצט געפֿעהרליך קראַנק? — האָט אַלבערט קוים אויסגערעדט. עס האָבען איהם געשטיקט די טרערען.

— יאָ, געוויס, איך קען דאָס טהאָן, — האָט געענטפֿערט

דער פּראָפעסאָר. — אָבער ווייסט איהר, מיין פריינד, אז איך נעהם פאַר א וויזיט ניט ווייניגער פון 25 דאָלאַר?

אַלבערט האָט אויסגעשטאַרטשעט א פּאָר אויגען.

— 25 דאָלאַר! ניין, פּראָפעסאָר! איך האָב איצט אַפילו קיין 25 סענט ניט. אָבער אין נאָמען פון אַלעס, וואָס איז אייך הייליג און טייער, אין נאָמען פון אייער אייגענער פרוי, וועלכע איהר ליעבט, קומט, רעטעט מאַטילדע׳ן! איך וועל זיך אייך פערפליכטען פאַר מיין גאַנצען לעבען, איך וועל זיין אייער שקלאַף, אייער אייביגער קנעכט! זעהט, אָט ליעג איך ביי אייערע פיס! — און ווירקליך, אַלבערט איז געפאַלען צו די פיס פון׳ם פּראָפעסאָר, ער האָט אָנגעכאַפּט זיינע הענד און האָט זיי געקושט. ווי א טרייער הונד איז ער געלעגען אויף׳ן באָדען און האָט מיט זיינע פערוויינטע אויגען געקוקט אויף זיין מעגליכען רעטער.

— עס איז אונמעגליך, אונמעגליך! — האָט געמורמעלט דער פּראָפעסאָר, אָבשטופענדיג פון זיך דעם אונגליקליכען. — געהט און קריגט ערגעץ א ביליגען אַרצט; איך פאָהר ניט צו אַזעלכע פּאַציענטען.

— דער עקיפּאַזש איז פערטיג! — האָט געזאָגט דער לאַקיי.

דער פּראָפעסאָר איז אויפגעשטאַנען און איז אַרויסגעגאַנגען, אַלבערט איז געבליבען ליגען, ווי אַ דערשלאָגענער אויף׳ן באָדען. ווען ער איז געקומען צו זיך און איז אַרוים פון פּראָפעסאָר׳ס אָפּיס, האָט ער געזעהן פון ווייטען, ווי עס האָט שנעל אַוועק־געראָלט די רייכע קאַרעטע, אין וועלכע דער פּראָפעסאָר איז גע־פאָהר־ען ניט צו אַזעלכע אָ־עמע, פערוואָגעלטע, שטאַרבענדע פּאַציענטען, ווי זיין אונגליקליכע מאַטילדע; ניין, ער איז פיליכט געפאָהרען אין די רייכע פּאַלאַצען, וואו מענשען קריינקען פון וואוילטאָג און איבערפלוס.

„די לעצטע האָפֿנונגען זיינען פֿערלאָרען!" — האָט איצט געטראַכט אַלבערט. — „איך מוז געהן צו איהר. וואָס עס וועט זיין, דאָס וועט זיין!" ווען אַלבערט איז צוגעגאַנגען צו זיין וואוי־נונג, האָט ער דערהערט עפּעס אַ גערויש, אַ לויפֿעריי. פֿיעלע שטימען האָבען גערעדט צוזאַמען: „וואו איז ער? ווי אַזוי לאָזט מען אַ פֿרוי אַליין?" אַלבערט איז שנעל אַרויפֿגעלאָפֿען אויף די טרעפּ. זיין קליינעס צימער איז געווען פֿול מיט מענשען, ווייבער, שכנים, קינדער, אַלטע לייט — אַלעס בעוועגט אין געטומעל.

ווען אַלבערט איז אַריין אין צימער, איז געוואָרען שטיל. אַלע האָבען איהם טרויעריג אָנגעקוקט. אַן אַלטע פֿרוי האָט שטילערהייט געוויינט און זיך געווישט די אויגען מיט אַ גרויסער רויטער פֿאַטשיילע.

אַלבערט איז געבליבען שטעהן, ווי פֿערשטיינערט. — איז עס מעגליך? האָט ער געפֿרעגט, ווי אין אַ טרוים. די אַנוועזענדע האָבען זיך אָבגערוקט פֿון בעט און אַלבערט האָט דערזעהן זיין מאַטילדע — זי איז געווען טויט. אויף איהר בלאַסען מויל איז פֿערשטאָרבען דער אויסדרוק פֿון מאַכטלאָזען קאַמפּף און פֿער־צווייפֿלונג.

אַלבערט האָט ניט גערעדט קיין וואָרט, קיין מינדסטער געשריי האָט זיך ניט אַרויסגעריסען פֿון זיין פֿערשטיינערטער ברוסט. ער איז צוגעגאַנגען צום בעט און איז געפֿאַלען אויף די קניע לעבען זיין טויטע מאַטילדע. עס איז פֿערביי אַ רגע פֿון טויטער שטילקייט. ענדליך האָט זיך פֿון אַלבערט'ס ברוסט אַרויס־געריסען אַ געוויין. דאָס איז געווען אַ שרעקליך געוויין; עס האָט עראינערט דאָס ווילדע ברומען פֿון אַ פֿערוואונדעטען לייב. עס האָט עראינערט די ווילדע פֿערצווייפֿעלטע געשרייען פֿון אַ טי־גערין, ביי וועלכער מען האָט גערויבט און ערמאָרדעט איהרע

קליינע קינדער, אָבער דאָס האָט געדויערט ניט מעהר, ווי עטליכע מינוט. ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט געוואָרפען אויף די אַנוועזענדע, אויף די נייגיעריגע, אַ בליק פון טיעפער פעראַכטונג.

— וואָס שטעהט איהר דאָ! ווער האָט אייך אַהער גערופען, איהר האַרצלאָזע ברואים? וואו זייט איהר געווען פריהער? אַוועק פון דאַנען! פערפעסטעט ניט מיט אייער גיפטיגען אָטהעם דאָס הייליגע, אונגליקליכע וועזען, וועמען איהר, געלדזיכטיגע אונמענשען, האָט אַזוי אונבאַרעמהאַרציג ערמאָרדעט! איך קען אייך ניט זעהן! איך פעראַכט אייך! איהר זייט גיפטיגער פון ווילדע חיות, איהר זייט מערדער!

— אַוועק! — האָט ער נאָך אַמאָל אַ געשריי געטהאָן. זיין שטימע האָט געדונערט, זיינע אויגען האָבען געשפריצט מיט פייער, נאָך אַ ווייל און ער וואָלט אויף זיי אַרויפגעפאַלען, ווי אַ צורייצטער טיגער.

די אַנוועזענדע האָבען איהם אָנגעקוקט מיט שרעק. „דער אָרעמער איז אַראָב פון זינען,” האָבען זיי געטראַכט.

— לאָזט איהם אַ ווייל אַליין, — האָט געזאָגט אַ פרוי, — ער וועט שפעטער פיהלען לייכטער. און אַלבערט איז געבליבען אַליין מיט זיין מאַטילדע'ן.

דאָס דונקעלע לעמפעל האָט געוואָרפען אַ בלאַס ליכט אויף דאָס אונבעוועגליכע, מאַרמאָרנע געזיכט פון דער טויטער.

אַלבערט האָט געקוקט אויף דאָס טייערע געזיכט, וואָס פלעגט איהם אָפט שיינען, ווי אַ גאָלדענער זונענשטראַהל אין אַ וועלט פון פינסטערנים. עס האָט זיך איהם נאָך אַלץ ניט געגלויבט, אַז זיין מאַטילדע וועט מעהר ניט רעדען צו איהם; אַז זי וועט שוין קיינמאָל מעהר ניט קומען איהם אַנטקעגען מיט איהר ליעב־ליכען שמייכעל.

דער גערדאַנק, אַז ווען ער זאָל זיין רייך, וואָלט איצט פּילייכט מאַטילדע נאָך געלעבט, האָט ווי מיט שפּיזען איהם געשטאָכען אין הארצען.

— אַך! וואַרום האָב איך נים גע'גנב'עט, נים גע'גזל'ט, נים בעשווינדעלט ווי אַנדערע? דאַן וואָלט מאַטילדע נים געשטאָרבען. איך וואָלט בעשאָטען מיט גאָלד די געלדזיכטיגע היענען און זיי וואָלטען גאַנצע נעכט געזעסען ביי איהר בעט.

אין דיזען מאָמענט האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז דאָס טויטע געזיכט קוקט אויף איהם מיט צאָרן און פּערדרוס.

— האַ! וואָס רעד איך? וואָלט דען מאַטילדע געקענט ליעבען אַ שווינדלער, אַן אונטערדריקער פון זיינע אָרעמע מיטמענשען? אַ גאָלדענעם זאַק, וואָס האָט נים קיין מענשליכע געפיהלען? ניין, ניין! מאַטילדע וואָלט מיט פּעראַכטונג געוויזען איהם די טהיר; איהר עדעלע זעעלע וואָלט זיך אָבגעקעהרט פון אַ שמוציגען מענשען!

אין דיזער מינוט האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּעריי אין טהיר. אין צימער איז אריין אַן אַלטע פרוי געקליידעט אין שוואַרצען. זי האָט געווענדעט איהר געלען רחמנות פּנים'על צו אַלבערט'ן.

— ווערטהער הערר! איך בעלאַנג צו אַ וואָהלטהעטיגער געזעלשאַפט. איך האָב געהערט, אַז איהר זייט צו אָרעם צו בעצאָהלען פאַר דעם ארון און פאַר דער לויה אין אַלגעמיין. איך קען דאָס אייך מיט דעם גרעסטען פּערגניגען פּערשאַפען.

אַלבערט האָט איהר מיט געדולד אויסגעהערט. איהר יעדעס וואָרט האָט איהם געקלונגען, ווי אַ נידערטרעכטיגע בעליידיגונג פאַר דעם טויטען קערפּער פון זיין געליעבטער מאַטילדע.

— אַזוי! מיט דעם גרעסטען פּערגניגען ווענט איהר מיר דאָס פערשאַפען! — האָט ער ווידערהאָלט מיט אַ שווערער ביטערקייט.



—איך דאַנק אייך! אָבער איך האָב אייער וואָהלטהעטיגקייט. איהר האָט זיך געדאַרפט בוקען פאַר דיזע הייליגע טויטע. זי איז ניט געווען איינע פון אייך; זי האָט אויך געהאַסט וואָהלטהעטיגקייט, זי האָט געליעבט גערעכטיגקייט! איך בעט אייך, פערלאָזט מיין צימער

די אַלטע האָט איהם בייז אָנגעקוקט.

„ער רעדט, ווי אַ פערריקטער," האָט זי געקלעהרט. „מען מוז דאָס געבען צו וויסען דער פּאָליציי." און זי איז אַוועק.

אַלבערט איז ווידער געבליבען אַליין.

— מיך שרעקט דער געדאַנק, דאָס דיזען אונשולדיגען קערפּער וועלען בעריהרען די שמוציגע הענד פון דער פאַלשער וואָהלטהעטיגקייט. וואָס טהוט מען?

אַלבערט איז פערזונקען אין טרויעריגע געדאַנקען. ענדליך איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין שטוהל און זיין געזיכט האָט געטראָגען דעם אויסדרוק פון בעפריעדיגטער ראַכע. ער האָט אויפגעהויבען דעם טויטען קערפּער פון בעט און האָט איהם אַוועקגעלייגט אויף זיין אַרבייטס-טיש. שנעל האָט ער אָנגעפאַנגען פונאַנדערצונעהמען די ברעטער פון'ם אַלטען בעטעל. ער האָט גענומען אַ האַק אין האַנד, האָט אויסגעזוכט אַ קעסטעל מיט טשוועקעס און האָט אָנגעפאַנגען צו האַמערן אַן ארון פאַר זיין מאַטילדע. אַלבערט איז געווען אַ סטאָליער און זיין אַרבייט איז געגאַנגען שנעל.

ער האָט אויסגעפונען אַ מיטעל, ווי צו רעטען דעם הייליגען קערפּער פון שמוציגע הענד. ער וועט אַריינלייגען מאַטילדע'ן אין ארון, וועט זי אַוועקטראָגען אויף דאָס פרייע פעלד און בעהאַלטען דעם מת וייט, וייט פון די אונריינע קברים, אונטער'ן פרייען קלאָרען הימעל.

— אָבער וואָס וועל איך מהאָן, ווען מען וועט מיר שטערען? ווען איך וועל בעגעגענען די פּאָליציי, וועלכע וועט אוועקרויבען פון מיר די הייליגע לייכע פון מיין מאַטילדע?...

— ניין, דאָס דאַרף ניט געשעהן! וואו איז מיין רעוואָלוועד?

ער האָט אַרויסגענומען פון זיין אַלטען קעסטעל אַ גרויסען רעוואָלווער, וועלכען ער האָט געקויפט נאָך אין זיין יוגענד, האָט געגעבען אַ קוק, אויב ער איז געלאָדען און האָט איהם אַריינגע־לייגט אין טאַש.

— איצט בין איך פאַרטיג.

ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. עס איז געווען אַ קאַלטע שטורמישע נאַכט. דער שטאָדט־זייגער האָט געשלאָגען 11 אוהר.

פאַרזיכטיג, שטיל האָט אַלבערט אַראָבגענומען די לייכע פון טיש. צום לעצטען מאָל האָט ער זיך צוגעדריקט צו איהרע קאַלטע ליפען און האָט זי אַריינגעלייגט אין ארון.

— איז עס ווירקליך געקומען די לעצטע מינוט? — זיינע הענד האָבען געציטערט. די האַק איז עטליכע מאָל אַרויסגעפאַלען פון זיינע הענד. ער איז צוגעפאַלען צום ארון, האָט שטום און לאַנג געקוקט אויף איהרע קאַלטע האַלב־געשלאָסענע אויגען.

— מאַטילדע! מאַטילדע! — האָט ער געמורמעלט, — איך קען זיך מיט דיר ניט שיידען.

פלוצלינג האָבען זיך דערהערט טריט. אַלבערט איז געקומען צו זיך.

— עס איז שפעט! עס מוז געטהאָן ווערן. ווען ניט בעפאַלען מיך איצט דיזע קאַלטע, גלייכגילטיגע אונמענשען. ער האָט גע־עפענט שטילערהייט די טהיר. איבעראַל האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. צוויי מאָל איז פון זיינע הענד אַרויסגעפאַלען דער דעק פון'ם ארון. ענדליך האָט ער אָנגעשטריינגט זיינע קרעפטען און

האָט צוגעמאַכט דעם ארון. דריי, פֿיער קלעפּ מיט'ן האַק און מאַטילדע איז אויף אייביג פֿערשוואונדען פֿון זיינע אויגען. ער האָט אַרויסגענומען פֿון אַווינקעל אַ קליינע לאַמטערנע, מיט וועלכער ער פֿלעגט געהן צו דער אַרבייט אין די פֿינסטערע נעכט. איצט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט ניט קיין לאָפּעטע מיט ייאָם צו גראָבען אַ קבר. ער האָט זיך עראינערט, אַז אויף די טרעפּ, וואו דער הויז־אויפֿזעהער וואוינט, האָט ער געזעהן אַן אייזערנע לאָפּעטע.

„גוט, איך וועל זי יעצט קענען נעהמען," — האָט געטראַכט אַלבערט. ער האָט צוגעדעקט דעם ארון מיט זיין אַלטען מאַנטעל און האָט איהם גענומען אויף די פּלייצעס. מאַטילדע איז געווען זעהר לייכט, איהר בליהענדעס געזונד איז פֿערבליבען אויף דער וועלט. אין קאָרידאָר האָט ער געפֿונען די לאָפּעטע און איז שטיל אַוועק אויף דאָס פֿרייע גרינע פֿעלד.

אין אַ פּאָר שטונדען אַרום איז אַלבערט געגאַנגען צוריק פֿון פֿעלד. ער איז געווען אַליין.

— ווייטער, ווייטער פֿון דיזער פֿערהאַסטער וועלט! — האָט ער געמורמעלט. — אויך איהר קבר האָב איך געגראָבען טיעף. צו איהר וועט ניט דורכדרינגען דער רויש און טומעל פֿון די אייזערנע מאַשינעס, וועלכע רופֿען זיך מענשען.

ער איז דורכגעגאַנגען איין גרויסע גאַס נאָך דער אַנדערער.

— וואוהין זאָל איך געהן?

ער האָט זיך ניט געקענט אומקעהרען צוריק אין זיין צימער, וואו אַלעס וואָלט איהם דערמאָנט אָן דער געשטאָרבענער, אונגליקליכער מאַטילדע. פּלוצלינג האָט ער דערהערט, ווי אימיצער רופֿט איהם. ער האָט זיך אומגעקוקט, דאָס איז געווען זיינער אַן אַלטער בעקאַנטער, אויך אַן אָרעמער אַרבייטער ווי ער.

— האַלאָ! אַלבערט! וואָס זעהסט דו אויס אַזוי שלעכט?

— מייי פרוי איז געשטאָרבען, אָדער בעסער געזאָגט, מיין פרוי האָבען ערמאָרדעט די געלדזיכטיגע וואַמפּירען, וועלכע מען רופט דאָקטוירים. איך בין אָרעם און דאָס איז געווען מיין אונגליק.

דער אָרעמער אַרבייטער האָט אַ שווערען זיפץ געטהאָן.

— דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך הער אַזעלכע געשיכטעס. ביי מיר וואוינט אַן אָרעמע פרוי. מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק איז איהר 5 יעהריגעס קינד געוואָרען געפעהרליך קראַנק. זי האָט גערופען אַ דאָקטאָר. ער האָט בעקוקט דאָס קינד, געזאָגט, אַז עס איז אין געפאַהר און האָט אָנגעשריבען אַ רעצעפּט.

— דאָקטאָר, איהר וועט מיר ענטשולדיגען, איך האָב איצט ניט מיט וואָס אייך צו בעצאָהלען, אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך אַוועקטראָגען מיין אַרבייט און וועל אייך דאַמאָלס בעצאָהלען.

— פאַרוואָס האָט איהר מיר דאָס פריהער ניט געזאָגט? — האָט דער דאָקטאָר אויסגעשריען מיט אַזאַ ווילדען כעס, אַז די אָרעמע פרוי איז פערציטערט געוואָרען. — אַזעלכע זאַכען געהען ביי אונז ניט אָן. — ער האָט ווי אַ וואָלף אַרויסגעכאַפּט דעם רעצעפּט און איהם צוריסען אויף שטיקלעך. אין אַ פּאָר שטונדען אַרום איז דאָס קינד געשטאָרבען.

אַלבערט איז געוואָרען נאָך בלאַסער.

— אַזעלכע מענשען־מערדער מוז מען פערניכטען, — האָט דורכגעברומט דער אַרבייטער דורך זיינע ציינער און זיי האָבען זיך שטילערהייט צושיידט.

„יאָ, יאָ, זיי האָבען ביי מיר אַוועקגערויבט מיין מאַטילדע! אָה! ווי אַזוי איך האָב זיך פאַר זיי ערנידעריגט! איך בין זיי געפאַלען צו די פיס און האָב זיי געקושט די הענד, ווי אַ בעטלער! און וואָס האָב איך ביי זיי געבעטען? עטליכע מינוט גאַנג!

אַ בליק אויף אַן אָרעמע ליידענדע פֿרוי! דאָך, אויף אַלע מיינע טרערען, אויף אַלע מיינע ערנידערונגען האָבען זיי געענטפֿערט מיט אַ האַרצלאָזען געשריי: אַוועק פֿון דאַנען, דו ביזט אָרעם! דו מיט דיין פֿרוי קענען שטאַרבען, ווי די הינד! וואָס געהט דאָס אונז אָן! שטעהט ביי זיי דער דאָלאַר העכער פֿון אַ מענשען־לעבען? זיינען אין זיי אָבגעשטאָרבען אַלע מענשליכע געפֿיהלען? קען דען אויך אַ דאָקטאָר ניט זיין מיט אַ מענשליכען האַרץ? זיי בעגעהען טויזענדער פֿערברעכען, וועלכע שטייגען איבער מיט זייער ציניזמוס די פֿערברעכען פֿון אַ „רוזשעק דהי ריפּער" און בלייבען אימער גערעכט."

„איך זעה איצט פֿאַר מיר מאַטילדע, זי ראַנגעלט זיך מיט'ן טויט, זי רופֿט נאָך הילפֿע, אָבער וואָס געהען אָן דער וועלט די געשרייען פֿון דער שטאַרבענדער? וואָס געהט דאָס אָן די דאָק־טוירים, די פּראָפֿעסאָרען, וואָס ערגעץ דאָרט אין אַ טענעמענט־לאָך שטאַרבט אָהן הילפֿע אַן עלענדע פּראָלעטאַריער־פֿרוי אָדער אַן אונשולדיגעס קינד? געלד, געלד, געלד! דאָס איז דער מאָדער־נער מיוועל, וועלכער פֿערגיפֿטעט אַלעס מענשליכע און מאַכט טויב און בלינד צו אַלעס, וואָס שטעהט אַביסעל העכער פֿון אונזערע פּערזענליכע אינטערעסען און טהיערישע בעפֿרידיגונגען."

פּלוצלינג האָט זיך אַלבערט אָבגעשטעלט לעבען אַ רייכען הויז. עפּעס ווי אַ צויבער קראַפֿט וואָלט איהם ניט געלאָזט געהן וויימער. דאָס איז געוועזען די וואוינונג פֿון אַלבערט'ס לאַנג בעקאַנטען דאָקטאָר. פֿון דיזע טרעפּ איז ער אַרונטערגעפֿאַלען, ווען ער האָט דעם לעצטען מאָל איהם גערופֿען צו דער שטאַרבענדער. ער האָט געוואָרפֿען אַ בליק אין די גרויסע פֿענסטער. אַ גרויסער לאָמפּ האָט בעלייכטעט דעם אָפֿיס. אַלבערט איז, ווי ניט ווילענדיג, אַרויף אויף די מאַרמאָרנע טרעפּ. איצט האָט ער געקענט זעהן,

דורך דעם אָפֿענעם פֿענסטער, ווי דער דאָקטאָר איז געזעסען רוהיג אין זיין שטוהל. פֿאַר איהם איז געלעגען אַ פּאַק מיט פּאַפּירען. פֿון צייט צו צייט האָט ער געשריבען בילס פֿאַר פּאַ־ציענטען. אַלבערט איז געוועזען גוט בעקאַנט מיט דיזע שטיקלעך פּאַפּיר, וועלכע האָבען ביי איהם אַוועקגענומען זיינע לעצטע סענטען און האָבען איהם אָפֿט געצוואונגען צו הונגערן.

— ווי רוהיג ער זיצט זיך! — האָט געטראַכט אַלבערט. — ווי רויט און צופֿריעדען איז זיין געזיכט! זיינע הענד זיינען פֿייכט פֿון מאַטילדע׳ס בלוט! ער, ער האָט זי ערמאָרדעט! פּלוצלינג איז זיין געזיכט געוואָרען דונקעל, ווי אַ שוואַרצער וואָלקען. אַ ווילדער־טייוועלשער שמייכעל האָט געשפּיעלט אויף זיין אויסגעקרימטען מויל.

— איך מוז נעהמען ראַכע! ראַכע! איך מוז פֿערניכטען דיזע ווילדע חיה! — ער האָט אָנגעטאַפּט אין זיין פּאַקעט. דער רעוואָלווער האָט דאָרט געשטעקט. ער האָט זיך פֿאָ־זיכטיג אַרומ־געקוקט. אַלעס האָט אַרום איהם געשלאָפֿען. מען האָט קיין מענשען ניט געזעהן אין גאַס. ער איז אַרויפֿגעקראָכען אויף די אייזערנע שטינען און האָט אַריינגעקוקט אין צימער. דער דאָקטאָר איז געווען אַליין, ער איז געזעסען מיט זיין רוקען, גראָבען קאַרק צום פֿענסטער.

אַלבערט האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער. אָבער אַ נייער געדאַנק האָט אַ פֿינקעל געטהאָן אין זיין קאָפּ און שנעל, ווי אַ רויבפֿויגעל איז ער דורך׳ן פֿענסטער אַריינגעשפּרונגען אין׳ם דאָק־טאָר׳ס אָפֿיס.

איידער דער דערשראָקענער דאָקטאָר האָט זיך אַרומגעקוקט, איז שוין אַלבערט געשטאַנען פֿאַר איהם דריקענדיג דעם רעוואָלווער אין זיין רויטען שטערן.



— קיין וואָרט! — האָט אַלבערט געפּליסטערט. — עס איז געקומען דיין לעצטע שטונדע!

דער דאָקטאָר איז געוואָרען בלאַס ווי קאַלך. זיין פּעטער קערפּער האָט געציטערט.

— האָ! וואָס ציטערט איהר, ווערטהער דאָקטאָר? — האָט אַלבערט געפרעגט און אַ גיפטיגער שפּאָט האָט זיך געהערט אין זיינע ווערטער. — וואָס ציטערט איהר, הערר דאָקטאָר? עס איז ניט מעהר ווי דער טויט. פיעלע מענשען שטאַרבען, ניט וואַהר? מאַטילדע איז געשטאָרבען, נאָך טויזענדע אונגליקליכע שטאַרבען, וואָס איז מיט אייך דער מעהר, הערר דאָקטאָר? איהר האַלט זיך אַזוי קינדעריש! דער טויט דאַרף ניט זיין פאַר אייך אַזאַ שרעק. איהר זייט דאָך אַודאי ניט איינמאָל געשטאַנען ביים בעט פון אַ רייכען שטאַרבענדען, צוזאַמענרעכענענדיג אייערע בילס.

— וואַהנזיניגער, לאָז מיך! וואָס טויג דיר מיין לעבען? — האָט דער דאָקטאָר געמורמעלט. ער איז בענאָסען געוואָרען מיט אַ קאַלטען שוויים אונטער דעם דרוק פון אַלבערט'ס רעוואָלווער.

— דו ווילסט געלד, נעהם אָט דיזען טייסטער, אין איהם געפינט זיך אַלעס, וואָס איך פאַרמאָג.

— גיפטיגע שלאַנג! וואָס טויג מיר דיין געלד? ווען מאַטילדע וואָלט געלעבט, וואָלט איך דערמיט געקענט אָבקויפען אייך, דאָקטוירים און פּראָפעסאָרען, אָבער מאַטילדע איז טויט און דיין געלד איז פייכט פון מענשליכע טרערען און בלוט!

אַ רעוואָלווער האָט אויסגעשאָסען און דער דאָקטאָר איז אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד אַ טויטער.

— פיעלע מענשען שטאַרבען, הערר דאָקטאָר! — האָט אַלבערט אַל'ז ווידערהאָלט, קוקענדיג אויף זיין בלוטענדען פיינד, און ער איז געפאַלען אין די הענד פון דער אָנקומענדער פּאָליציי.

# דער פערברעכער.

---

אין דער שטאַאט־טורמע פֿון'ם שטאַאט אָהייאָ האָט מען לעצ־טען זומער געבראַכט אַ יונגען פֿערברעכער, וועלכער איז בעשולדיגט געווען אין מאָרד און פֿעראורטיילט געוואָרען צום טויט. די טויט־שטראָף איז אָבגעליינט געוואָרען אויף עטליכע וואָכען. דער אַדוואָקאַט פֿון דעם אָנגעקלאָגטען האָט נאָך געהאָפֿט צו רעטען דעם יונגען פֿערברעכער פֿון דער תליה, ער האָט זיך געווענדעט צום גובערנאַטאָר מיט אַ ביטע פֿאר בעגנאַדינג.

דער פֿערברעכער אַליין האָט ווייניג געהאָפֿט אויף בעגנאַ־דיגונג און האָט רוהיג ערוואַרטעט דעם טאָג פֿון זיינע לעצטע ליידען. ער איז געווען אַ יונגער מאַן פֿון אַ יאָהר 28 מיט אַן עדעלען סימפּאַטישען געזיכט, מיט אַ ווייכער שטימע און גרויסע בלויע אויגען. קוקענדיג אויף זיין נאָבעלעם געזיכט, האָט זיך גאָר ניט געגלויבט, אַז דאָס זאָל זיין אַ געזיכט פֿון אַ מערדער. דער אויפֿזעהער פֿון טורמע, אַן אַלטער וויים־גרויער סערזשאַנט, האָט פֿון דעם ערשטען בליק געפֿיהלט אַ טיעפֿע סימפּאַטהיע צו דיזען יונגען פֿערברעכער; ער פֿלעגט יעדען מאָרגען איהם בעגריסען און ריידען מיט איהם פֿריינדליך.

עס איז געווען 11 אוהר ביי נאַכט. איינינע אויפֿזעהער האָ־בען געשמאַק געדרעמעלט אויף זייערע פּאָסטען, איינינע געטרונקען ווין און אַנדערע געשפּיעלט אין קאָרטען מיט די רייכע אַרעסטאַנטען. דער אַלטער סערזשאַנט איז צוגעגאַנגען צו זיין יונגען פֿריינד, וועלכער איז נאָך ניט געשלאָפֿען און האָט געלעזען אַ טעגליכע ציימונג.

— זאָג מיר, יונגערמאַן, איז עס אמת, אַז דו האָסט בע־גאַנגען אַ מאָרד? — האָט איהם דער אויפֿזעהער געפֿרעגט מיט דעם טאָן פֿון אַן אַלטען פֿאָטער. — עס גלויבט זיך גאָר ניט, אַז דו מיט דיין גוטען געזיכט, מיט דיין בעשייד'ענעם כאַראַקטער ואָלסט בעגעהן אַ מאָרד.

דער יונגער פֿערברעכער האָט מיט אַ ביטערען שמייכעל אָנגעקוקט דעם אַלטען סערזשאַנט.

— יאָ, איך בין ניט בעשאַפֿען געוואָרען צו זיין אַ מערדער, אָך בין איך בעגאַנגען אַ מאָרד. יאָ, עס איז אמת, אַז איך האָב איהם ערמאָרדעט, ווייל איך האָב אַליין געוואָלט לעבען.

— אַלזאָ איז עס ניט געווען צוליעב געלד? — האָט ווי מיט אַ פֿונק פֿון האָפֿנונג אַ פֿרעג געטהאָן דער אַלטער.

— יאָ, עס איז געווען צוליעב געלד, מיין פֿריינד, אָבער איז דען ניט געלד אויך לעבען? געלד איז אַלעס: לעבען, ליעבע, גליק, פֿערגניגען, זעליגקייט, — אַלעס, אַלעס קריגט מען פֿאַר געלד, און איך האָב געוואָלט לעבען! דער דורשט נאָך לעבען און געניסען איז געווען אין מיר זעהר שטאַרק; איך האָב געטרוימט פֿון דער לאַבענדער, גלענצ'ענדער זונן; איך האָב געטרוימט פֿון דערקוויקענדען וויין, וועלכער פֿינקעלט אין גאָלדענע בעכערס; איך האָב געטרוימט פֿון רייצענדע פֿרויען, וועלכע ליעבען נור פֿאַר גאָלד: מיין יעדער אבר האָט געדורשט נאָך לעבען און גע־ניסען. אָבער ווי אַזוי איז עס מעגליך צו געניסען דאָס לעבען פֿאַר אַזאַ אָרעמען שקלאַף, ווי איך? אַ שמוציג צימער, שמוציגע קליי־דער, טרוקען ברויט, — דאָס איז מיין לעבען געווען.

מיט עטליכע מאָנאַט צוריק האָב איך געפֿונען אַרבייט ביי אַן אַלטען פֿאַרמער. ער האָט מיר געגעבען אַ בעשעפֿטיגונג אויף דעם פֿרייען פֿעלד, און איך בין געווען די ערשטע צייט צופֿריעדען

מיט מיין אַרבייט. איך ליעב די נאַטור: די געדיכטע וועלדער אַרום דער פֿאַרם האָבען מיך אימער געריפֿען אין זייער קיהלען שאָטען.

אָבער מיין צופֿרידענהייט האָט ניט לאַנג געדויערט. עס איז געווען 2 אוהר ביי נאַכט. איך בין געלעגען אויף מיין בעטעל אין מיין קליינעם צימער, עס האָט זיך מיר ניט געשלאָפֿען די נאַכט. פֿערשיעדענע בילדער פֿון דער פֿערגאַנגענהייט האָבען זיך אַרומ־געטראָגען אין מיין קאָפּ. פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ קלאַנג, עפּעס ווי דער קלאַנג פֿון גאָלדענע מטבעות... איך האָב זיך אוועקגעזעצט אויף'ן בעט, האָב זיך צוגעהערט. דער קלאַנג האָט זיך דערהערט איבער אַ נייעס. איצט האָב איך בעמערקט, אַז ער קומט פֿון דעם צווייטען צימער, וואָס איז געווען פֿון מיינעם אָב־געטיילט מיט אַ דינן הילצערן ווענטעל. איך האָב זיך פֿאָרזיכטיג געשטעלט אויף מיין בעטעל, פֿון וועלכען איך האָב געקענט איבער דער וואַנד זעהן אַלעס, וואָס עס טהוט זיך אין צווייטען צימער. דער אַלטער פֿארמער איז געזעסען לעבען אַ טיש, אויף וועלכען עס האָבען געפֿינקעלט קופּעס פֿון גאָלדענע מטבעות. דער לאָמפּ האָט געוואָרפֿען זיין ליכט אויף דעם גאָלדענעם אוצר און דער גאַנצער טיש האָט געבלישטשעט, ווי אַ גאָלדענער ים. איך האָב ניט געקענט אָברייסען מיינע אויגען פֿון דעם שיינענדען גאָלד. איך האָב געזעהן, ווי דער פֿאַרמער האָט איבערגעצעהלט דאָס גאָלד, אַריינגעשאָטען עס אין אַ לעדערן זעקעל און עס בעהאלטען אונטער זיין מאַטראַץ.

איך האָב ניט געקענט אַ גאַנצע נאַכט שלאָפֿען; פֿאַר מיינע אויגען האָבען געברענט די גאָלדענע מטבעות.

— אָה! ווען איך זאָל נור האָבען דאָס געלד, ווי גליקליך איך וואָלט געלעבט! איך וואָלט מעהר ניט געדאַרפֿט אַרבייטען



אונטער דער ברענענדער זונן, איך וואָלט געגאָסען אַלעס... אַלע פערגניגען פון לעבען.

און דער וואַהנזיניגער דורשט נאָך לעבען האָט זיך ווידער צופלאַקערט אין מיין יונגער ברוסט. אויף מאָרגען האָב איך בעד שלאָסען אַריינ׳גנב׳ענען זיך ביי נאַכט אין דעם פאַרמער׳ס צימער און אַרויסשלעפען דאָס געלד פון אונטער דעם מאַטראַץ. איך האָב געגלויבט, אַז עס וועט זיך מיר איינגעבען, דער פאַרמער זאָל ניט הערען, ווי איך וועל אַרויסשלעפען פון אונטער זיין מאַטראַץ דאָס לעדערנע זעקעל מיט געלד.

עס איז געקומען די שרעקליכע נאַכט. איך בין אַוועק אין מיין צימער און האָב זיך געלייגט אין מיין בעטעל.

„איך וויל בעגעהן אַ פערברעכען,״ האָב איך זיך געקלערט, „אָבער איך וועל לעבען ווי די רייכע! איך וועל גלענצען אין לוקסוס, איך וועל לעבען און ליעבען, און אויך מיין אַלטינקע מוטער וועל איך העלפען און זי וועט זיך ניט דאַרפען מעהר פלאַגען און הונגערען. וואָס טויג דעם אַלטען פאַרמער דאָס געלד? וועט ער דען געניסען דאָס לעבען ווי איך? איז ניט גענוג פאַר איהם די פאַרם אַליין?״

איך האָב אַ בליק געטהאָן אויף מיין זייגער. ס׳איז שוין געד ווען נאָך דריי. איך האָב זיך צוגעהערט, אַלץ איז געוועזען שטיל, אַלעס האָט טיעף געשלאָפען. אַטהעמלאָז האָב איך זיך געשטעלט אויף מיין בעטעל. איך האָב זיך שטיל אַרויפגעדראַפעט אויף דאָס ווענטעל, וואָס האָט צוטיילט אונזערע צימערן און האָב זיך אַראָבד געלאָזען אין דעם פאַרמער׳ס חדר, שטעלענדיג זיך מיט די פיס אויף אַ ווייכע זאָפאַ, וועלכע איז געשטאַנען ביי דער וואַנד גראָד אַנטקעגען דעם פאַרמער׳ס געלעגער.

דער פאַרמער איז געשלאָפען. אויף אַ טיש, וועלכער איז

געשטאַנען לעבן זיין בעט, איז געלעגן אַ רעוואָלווער. איך בין געבליבן שטעהן אַ ווײַלע. איך האָב אַרונטערגענומען דעם רע־וואָלווער פֿון טיש און אוועקגעלייגט איהם אויף די זאָפֿאַ, דערנאָך האָב איך שטיל אויפֿגעהויבן דעם טיש און איבערגעטראָגן איהם צום פֿענסטער, אום איך זאָל האָבן די מעגליכקייט פֿריי צוצו־קומען צום בעט. איך האָב זיך אַטהעמלאָז געשטעלט אויף די קניע נעבן בעט און שטילערהייט אָנגעפֿאַנגען אונטערצורוקען מיין האַנד, אונטער דעם מאַטראַץ, איך האָב געפֿיהלט ווי מיין האַנד האָט שוין דערגרייכט דעם לעדערנעם זעקעל... עס איז געקומען דער קריטישער מאָמענט.

וועט זיך דער אַלטער אויפֿכאַפּען אָדער ניין?

איך האָב מיט מיינע פֿינגער שטאַרק צונויפֿגעדריקט דאָס לעדער. איך האָב געפֿיהלט דאָס גאָלד און האָב עס געשלעפּט צו זיך. ענדליך האָב איך דאָס גאָלד געהאַט אין מיינע הענד, אָבער אין דיזען מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דער פֿאַרמער האָט געעפֿענט זיינע אויגען... איך האָב אַ ציטער גע־טהאָן מיט מיין גאַנצען קערפּער. דאָס גאָלד איז אַרויסגעפֿאַלען פֿון מיינע הענד און מיט אַ קלאַנג זיך צושאָטען, ווי ברענענדע פֿונקען איבער'ן באָדען... דער אַלטער איז אויפֿגעשפּרונגען ווי אַ פֿערוואונדעטער לייב און האָט מיך מיט אַ ווילדען געשריי גע־כאַפּט פֿאַר'ן האַלז און אָנגעפֿאַנגען צו ווערגען. דער טויט האָט מיך שוין בעריהרט מיט זיינע אייז־קאַלטע פֿינגער. איך האָב דערזעהן דעם רעוואָלווער, וועלכער איז געלעגן לעבן מיר אויף דער זאָפֿאַ, איך האָב איהם אַ כאַפּ געטהאָן און אויסגעשאָסען אין דעם אַלטען. ער האָט אויף מיר געוואָרפֿען אַ שרעקליכען בליק און איז געפֿאַלען...

וואָס ווייטער איז געווען, געדיינק איך ניט. ווען איך בין גע־



קומען צו זיך, בין איך געלעגען אין אַ פֿינסטערן צעל, די הענד געשמידט אין קייטען.

דער סערזשאַנט האָט מיט טרויעריגען בעדויערן אויסגעהערט די געשיכטע פֿון דעם יונגען פֿערברעכער.

— יונגער מאַן, — האָט ער ענדליך געזאָגט, — איך האָב שוין פֿיעל, זעהר פֿיעל פֿערברעכער געזעהן אין מיין לעבען, און דאָך, איך ווייס ניט, וואָרום צו קיינעם האָב איך ניט געפֿיהלט אַזאַ סימפּאַטיע ווי צו דיר. נאָך איצט גלויבט זיך מיר ניט, אַז דאָס געזעץ קען טויטען אַזעלכע יונגע לייט ווי דו. דיין גאַנצער פֿערברעכען איז, וואָס דו האָסט געוואָלט לעבען; יאָ, ווער וויל דאָס ניט לעבען? איך בין שוין אַלט און גרוי, איך האָב שוין אייניקלעך און דאָך ווילט זיך נאָך לעבען. יאָ, לעבען, לעבען!



עס איז אַוועק נאָך אַ פּאָר וואָכען. דער גובערנאַטאָר האָט בעשטעטיגט דעם טויט־אורטהייל. עס זיינען געבליעבען 2 טעג צו דער שרעקליכער שטונדע, ווען דער היינקער האָט געדאַרפֿט מאַכען אַן ענדע צו דעם יונגען טרויעריגען לעבען פֿון דעם אַרעס־טאַנט.

דער צום טויט פֿעראורטהיילטער איז געזעסען רוהיג אין זיין צעל און האָט געלעזען אַ צייטונג, דער אַלטער סערזשאַנט, זיין איינציגער פֿריינד, איז צוגעגאַנגען צו זיינע אייזערנע גראַטעס.

— דאַניעל, אַ פֿרוי וויל דיך זעהען.

דער אַרעסטאַנט איז ווי דערשראָקען אויפֿגעשפּרונגען פֿון זיין בעטעל.

— אַ פֿרוי? ווער איז זי? וואָס וויל זי?

— זי זאָגט, זי איז דיין מוטער, — האָט דער סערזשאַנט געענטפֿערט.

— מיין מוטער! דאָס קען ניט זיין... איך האָב ניט קיין מוטער, איך ווייס ניט פֿון קיין מוטער!

די ברוסט פֿון דעם יונגען פֿערברעכער האָט געציטערט ווי פֿון אינערליכען קאַמפּף.

— רופֿט זי אַהער! — האָט ער ענדליך אויסגעשריען און האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף זיין בעטעל.

צו זיין צעל איז צוגעקומען אַ פֿרוי פֿון אַ יאָהר 55. זי איז געווען געקליידעט אין שוואַרצען, איהר געזיכט איז געווען זעהר בלאַס, אָבער אויך שעהן און עדעל.

— דאַניעל, מיין זוהן! מיין אונגליקליכער זוהן! — האָט זי אויסגעשריען מיט טרערען און האָט אויסגעשטרעקט איהרע הענד דורך די אייזערנע גראַטעס.

דער יונגער פֿערברעכער איז קאַלט און רוהיג געשטאַנען אַנטקעגען דער פֿרוי.

— איהר האָט אַ טעות, — ווערטהע מאַדאַם, איך בין ניט אייער זוהן, איהר זייט ניט מיין מוטער, מיין מוטער איז לאַנג טויט...

די פֿרוי האָט געגעבען אַ געשריי און איז געבליבען שטעהן, אַריינקוקענדיג מיט שרעק אין זיינע קאַלטע רוהיגע אויגען.

— דאַניעל! דאַניעל! דו ווילסט מיך אָבנאַרען. ניין, דו ביסט מיין קינד, מיין האַרץ! דאַניעל, דערקענסטו ניט דיין מוטער, וועלכע האָט דיך אַזוי ליעב געהאַט? אָה, ניין, קום צו מיר! לאָז מיך צודריקען דיך צום לעצטען מאָל צו מיין ברוסט! אָה, מיין קינד, מיין לעבען! וואָס שווייגסטו?... איז דאָס מעגליך? האָב איך ווירקליך געהאַט אַן אירטהום?!

— איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל, ווערטהע מאַדאַם, אַז איך קען אייך ניט.



— הייסטו ניט ב... דאַניעל?

— יאָ, איך הייס אַזוי, אָבער דאָס איז ניט מיין ריכטיגער נאָמען, דאָס איז דער נאָמען פון מיינעם אַ קאַמעראַד, וועלכער איז פיליייכט אייער זוהן, אָבער ער איז ניט קיין פערברעכער, אייער זוהן איז ניט קיין מערדער; ער איז ערגעץ אין דער וועסט און איהר וועט איהם נאָך זעהן. איך בעט אייך, ווערטהע פרוי, בערוהיגט זיך, איך בין ניט אייער זוהן; געהט רוהיג אַהיים און דאַנקט אייער שיקזאַל, וואָס אייער זוהן איז ניט קיין מערדער ווי איך.

די אָרימע פרוי האָט אויפמערקזאַם זיך איינגעהערט אין זיין יעדעס וואָרט.

„אָה, דאָס איז זיין שטימע, איך פיהל, אַז דאָס איז ער!" האָט זי זיך געטראַכט.

— דאַניעל! — האָט זי געזאָגט אין דער הויך — בענעה ניט דעם שרעקליכסטען פון אַלע פערברעכען, שטויס ניט אָב פון זיך דיין מוטער, ווען דו ביסט אַזוי עלענד און אַזוי אונגליקליך!

דאַניעל איז געשטאַנען אין זיין צעל זעהר בלאַס, אָבער קאַלט און רוהיג.

— ווערטהע מאַדאַם, איך בעדויער אייך, אָבער איך קען אייך ניט העלפען. ווען איך זאָל האָבען אַ מוטער, וואָלט איך זי איצט מיט פרייד עמפפאַנגען, אָבער איך שווער אייך ביי מיין מוטער־ליעבע, אַז איך, דער מערדער, דער פערברעכער, בין ניט אייער זוהן; אייער זוהן איז ניט פעהיג צו ווערען אַ פערברעכער. גלויבט מיר, איהר האָט אַ טעות!

די פרוי האָט איהם נאָך אַ מאָל אָנגעקוקט מיט איהר שאַרפען בליק.

„דאָך... פיליייכט איז ער גערעכט... איך האָב איהם שוין

10 יאָהר ניט געזעהן. עס איז אונמעגליך, מיין זוהן זאָל זיין אַזוי פרעמד צו מיר."

— איהר זאָגט, איהר האָט געקענט מיין דאַניעל, — האָט זי זיך ווידער געווענדעט צו איהם, — געדיינקט איהר פיליכט זיין אַדרעסע?

— ניין, איך געדיינק ניט, איך ווייס נור, דאָס ער האָט מיר געזאָגט, ער וועט אין גיכען שרייבען צו זיין מוטער.

— האָט ער עס ווירקליך איך געזאָגט? אָה, ענטשולדיגט מיר, דאָך איהר קוקט אַזוי עהנליך אויס, ווי מיין זוהן!

די פרוי האָט זיך נאָך אַ מאָל ענטשולדיגט און האָט פערלאָזען דעם קערקער.

דאַניעל האָט איהר נאָכגעקוקט אַ ווײַלע און איז ווי בעוואוסטלאָז געפאַלען אויף זיין בעטעל.

*

* *

— איך דיינק, דיזע פרוי איז פערריקט! — האָט שפּעטער אַ זאָג געטהאָן דער גוטער, אַלטער סערזשאַנט צו זיין ליעבלינג.

— ניין, ניין, פריינד! דיזע פרוי איז גאַנץ קלאָהר, זי איז ווירקליך מיין מוטער!

— דיין מוטער! — האָט אויסגעשריען דער סערזשאַנט — און דו האָסט געקענט...

— וואַרט, וואַרט, ניט אורטהייל מיך, מיין אַלטער פריינד! — האָט איהם איבערגעשלאָגען דאַניעל. — איך האָב זי ניט געזעהן שוין 10 יאָהר, דאָך האָב איך אימער געדיינקט פון איהר און אימער געהאָפּט זי צו רעטען פון איהר נויטה און עלענד, איך האָב אימער געדיינקט פון איהר עדעלער, ליעבענדער זעעלע; דאָך מיין לעבען איז רואינירט, איך בין איצט אַ פערברעכער, אַ שענדליכער מערדער, און אין דיזען מאָמענט קומט זי, מיין עדעלע



מוטער, צו מיר... איך האָב זיך ניט געקענט בעשליסען אויף דיזען שרעקליכען טויט־שטויס. איך האָב ניט געקענט מיט מיינע בלוטיגע הענד אַרומנעהמען דיזע אונשולדיגע, נאָבלע פרוי... איך האָב בעשלאָסען ניט דערקענען זיך צו איהר. עס איז שוין 10 יאָהר, האָב איך געקלערט, אַז מיר האָבען זיך ניט געזעהן. פון אַן אונשולדיגען קינד האָב איך זיך פערוואַנדעלט אין אַ מערדער. זי וועט מיך פיליייכט ניט דערקענען און איך וועל זי רעטען פון שאַנד, פון שרעקליכע ליידען צו זעהן איהר קינד אויף דער תליה.

אָה, גוטער אַלטער פריינד! ווען דו זאָלסט וויסען, ווי שווער, ווי אונערטרעגליך זיינען מיר געווען דיזע מאָמענטען, ווען זי האָט אויסגעשטרעקט צו מיר איהרע ווייסע ציטערענדע הענד; ווען זי האָט מיך גערופען אין איהרע אָרעמס, אין די אָרעמס פון אַ ליעבענדער מוטער! אַך, קיינער אין דער וועלט האָט מיך אַזוי ניט געליעבט, ווי מיין מוטער! פיעלע פרויען האָבען מיך געליעבט, אָבער דאָס איז געווען די ליעבע פאַר געלד, די ליעבע פאַר שעהנהייט, די ליעבע פאַר ערפאָלג אין דער געזעלשאַפט, אָבער מיין מוטער האָט מיך געליעבט אויך דאַן, ווען איך בין געווען אָרעם, שמוציג; ווען די געזעלשאַפט האָט מיך פערוואָרפען מיט שמוץ און שטיינער. אָה, ווי שרעקליך האָט מיין האַרץ געקלאַפט! וואָס פאַר אַן אונגעהייערען קאַמפף האָב איך געקעמפפט, זעהענדיג פאַר מיר די נאָבעלע געשטאַלט פון מיין מוטער, הערענדיג איהר שטימע און אָבקעהרענדיג זיך פון איהר ווי אַ פערמרער; זאָגען איהר: „איך קען דיך ניט!"... און ווען! אין דער צייט, ווען איך שטעה אויף דער שוועל פון גאַלגען, אַליין, אָהן אַ פריינד, פערדאַמט אַלס מערדער!

דאָך, ניין! בעסער זיין עלענד אַליין אין די לעצטע מינוטען, ניט האָבען קיין איינציגעס וועזען, וואָס זאָל מיט מיטלייד, מיט אַ

מענשליכער טרער בעגלייטען מיין יונגענד צום שרעקליכען טויט, בעסער אַן עלענדער טויט, איידער צורייסען דאָס ליעבענדע, עלענדע האַרץ פֿון אַן אונשולדיגער פֿרוי, פֿון אַן אונגליקליכער מוטער: אַלטער פֿריינד, פֿערגיב מיר מיין לעצטען פֿערברעכען!

דער אַלטער סערזשאַנט איז געשטאַנען ביי דער אייזערנער גראַטע און האָט געוויינט, ווי אַ קינד. ער איז מעהר ניט געווען דער קאַלטער פֿערשטיינערטער דיענער פֿון דער קערקער־רעגירונג און דיסציפּלין. אין זיין האַרצען האָבען איינגעוואַכט די עראינער־רונגען פֿון זיין אייגענער יוגענד, פֿון זיין אַלטינקער מוטער, וועלכע האָט איהם אַמאָל געקושט, געדריקט צו איהר האַרצען און איהם בענאָסען מיט טרערען.

— דאַניעל, איך וועל זיין דיין פֿריינד, — האָט געטורמעלט דורך טרערען דער וויים־גרויער סערזשאַנט. — דו האָסט מיר עראינערט, אַז איך בין נים נור אַ סאָלדאַט, ניט נור אַ קאַלטער טורמע־אויפֿזעהער, נאָר אויך אַ מענש; יאָ, דאַניעל, אַ מענש! דו האָסט מיך געמאַכט פֿיהלען, אַז אונטער מיין אַלטען בלויען ראָק שלאָגט אויך אַ מענשליך האַרץ, אַ וואַרעם האַרץ, אַ מענש־ליך האַרץ, וואָס האָט ביז איצט געשוויגען, פֿערפֿראָרען אין דער אייבינער דיסציפּלינע, אין דער קאַלטער, פֿינסטערער תפיסה...

דער אַלטער סערזשאַנט האָט צוגעדריקט זיין אַלטען צו־קניטשטען געזיכט צו די אייזערנע גראַטעס און האָט בעריהרט מיט זיינע ליפּען די ליפּען פֿון דעם יונגען פֿערברעכער; און צווישען די פֿינסטערע נאַסע ווענד פֿון דעם טויטען קערקער האָט זיך געהערט אַ ריהרענדער טרערען־קוש פֿון טריאומפֿירענדער מענשען־ליעבע

# די אונדאנקבארע נעגערין.

דזשיימס אַרמסטראָנג איז געווען אַ רייכער פלאַנטאַטאָר. ער האָט געהאַט איבער 500 שוואַרצע שקלאַפֿען און שקלאַפֿינען. ער פֿלעגט זיינע שקלאַפֿען בעהאַנדלען בעסער פֿון אַנדערע פלאַנ־טאַטאָרס און האָט געהאַט אַ גוטען נאָמען צווישען די פֿערשקלאַפּטע נעגערס.

ווען נאָך דער הייסער אַגיטאַציאָן פֿון דזשאָן בראָון האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען צו אָרגאַניזירען קלובען פֿון די „אַבאָלוציאָניסטען", פֿון מענשען, וועלכע האָבען זיך געשטעלט דעם צוועק צו בע־פֿרייען די שוואַרצע שקלאַפֿען, איז דזשיימס אַרמסטראָנג געוואָרען אַ מיטגליעד פֿון דיזע קלובען און האָט אַלע זיינע שקלאַפֿען פֿריי געלאָזען. נור איין שקלאַף האָט ער געלאָזען ביי זיך. דאָס איז געווען אַ יונגע נעגערין, מעגי, וועלכע האָט נאָך דעם טויט פֿון זיין פֿרוי ערצויגען זיין קינד „טשאַרלי". דאָס קינד איז געווען זעהר צוגעבונדען צו זיין שוואַרצער ערציהערין און האָט ניט געוואָלט וויסען פֿון קיין אַנדערע. מעגי איז געווען אין הויז, ווי אַן אייגענע. זי איז געגאַנגען אָנשטענדיג געקליידעט און אַלע האָבען זי זעהר ליעב געהאַט. עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער קריעג צווישען נאָרד און זידען פֿאַר די בעפֿרייאונג פֿון די שוואַרצע און אין גיכען זיינען אַלע שוואַרצע געווען פֿריי. נאָר איין מעגי איז געבליבען, ווי אימער, ביי איהר מייסטער. זי פֿלעגט זעהן טאָג טעגליך, ווי איהרע פֿריינדע און בעקאַנטע מיט מונטערע געזיכטער און פֿרעה־ליכע ליעדער ציהען אין דאָס פֿרייע, נור זי אַליין בלייבט צוריק,

צווישען די שטיינערנע ווענד פון איהר מייסטער'ס שלאָס, וואו נאָך ניט לאַנג האָבען געקלונגען די קייטען פון די געקויפטע שקלאַפען... אַ שווערע אומעטיגקייט האָט זיך אַריינגעגנב'עט אין איהר ברוסט. זי איז געוואָרען מעלאַנכאָליש. מען האָט שוין מעהר ניט געהערט פון איהר די פרעהליכע ליעדער, וועלכע זי פלעגט אַמאָל זינגען. איינמאָל, ווען דושיימס אַרמסטראָנג איז געזעסען אין קאַבינעט און האָט געלעזען אַ צייטונג, האָט אין טהיר אָנגעקלאַפט מעגי; ער האָט איהר געהייסען אַריינקומען. זי איז געווען זעהר טרויעריג. איהרע אויגען זיינען געווען רויט פון טרערען.

— וואָס איז מיט דיר, מעגי? — האָט אונרוהיג געפרעגט אַרמסטראָנג.

— מייסטער, טייערער מייסטער! אַלע זיינען איצט פריי, לאָז מיך אויך פריי! — האָט זי אויסגעשריען מיט אַ ציטערנדער שטימע און איז געפאַלען דעם מייסטער צו די פיס.

אַרמסטראָנג איז געבליבען זיצען פערוואונדערט און האָט אַ ווײַלע געשוויגען.

— איז עטוואָס געשעהן, מעגי? — האָט ער זי שטיל געפרעגט. — ביסטו דען ניט פריי אין מיין הויז? האַלט איך דיך ניט ווי אַן אייגענע? ווי קומסטו, מעגי, צו אַזאַ אונדאַנקבאַרען געדאַנק? ווייסטו דען ניט, אַז מיין קינד טשאַרלי קען אָהן דיר ניט לעבען; אַז דיין אַוועקגעהן קען איהם קאָסטען געזונד און פילייכט אויך אין גאַנצען זיין לעבען?

— איך ווייס, איך ווייס, מייסטער! דו ביסט זעהר גוט צו מיר, — האָט געענטפערט מעגי, בעגיסענדיג זיך מיט טרערן.— דיין קינד איז מיר טייער ווי מיין לעבען. אָבער, מייסטער, איך קען זיך ניט העלפען, מיין האַרץ רוהט ניט אין מיר. איך זעה, ווי אַלעם אַרום מיר בעוועגט זיך פריי. אַלע פאַרבינע זיינען איצט

פֿריי, זיי געהען און פֿאָהרען וואוהין זייער האַרץ גלוסט, און עס ציהט מיך אויך אַהין — וויט... וויט... צו פֿיהלען זיך פֿריי, צו געניסען אַלעס, ווי די וויסע, מיט אַל'ע מענשען צוגלייך. מייסטער, פֿון קינדווייז אויף האָב איך געלעבט דאָ, צווישען פֿער־קויפֿטע שקלאַפֿען. איך האָב ניט געזעהן די וועלט, מיין פֿאָטער און מוטער זיינען געשטאָרבען אין שקלאַפֿעריי, לאָז מיך געהן, הרג'ע ניט אַוועק מיינע יונגע יאָהרען... איך קען ווייטער ניט איבערטראָגען מיין עלענד. מייסטער, לאָז מיך ציהען אין דאָס פֿרייע!

הייסע טרערען האָבען זיך געקייקעלט איבער איהרע שוואַרצע באַקען; זי האָט געבראָכען איהרע הענד און געקוקט מיט אַ ליידענשאַפֿטליכען געבעט אויף איהר אַלטען מייסטער.

— אונדאַנקבאַרע נעגערין! — האָט אַרמסטראָנג אויסגע־שריען מיט גרויס צאָרן — איך האָב דיך געהאַלטען אין מיין הויז, ווי אַן אייגען קינד. דאָך איצט, ווי אַ שלאַנג, ווילסטו פֿער־גיפֿטען מיין פֿאַמיליען־לעבען. געה! איך האַלט דיך ניט; איך בין אַ פֿרייער רעפּובליקאַנער, איך וויל, אַז יעדער זאָל זיין פֿריי. אָבער געדיינק, מעני, דו טאָרסט מעהר ניט צוריקקומען אין מיין הויז, דיין פֿוס זאָל מעהר ניט איבערטרעטען מיין שוועל. געה, דו אונדאַנקבאַרע נעגערין!

מעני האָט פֿערדעקט דאָס געזיכט מיט איהרע ציטערנדע הענד און האָט ביטער געוויינט.

— מייסטער, פֿערגיעב מיר, מיין האַרץ ווערט אין מיר צו־בראָכען אויף שטיקער; מייסטער, פֿערדאַם ניט דיין טרייע שקלאַפֿין.

— אַרויס! — האָט אַרמסטראָנג געשריען, — איך וויל דיך מעהר ניט זעהן. געה צו דיינע שוואַרצע, דו וועסט וויסען, ווי אַזוי מען דאַרף אַכטען דאָס גוטע פֿון אַ מייסטער, ווי איך.

און ער איז מיט צאָרן אַרויסגעלאָפֿען פֿון זיין קאַבינעט.

מעני איז געבליבען שטעהן, ווי דערשלאָגען פֿון אַ דונער. זי האָט מיט איהרע פֿערוויינטע אויגען צום לעצטען מאָל בעטראַכט דעם אַלטען שקלאַפֿען־שלאָס, וואו זי האָט פֿערבראַכט איהר קינדהייט און יוגענד. זי האָט געוואָרפֿען איהר בליק דורך די גרויסע פֿענסטער און האָט זיך לאַנג איינגעקוקט אויף די ברייטע פֿעלדער, וואָס האָבען זיך צושפּרייט אַרום און אַרום, בעדעקט מיט אַ רייכען בלומען־קאַרפּעט. פֿון ווייטען האָט מען געזעהן, ווי עס ציהען זיך אַלטע, געדיכטע וועלדער, בעקרוינט מיט דעם גאָלדענעם הימעל־געוועלב פֿון דער פֿערגאַנגענער זונן.

— אויף דער פֿריי, אויף דער פֿריי! — האָט זי געמורמעלט און איהר געזיכט האָט זיך בעלויכטען מיט אַ גאָלדענעם שמייכעל. און זי האָט אָנגעפֿאַנגען צו זינגען אַן אַלטעס שקלאַפֿען־ליעד, וואָס איהר אַלטע מוטער פֿלעגט זינגען אַמאָל, צוגעפֿקלייבענדיג דעם באַוועל אויף׳ן פֿעלד.

אין עטליכע מינוטען אַרום האָט זיך אַרמסטראָנג אומגע־קעהרט אין זיין קאַבינעט און איז פֿערוואונדערט געבליבען שטעהן ביי דער טהיר, הערענדיג איהר ניגער־ליעד. אַלטע עראינערונגען האָבען זיך דערוועקט אין זיין ברוסט, אָבער ער איז באַלד גע־קומען צו זיך און האָט געהייסען מעני׳ן פֿערלאָזען זיין הויז.

אַ פּאָר מאָנאַט זיינען אַריבער זייט מעני האָט פֿערלאָזען איהר מייסטער׳ס הויז. דאָס קינד טשאַרלי האָט שטאַרק געבייַנקט נאָך זיין שוואַרצער ערציהערין. מען האָט געבראַכט אַנדערע נע־גערינס, עס האָט אָבער ניט געהאָלפֿען. דאָס קינד איז געוואָרען מעלאַנכאָליש, שוואַכער פֿון טאָג צו טאָג. ער פֿלעגט ניט עסען, ניט שלאָפֿען, און אַלץ בעטען, מען זאָל איהם ברייגנען זיין ליעבע מעני.

דאָקטוירים האָבען גערא͏ַטהען דעם פֿאָטער, ער זאָל זעהן צוריקברייגנען מעגי'ן, ווען ער וויל זיין קינד זאָל לעבען. אַרמסטראָנג האָט פֿריהער ניט געוואָלט דערפֿון הערען, אָבער ענדליך, ווען ער האָט געזעהן, אַז זיין קינד איז אין געפֿאַהר, האָט ער געשיקט עטליכע שוואַרצע, זיי זאָלען אויסגעפֿינען מעגי'ן און איהר ברייגנען צוריק. אַ פּאָר וואָכען האָט מען אַרומגעזוכט מעגי'ן אין שטעדט און דערפֿער, אָבער מען האָט זי ניט געקענט אויסגעפֿינען. דאָס קינד איז געפֿעהרליך קראַנק געוואָרען און איז ענדליך געשטאָרבען, בייגקענדיג נאָך זיין טהייערע מעגי.

עס איז געווען אַרום 10 אוהר ביי נאַכט. דזשיימס אַרמסטראָנג איז געזעסען אַליין לעבען ארון פֿון זיין געליעבטען קינד. ער האָט עטליכע מאָל זיך גוט צוגעקוקט צום טויטען געזיכט פֿון זיין טשאַרלי, אַזוי ווי ער וואָלט נאָך ערוואַרטעט, אַז ער וועט זיך אויפֿכאַפּען און ווידער לעבען.

פלוצלינג האָט ער דערהערט, ווי איםיצער לויפֿט שנעל איבער'ן קאָרידאָר. די טהיר האָט זיך געעפֿענט און אַ רונקעלע געשטאַלט איז אריינגעלאָפֿען אין צימער.

— מעגי! — האָט אויסגערופֿען אַרמסטראָנג, און זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פֿון ברענענדען צאָרן.

— מייסטער, וואו איז ער? וואו איז מיין קינד? — האָט מעגי דורך טרערען געשריען, און האָט ווי אַ וואַהנזיניגע זיך געריסען פֿאַר איהרע שוואַרצע צואוואָרפֿענע לאָקען...

— שלאַנג, אונדאַנקבאַרע נעגערין! — האָט געדונערט דער פערצווייפֿעלטער פֿאָטער, — דו האָסט איהם אַוועקגערויבט פֿון מיר, מיין טשאַרלי איז אין ארון, ער איז טויט!

מיט ברייט געעפֿענטע אויגען איז מעגי געבליבען שטעהן אין מיטען צימער, אַזוי ווי זי וואָלט ניט געקענט בעגרייפֿען, וואָס עס

איז געשעהן. ענדליך איז זי צוגעגאַנגען צום קליינעם ארון און איז געפאַלען פאַר איהם אויף די קניע. עס איז פערביינעגאַנגען אַ רגע פון טויטער שטילקייט. פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ ליעד אַ האַרץ־רייסענדעם ליעד. מעני האָט געזונגען אויף דעם ארון פון איהר ליעבלינג, ווילדער טרויער, פערשטיקטע שמערצען פון טויט־ זענד־יעהריגער שקלאַפעריי האָבען זיך געהערט אין דיזען נעגער־ ליעד. אַרמסטראָנג איז ווי בעצויבערט געבליבען שטעהן לעבען דער נעגערין. דאָס האַרצרייסענדע ליעד איז געוואָרען אַלץ שטילער און שטילער, אַזוי ווי עס וואָלט שטאַרבען צוזאַמען מיט דער זינ־ נגערין. ענדליך איז געוואָרען אַלעס שטיל.

ווען אַרמסטראָנג איז צוגעגאַנגען צו מעני'ן, איז די אונדאַנק־ באַרע נעגערין געווען טויט.

# ווערא.

(אַ ערצעהלונג אויס דעם לעבען.)

דאָס איז געווען אין רוסלאַנד. איך בין דאַמאָלס אַלט געווען אַ יאָהר 15 און האָב געוואוינט מיט מיינע עלטערן אין דער שטאָדט ק. שוין דאַן האָב איך צווישען מיינע פריינד און בעקאַנטע געטראָגען דעם נאָמען „פּאָעט" און האָב געשריבען רוסישע גע־דיכטע. מיין ליידענשאַפט פאַר פּאָעזיע, איבערהויפּט פאַר די רוסישע דיכטער ניקיטין און נעקראַסאָוו, האָט זיך פריה דערוועקט אין מיין האַרצען. איך האָב פערבראַכט פיעלע טעג און נעכט איבער זייערע מייסטערהאַפטע שילדערונגען פון די ליידען און זאָרגען פון'ם אָרעמען רוסישען פאָלק. איך האָב געפיהלט, אַז דיזע ברענענדע ליידען האָבען אויך זייער נעסט אין מיין אייגענער ברוסט, אין מיין אייגענעם לעבען. ווי דער שטייגער איז, פלעגען פיעלע פון מיינע פריינד און בעקאַנטע מיך בעטען, איך זאָל זיי אָנשרייבען עטוואָס אין זייערע אַלבאָמען, אַנדערע צו זייער געבורטסטאָג א. ז. וו.

צווישען מיינע בעקאַנטע האָט זיך אויך געפונען אַ רייכע, אָנשטענדיגע פאַמיליע פּאָרטוגאַלאָוו. זיי האָבען געהאַט עטליכע יונגע זיהן און טעכטער, וועלכע זיינען געגאַנגען אין גימנאַזיע און פלעגען זעהר ליעבען פּאָעזיע. זיי האָבען ליעב געהאַט יעדעס געדיכט, וואָס איז אַרויס פון מיין פעדער, און האָבען

ערוואַרטעט, אַז פֿון מיר וועט אין דער צוקונפֿט ווערן אַ בעריהמטער דיכטער. דיזע גוטע מיינונגען וועגען מיין קינדערשען טאַלאַנט פֿלעגען אָנפֿילען מיין יונגע ברוסט מיט רייכע, אָפֿטמאָל ווילדע האָפֿנונגען. איך פֿלעג טרוימען, אַז איך וועל נאָך אַמאָל זיין אַ ב י י ר אָ ן, אָדער גאָר אַ ש ע ק ס פ י ע ר. עס איז אמת, איך האָב נאָך דאַמאָלס נים גוט פֿערשטאַנען נים בייראָן, און נים שעקספיער, אָבער געוואוסט האָב איך שוין, אַז מען רעכענט זיי פֿאַר די גרעסטע דיכטער פֿון דער וועלט.

דיזע גוטע פֿאַמיליע פאָרטוגאַלאָוו פֿלעגט יעדען זומער אַרויס־פֿאָהרען פֿון שטאָדט אויף אַ דאַטשע, אין אַ שעהנער זומער־וואיינונג, וועלכע איז געשטאַנען צווישען פֿיינע גערטנער און בלומען, וואו אַלע זומער־פֿערגניגען זיינען געווען גרייט פֿאַר די דאָרטיגע גליקליכע איינוואוינער. און אַזוי ווי אַ שעהנע זומער־וואוינונג און אַ יונגער דיכטער האַרמאָנירען זעהר איינס מיט׳ן אַנדערען, האָ־בען זיי אויך מיך איינגעלאַדען, איך זאָל פֿערברייגען מיט זיי דעם זומער אויף דעם פֿרייען בוזים פֿון דער נאַטור. איך האָב שוין לאַנג געטרוימט פֿון אַזאַ פֿערגניגען און האָב מיט פֿרייד אָנגענומען דיזע איינלאַדונג. איך האָב געלעזען, אַז אַלע בעריהמטע דיכטער פֿלעגען ווערען איינגעלאַדען פֿון רייכע מאַגנאַטען אויף זייערע דאַטשעס, און דיזער געדאַנק האָט מיך אויפֿגעהויבען, ווי מען זאָגט, אין זיבעטען הימעל.

דער פראַכטפֿאָלער זומער־פלאַץ האָט מיך בעצויבערט, ווי אַ פאַראַדיז. דעם ערשטען מאָל אין מיין לעבען האָב איך געהאַט די געלעגענהייט, איבערצולעבען דעם שאַרפֿען קאָנטראַסט צווישען אָרעמע און רייכע, צווישען מיינע אָרעמע עלטערן׳ס פֿערשטיקטע הייזעל און דיזען גלענצענדען פּאַלאַץ, אַרומגערינגעלט מיט וועל־דער און בלומען.

מיין מוזע האָט בעקומען פֿרישע קרעפֿטען; מיט פֿרישער בעגייסטערונג האָט זי גענומען שילדערען די צוויי פֿערשידענע וועלטען, פֿון גלענצענדען רייכטהום און שרייענדען דלות. אָבער נאָך זונענשיין קומט אָפֿטמאָל אַ כמאַרע. איין שעהנעם פֿריה־מאָרגען האָט מיך בעגעגענט פאָרטוגאַלאוו'ס יונגע טאָכטער, די גוטמוטהיגע סאָניע. איהר עדעלעס געזיכט האָט געשיינט פֿון פֿרייד און פֿער־גניגען; זי האָט מיר געבראַכט אַ נייעס, וועלכע זי האָט געדיינקט, וועט אַריינברענגען אַ נייעס שטראַהל פֿון גליק אין מיין דיכטער־לעבען. נעמליך — איהר יונגער קוזין, וועלכער וואוינט אין פעטערבורג, אין דער גרויסער מאָדנער וועלט, און איז פערזענליך בעקענט מיט די גרעסטע רוסישע שריפֿטשטעלער און דיכטער, וועט מאָרגען קומען אַהער צו פֿערברייגגען מיט זיי דעם זומער! ער איז אויך אַ בעריהמטער קענער פֿון אַלע ליטעי־ראַטורען פֿון דער וועלט, און ווען ער וועט נאָר אַנערקענען מיין טאַלאַנט, דאַן איז זיכער, אַז איך וועל אין גיכען פֿערנעהמען דעם פלאַץ צווישען די בעסטע רוסישע דיכטער.

דיזע נייעס האָט מיך זעהר אויפֿגערעגט. מיין האַרץ האָט אָנגעפֿאַנגען שטאַרקער צו קלאַפּען, איך בין געוואָרען דאָ רויט, דאָ בלאַס אין מיין געזיכט. אַ קליינינקייט! מאָרגען קומט די פערזאָן, פֿון וועלכער עס איז אָבהייננגיג, אויב איך זאָל ווערן אַ בעריהמטער רוסישער פאָעט אָדער ניט! סאָניע האָט מיך אַביסעל בערוהיגט, מיט דעם וואָס זי האָט געזאָגט, אַז קיינער צווייפֿעלט גאָרניט, אַז איך וועל געפֿעלען איהר קוזין אַלס אַ טאַלאַנטפֿאָלער דיכטער. און אום מיך נאָך מעהר צו דערמונטערען, האָט זי אַראָבגענומען פֿון איהר ברוסט אַ גרויסע פֿרישע רויז און האָט זי צוגעשפּילעט צום לאַץ פֿון מיין ראָק.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געקענט איינשלאָפֿען, אַלץ

טראַכטענדיג, וואָס וועט דער בעריהמטער פעטערבורגער קוזין זאָגען אויף מיין פּאָעזיע? איך האָב זיך געבראָכען דעם קאָפּ, וואָס פֿאַר אַ געדיכט איך זאָל איהם פֿאָרלעזען, אום צו מאַכען אויף איהם אַ גוטען איינדרוק. איך בין אויפֿגעשטאַנען פֿון מיין בעט, האב אָנגעצונדען דעם לאָמפּ און האָב זיך געזעצט איבער אַ העפֿט, דורכקוקען אַלעס וואָס איך האָב פֿאַר דער לעצטער צייט אָנגעשריבען. ענדליך בין איך געקומען צו אַ געדיכט, וואָס אַלע האָבען זעהר געלויבט. אַ געדיכט, מיט וועלכען איך האָב אָפֿטמאָל אַרויסגערופֿען טרערען פֿון די שעהנע אויגען פֿון דער גוטמוטהיגער סאָניע. דאָס געדיכט, ווי אַלע מיינע געדיכטע, האָט געשילדערט דאָס לעבען און ליידען פֿון די אָרעמע. איך האָב בעזווינגט דאָס שיקזאַל פֿון אַ יונגער אַרבייטערין, פֿון אַ האַנד-שוה-מאַכערין. איך האָב דאָרט בעשריבען, ווי זי פֿלעגט פֿער-ברייגען צוויי, דריי נעכט, ביז די מאָדנע האַנד-שוה פֿאַר דער רייכער דאַמע אָדער זאַטען פֿראַנט זיינען פֿאַרטיג געוואָרען. איהר לוין איז געווען אַזוי קלענליך, איהרע אויגען געשוואָלען און רויט פֿון דער אַרבייט, און דאָך, די, וואָס האָבען געטראָגען דיזע האַנד-שוה און אָפֿטמאָל אומגעביטען צוויי פּאָר אויף איין באַל, האָבען זיך קיינמאָל ניט פֿערטראַכט איבער דער שרעקליכער לאַגע פֿון דער, וועלכע האָט גענייט און בעשפריצט מיט איהר בלוט און שווייס דיזע מאָדנע האַנד-שוה, פֿון דער עלענדער, וועלכע האָט פֿאַר איהר אַרבייט ניט געקראָגען גענוג, אום צו בעהאַלטען אַ גראָשען פֿאַר אַ שוואַרצען טאָג, ווען סלעק אָדער קראַנקהייט קלאַפּט אָן אין איהר טהיר. אָט דאָס געדיכט האָב איך ענדליך אויסגע-קליבען פֿאָרצולעזען פֿאַר מיין גרויסען ריכטער, אין ועמעס האַנד עס איז איצט געלעגען מיין ריכטער-שיקזאַל.

גאַנץ פֿריה בין איך אויף מאָרגען אויפֿגעשטאַנען, אַריינגע-

לייגט מיין גערדיכט אין קעשענע און בין אַוועק אין גאָרטען. עטליכע מאָל האָב איך דאָרט דורכגעלעזען פאַר זיך דאָס ליעד פון דער אָרעמער האַנד־שוה־מאַכערין, איך האָב געמיהט זיך אָנצושטריינגען מיין בעסטען קריטישען זינן, אום צו טרעפען, וויאַס עס וועט זיין די מיינונג פון דעם פעטערבורגער קריטיקער. ענדליך איז די שטונדע געקומען. מען האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז דער פעטערבורגער גאַסט איז שוין דאָ און איך מוז אַריינקומען איהם צו בעגריסען. מיט אַ שטאַרק קלאַפּענדען האַרצען בין איך אַריינגעקומען אין זאַאַל.

די גאַנצע פאַמיליע פאָרטוגאַלאָוו און איינינע פרעמדע געסט זיינען געווען פערזאַמעלט אין זאַאַל. צווישען זיי איז אויך געזעסען מיין בעריהמטער קריטיקער. ביים ערשטען בליק, וואָס איך האָב געוואָרפען אויף דיזען מענשען, האָב איך דערפיהלט, אַז איך וועל קיינמאָל איהם נים קענען ליעבען. איך האָב געפיהלט, אַז איידער ער האָט נאָך געהערט מיין גערדיכט האָט ער מיך שוין מיט פעראַכטונג פעראורטהיילט אַלס אַ גאָרנישט, אַן אָרעמאַן, אַ גראַמענשרייבער. זיין פּעס, אָבגעגעסען געזיכט, זיינע שמאָלינקע אויגעלאַך, זיינע רייכע העכסט־מאָדנע קליידער, אַלעס האָט קלאָהר גערעדט, אַז דאָס איז אַ רייכער פראַנט, אַ לייב פון דער פער־פוצטער אויסגעלאַסענער וועלט. ער האָט מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל געקוקט אויף מיר, ווען סאָניע האָט מיך פאָרגעשטעלט אַלס זייער פריינד און דיכטער, און האָט מיר דערלאַנגט צוויי פינגער פון זיין מאַרמאָר־ווייסען אויסגעהאָדעוועטען הענטעל. ווען איך האָב אָנגעפאַנגען צו לעזען פאַר איהם מיין גערדיכט האָט מיין שטימע שטאַרק געציטערט און איך האָב געפיהלט, ווי טרערען קייקלען זיך פון מיינע אויגען. אַפּלאָדיסמענטען האָבען מיך בע־גריסט פון אַלע זייטען. נאָר מיין קריטיקער איז געזעסען אונבע־



ווענליך. אַ בייזע, ווילדע פֿעראַכטונג האָט געשפּיעלט אויף זיין פּעטען געזיכט. די גוטע סאָניע איז די ערשטע צוגעגאַנגען צו איהם.

— ניט אמת, עס איז פּראַכטפֿאָל? — האָט זי איהם געפֿרעגט מיט אויגען פֿול מיט טרערען. ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען.

— אונזינן! — האָט ער ענדליך אויסגעשריען. — דאָס איז ניט קיין פּאָעזיע! דאָס איז בלויז געגראַמט! געפּאַטשקעט! דאָס איז ניט קיין פּאָעזיע!

ער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון זיין פּלאַץ און האָט אָנגעפֿאַנגען אומשפּאַצירען איבער דעם גרויסען זאַאַל, פֿון צייט צו צייט זיך אָבשטעלענדיג גראָדע געגען מיר און קוקענדיג מיר שטרייננ אין געזיכט.

— פּאָעזיע! — האָט ער ווידער אָנגעפֿאַנגען, און שפּאָט און פֿעראַכטונג האָט זיך געהערט אין זיין טאָן. — איהר בעשרייבט מיר עפּעס דאָרט אַן אַרבייטער-מיידעל, וואָס נעהט האַנד-שוה... כאַ! כאַ! כאַ! אַ שעהנער סיוזשעט פֿאַר פּאָעזיע! ווארום ניט בעזינגען ווי אַ שוסטער מאַכט אַ דראַטווע, אָדער ווי אַ שניידער שטעפּט אַ ראָק? ניין, יונגער מאַן, דאָס איז ניט קיין פּאָעזיע! די קונסט, די ריינע קונסט האָט ניט צו טהאָן מיט שוסטער און שניידער! זי בעשעפֿטיגט זיך מיט דער נאַטור, מיט איהרע בעצויבערנדע שעהנהייטען, מיט איהרע בלומען און שטראַהלען!

פּאָעזיע! כאַ! כאַ! כאַ! אין אייער גאַנצען שטיק, מיין פֿריינד, אין אייער גאַנצער פּאָעזיע ווענען אייער האַנד-שוה-מאַכערין איז ניטאָ קיין ברעקעל עסטעטישער גלאַנץ. טרערען און ווידער טרערען, און ווי זי שוויצט, און ווי זי זיפֿצט, און וויפֿיעל גראָשענס זי בעקומט... פֿע! דאָס איז איינפֿאַך פֿערגוואַלדיגען די קונסט!

האָט איהר אַ בעגריף פֿון האָמער? האָט איהר געלעזען

**מילטאָן?** ווייט איהר בעקאַנט מיט אַנדערע אונזערע אַפּאָסטאָלען פֿון ריינער קונסט! ניין, יונגער מאַן, עס גליהט אין אייך פֿילייכט אַ פּאָעטישער פֿונק. אָבער פֿריהער פֿון אַלעס דאַרפֿט איהר פֿערברענען דאָס, וואָס איהר האָט ביז איצט געשריבען; איהר דאַרפֿט אַרויסוואַרפֿען פֿון קאָפּ אַלע אייערע שוסטערס און שניידערס, וואָס איהר האָט ביז איצט בעזונגען, און דאַן, ווען איהר וועט ווערן פֿאַרטיג מיט אייערע אַלע דומהייטען פֿון דער פֿערגאַנגענהייט, זעצט זיך אַוועק און שטודירט די גריכישע דיכטער־קונסט, די ריינע וואַהרע געטין פֿון אַלע קונסטען פֿון דער וועלט. איהר וועט דאַן פֿערגעסען אייערע האַנד־שוה־מאַכערינס, אייערע פֿאַבריק־מיידלעך, אייערע שקלאַפֿען און בעטלער, אייערע קייטען און טרערען. איהר וועט אונז זינגען פֿון בלומען, פֿון וויין און פֿון ליעבע, און איהר וועט זיין אַן אמת'ער דיכטער!

מיט אַ זעלבסטצופֿרידענעם שמייכעל האָט דער פּעטערבורגער קוזין געענדיגט זיין לאַנגע רעדע, פֿון וועלכע, ווי עס האָט אויסגעזעהן, ער איז געוועזן העכסט צופֿרידען.

איך האָב נעכאַפּט מיין הוט און מיט טרערען אין די אויגען בין איך אַרויסגעלאָפֿען פֿון זאַאַל. אַלע מיינע גאָלדענע האָפֿנונגען האָבען מיט איין מאָל בעקומען אַ טויטליכע וואונד. ערשט נעכטען בין איך געוועזן אַ דיכטער, אַ טאַלאַנטפֿאָלער פּאָעט, און... איצט דאַרף איך פֿערברענען אַלעס, וואָס איך האָב ביז איצט געשריבען מיט מיינע הייליגסטע טרערען! אַרויסוואַרפֿען פֿון מיין קאָפּ מיינע שוסטערס און שניידערס... אַך, מיט וואָס פֿאַר אַ פֿעראַכטונג ער האָט גערעדט פֿון מיין פּאָעזיע! פֿון דערזעלבער פּאָעזיע, וואָס האָט אַזוי בעצויבערט מיין סאָניע און אַלע מיינע בעקאַנטע! אָבער וואָס זאָל מען טהאָן? ער איז פֿאָרט אַ פּעטערבורגער, אַ קריטיקער, בעקאַנט מיט די בעסטע שריפֿטשטעלער — פֿילייכט האָט ער רעכט... פֿילייכט?..

איך בין אַוועק אין אַ געדיכטען פּלאַץ אין גאָרטען, האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אונטער אַ געדיכטען בוים און האָב זיך פערטראַכט איבער מיין טרויעריגער לאַגע.

ווי אַזוי וועל איך איצט קוקען מיינע בעקאַנטע אין געזיכט? וואָס וועט איצט זאָגען סאָניע און די איבעריגע פּאָרטוגאַלאָווס? אַ דיכטער פון שוסטער און שניידער! אַך, זיי וועלען מיך איצט אַלע פעראַכטען! און וועלכער טייוועל האָט געבראַכט דיזען פעטערבורגער פראַנט אַהער? ער האָט געמאַכט אַן ענדע פון מיין גליק, פון מיינע האָפנונגען... גיפטיגע ערגערניש האָט געברענט אין מיין זעעלע. פינסטערע פערצווייפלונג האָט זיך אַרויפגעלייגט אויף מיין האַרץ, ווי אַ שווערע לאַפּע פון אַ ווילדער חיה.

פּלוצלינג האָב איך דערהערט לייכטע טריט. ניט ווילענדיג האָב איך אויפגעהויבען מיין קאָפּ. איך בין געבליבען זיצען ווי בעצויבערט.

פאַר מיר איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי מיט אַ וואונדערבאַרער וועלטענער געשטאַלט. ניט איהר שעהנהייט — די ענערגיע, די טיעפע אינטעלינגענץ, וואָס האָט געשיינט פון איהרע שוואַרצע מילדע אויגען, האָט ווי אַן עלעקטרישע קראַפט יעדען איינעם געצווינגען צו זיך מיט זייער מענשליכקייט און זאַנפטער וואַרעמער סימפּאַטהיע.

— ענטשולדיגט, איך שטער פיליכט אייער דיינקען, — האָט זי זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ שטילער פריינדליכער שטימע. — דאָך, איך דיינק, איך קען אייך איצט זיין ניצליך. מיין נאָמען איז ווערא. איך וואוין גראַדע אַנטקעגען פּאָרטוגאַלאָוו'ס הויז און בין דאָרט היינט געוועזן, ווען איהר האָט פאַרגעלעזען אייער געדיכט פאַר דעם פּעטערבורגער קוזין. איך האָב אויך געהערט זיין מיינונג וועגען אייער טאַלאַנט אלס דיכטער. איך

האָב אויך בעמערקט דעם איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט אויף איך, און דאַרום דיינק איך איצט פאַר ניצליך צו האָבען מיט איך אַ קליינעם געשפּרעך. — זי האָט אַראָבגעריסען אַ קליינעם צווייג פון בוים און האָט זיך געזעצט לעבען מיר.

— איהר זייט נאָך זעהר יונג, מיין ליעבער פריינד, — האָט זי אָנגעפאַנגען, קוקענדיג אויף מיר אָפען און ערנסט. — די וועלט, וועלכע איהר זעהט איצט פאַר זיך מיט אייערע יונגע, נאַאיווע, אונערפאַהרענע אויגען, איז אייגענטליך נאָר דער מאַסקעראַד פון דער וועלט. די, וועלכע איהר רופט מענשען, זיינען ניט מעהר ווי ברואים, בעשאַפענע אין דער פאָרם, וועלכע אַ מענש דאַרף האָבען. אָבער אַחוץ דער מענשליכער פאָרם פערמאָגען זיי גאָרניט, וואָס זאָל זיי געבען דאָס רעכט זיך צו רופען מענש. עס זיינען פאַרהאַן ווילדע חיות, וואָס פערדינען מעהר דעם מענשליכען טיטעל, ווי דיזע אַזוי־גערופענע מענשען, וואָס איהר זעהט איצט פאַר זיך. איך רייד איצט ניט פון דער וועלט אין אַלגעמיין. איך רייד, מיין פריינד, פון דער רייכער מאָדנער וועלט, צו וועלכער עס געהערט אייער קריטיקער, דער פעטערבורגער קוזין. נאָר אַזאַ יונגער, נאַאיווער דיכטער ווי איהר האָט געקענט זיך אַוועקשטעלען לעזען אַזאַ געדיכט פאַר אַן אָבגעפּרעסענעם בורזשואַ! — קינד! האָט איהר דען ניט פערשטאַנען, אַז יעדעס וואָרט פון אייער טרייען ליעד האָט געשליידערט קאָכעדיגע בליי אין געזיכט פון דיזען פאַראַזיט, וועלכער האָט פון זיין קינדהייט אָן געלעבט אויף דער רעכנונג, אויף דעם שווייס און בלוט פון טויזענדע אויסגעמאַטערטע שקלאַפען? האָט איהר דען ניט בעמערקט, אַז אייער געדיכט איז אַן ענערגישער פלוך צו דיזע אַלע וואַמפּירען פון אָרעמען פאָלק, אַ טויטעס־אורטהייל פאַר דער הערשענדער אַריסטאָקראַטיע! אָה, איך זעה, איהר זייט נאָך צו יונג, צו נאַאיוו, איהר וועט פיליינכט

אויך ניט פֿערשטעהן אַלעס וואָס איך זאָג אייך איצט, אָבער איך ווייס, אַז די צייט וועט קומען, ווען מיינע ווערטער וועלען ווי אַן עכאָ אָבקלינגען אין אייער ברוסט, און דאַן וועט איהר מיך פֿערשטעהן, דאַן וועט איהר בעגרייפֿען מיינע ווערטער!...

זי איז אויפֿגעשטאַנען פֿון איהר פלאַץ. איך האָב בעמערקט, ווי איהרע אויגען שיינען נאָך העלער, נאָך הימלישער. איהר ברוסט האָט זיך געהויבען פֿון ברענענדיגער אייפֿרעגונג.

— אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס, וואָס איך האָב אייך צו זאָגען, — האָט זי זיך ווידער געווענדעט צו מיר. — עס איז דאָ אַ צווייטע וועלט, ניט אויף'ן הימעל, איך מיין דאָ אויף דער ערד. אַ וועלט, וואָס ניט די מענליכקייט אַזעלכע פעטערבורגער טויגע־ניכצען אָבצופּאַשען פּעטע העלזער און נאַקענס און וואַרפֿען טויזענדער צו די פֿיס פֿון אַקטריסעס, קאָקעטקעס פֿון דער מאָר־נער וועלט. אַ וועלט פֿון אָרעמע, דערשלאָגענע, אונוויסענדע קנעכט. פֿינסטערניש, שרעקליכע טויטע פֿינסטערניש הערשט אין יענער וועלט. דאָרט קענט איהר זעהן, ווי אַ מענשליכעס וועזען זינקט אַראָב צום ווילדען טהיער, ווי אַ בלוטיגעס טהיער ווערט גערעכענט פֿאַר אַ מענשען און טויזענדע שקלאַפֿען ליגען אונטער זיינע לאַפּעס! וואָס מעהר דער טיראַן קוועלט זיינע קנעכט, אַלץ ליעבער איז ער פֿאַר זיי. מיט אַ הויכען אייזערנעם טהורם האָט די רייכע, די הערשענדע קלאַסע אַרומגערינגעלט די וועלט פֿון זייערע קנעכט, כדי קיין איינציגער שטראַהל פֿון ליכט, פֿון אויפֿקלעהרונג זאָל ניט דורכדרינגען צו זיי.

און די טיראַניי טריאומפֿירט! דער שקלאַף בלייבט שקלאַף. ער וואַשט אָב זיינע פֿערבלוטיגטע וואונדען, כדי מאָרגען זאָל דער הערר האָבען אַ ריינעם פלאַץ, אויף וועלכען צו שמייסען מיט דער אייזערנער בייטש...

דאָרט האָדעווען מוטערס זייערע קינדער, אום צו שאַפען נייע קאַנדידאַטען פאַר שקלאַפעריי און פראָסטיטוציאָן, אום צו בעפרי־דיגען די טהיערישע אַפעטיטען פון דעם רייכען בורזשואַ. דאָרט ראַנגלען זיך מענשען אויף לעבען און טויט, אום צו קריגען די מיטלען פאַר אַ הינטישער עקזיסטענץ. דאָרט פאַלען מענשען פון פערצווייפלונג, און עס פערמעהרען זיך די שלאַנגען אין אייביגען זומפ. דאָרט זיינען פול פעסט, פערברעכען, בלוט, טרערען, גאַל, די זעלבסט־פערניכטונג פון מענשליכען געשלעכט, די שרעקליכסטע טראַגעדיען פון מענשליכען לעבען.

ווער קען איבערצעהלען די אָפּפער פון די אונערטרעגליכע ליידען פון אָרימקייט? ווער קען אונז זאָגען, וויפיעל נאָבעלע, אונשולדיגע, ליעבענדע הערצער ווערען ערמאָרדעט פון דער מענשליכער אונמענשליכקייט?

איהר שטימע האָט געציטערט. האָס און בעגייסטערונג האָבען געבליצט פון איהרע אויגען. איהר גאַנצע געשטאַלט איז געווען, ווי אַ בילד פון אַ פראָפעטין פון וואַהרהייט, די הימלישע פאָרמע פון אַ צויבערהאַפטער מאַדאָנע פון דער ליידענדער מענשהייט.

זי האָט געשוויגען אַ ווײַלע, אַזוי ווי זי וואָלט זיך צוגעהערט, אויב קיינער קומט ניט זי צו שטערען, און האָט מיט פרישען פייער און בעגייסטערונג אָנגעפאַנגען ווידער:

— ווער, ווער פון די, וואָס בעזיצען אַ פיהלענדעס האַרץ, וואָס דיינקען און בעגרייפען אונזער וועלט, אונזער געזעלשאַפט, ווער פון די קען בלייבען שטעהן פון דער וויטען און ניט געהן צו די בערויבטע און פערוואָגעלטע? ווער קען זיך אָבזאָגען צו פערטהיידיגען אַן אונשולדיג קינד געגען אַ ווילדען טיגער! ווער קען זיך אָבזאָגען אַריינטראָגען ליכט אין דער פינסטערניש? האָפ־נונג און טרייסט — אין דער וועלט פון פערצווייפלונג! ווער קען



זיך אָבקעהרען פֿון די טרערען און וואונדען פֿון זיין אונגליקליכען מיטמענשען און ניט ציינען איהם דעם וועג צו זיין רעטונג, צו זיין גליק, צו זיין פֿרייהייט! נאָר אַ שטיין קען בלייבען רוהיג, ווען ער הערט די ווילדע געשרייען פֿון די פֿעראונגליקטע, פֿער־בלוטיגטע אָפּפֿער פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. נאָר אַ קאַ־ליקע אָדער אַ גייסטיגער אידיאָט קען זיך פֿיהלען בערעכטיגט און גאָר ניט טהאָן פֿאַר דעם אידעאַל פֿון פֿרייהייט און גערעכ־טיגקייט.

דער פעטערבורגער קוזין, אייער קריטיקער, האָט זיך אויס־געלאַכט פֿון די שוסטער און שניידער, וועמענס ליידען איהר האָט בענעצט מיט אייערע דיכטער־טרערען; די צייט איז אָבער ניט וויט, ווען דיזע שוסטערס און שניידערס וועלען זיך אויסלאַכען פֿון פעטערבורגער טויגעניכצען. און וועה וועט זיין די, וואָס ער־לויבען זיך איצט צו לאַכען פֿון אָרעמען פֿאָלק! איהר זייט פֿאַר איהם קיין דיכטער ניט! אַנשטאָט איינצושלעפֿערן זיין פֿערשמוצטען געוויסען, וועקט איהר איהם אויף! ער הייסט אייך שטודירען די ריינע קונסט, זינגען פֿון פֿרויען, ליעבע און ווין! עס איז גאַנץ פֿערשטענדליך. ער וויל האָבען נאָך אַ שפיעלכעל צום צייט פֿער־טרייב. אָבער מיר האָבען שוין גענוג, איבער גענוג, דיזע זינגער פֿון ליעבע און ווין! דיזע פאַנטאָפֿעל־לעקער פֿון רייכע און זאַטע! די צייט פֿאָדערט אַנדערע ליעדער, אַנדערע דיכטער.

יונגער פֿריינד! איהר זייט דאָס קינד פֿון ליידענדען פֿאָלק! בלייבט איהם טריי; פֿערטיידיגט זיין פֿרייהייט, בעזינגט זיינע ליידען! ציינגט איהם זיינע פֿיינד און זיינע פֿריינד! עס איז וואַהר, אַז די צייט פֿאָדערט איצט אַ גאַנץ אַנדער קאַמפּף, אָבער פֿאַר דיזען זייט איהר נאָך צו יונג. איהר וועט אויפֿוואַקסען וועט איהר פֿערשטעהן, דאָך אויך איצט ווייכט אוים די פֿיינד פֿון פֿאָלק,

האָסט אַלעס, וואָס האָסט די אָרעמע; ליעבט און פֿערטהיידיגט אַלעס, וואָס ליעבט פֿרייהייט און גערעכטיגקייט!

זי האָט געענדיגט און האָט מיט אַ פֿריינדליכען שמייכעל דערלאַנגט מיר די האַנד.

— איך האָף, מיר וועלען זיך נאָך זעהן! — האָט זי געזאָגט מיט איהר וואונדערבאַר סימפּאַטישער שטימע און איז פֿערשוואונדען צווישען די געדיכטע בוימער.

עפּעס ווי בעצויבערט פֿון זיסער קונסטפֿאָלער מוזיק בין איך געבליבען זיצען אויף מיין פּלאַץ. אין מיינע אויערען האָבען נאָך געקלונגען די הייליגע ווערטער — די גייסטיגע קינדער פֿון וואַהרער בעגייסטערונג. ווי אַ שטיק וואַקס, צוזאַמענגעשמאָלצען פֿון אַ פֿלאַם, האָט זיך צום ערשטען מאָל צוזאַמענגעשמאָלצען מיין האַרץ מיט דער גליהענדער דורשט נאָך פֿרייהייט, נאָך הייליגע טהעטיגקייט.

מיינע געדיכטע, מיין פּאָעזיע, די מיינונגען פֿון דער וועלט, אַלעס איז ביי מיר איצט געוועזען אַ גאָרנים, אַ שפּיעלצייג געגען דעם קאַמפּף פֿאַר די אָרעמע און ערנידעריגטע, געגען דער הערר־ליכער אַרבייט אין נאָמען פֿון וואַהרהייט און גערעכטיגקייט!

ווען איך בין אַרויס פֿון גאָרטען האָב איך בעגעגענט די גוטמוטהיגע סאָניע. זי האָט מיך געזוכט, אום צו טרייסטען מיך נאָך די שמערצען, וואָס איהר קוזין האָט מיר פֿעראורזאַכט; אָבער ווי ערשטוינט איז זי געוואָרען, ווען זי האָט מיך דערזעהן אַ מוטהיגען, מיט אַן ענערגישען אויסדרוק אויף מיין פֿלאַמענדען געזיכט.

— וואָס איז געשעהען? — האָט זי מיך געפֿרעגט פֿערוואונדערט.

— גאָרנים, מיין ליעבע סאָניע! פּאָעזיע, ליעדער, דאָס איז אַלץ אַ שפּיעלצייג! — האָב איך געענטפֿערט. — עס איז דאָ אַ גרעסערע פּפֿליכט, דאָס איז צו זאָרגען און קעמפּפֿען פֿאַר די אָרעמע און אונגליקליכע, אונזערע מיט־מענשען!

סאָניע האָט מיך אָנגעקוקט ווי צומישט מיט איהרע שעהנע גוטע אויגען און האָט מיר קיין וואָרט ניט געענטפֿערט.

עס זיינען פֿערביינגעגאַנגען עטליכע טעג. איך האָב אימער נאָך געדאַכט און געטרוימט פֿון וועראַ, ווענען די טיעפֿזיניגע ווערטער, וואָס האָבען זיך מיט אַזאַ קראַפֿט, מיט אַזאַ פֿייער אַרויסגעריסען פֿון איהר ברוסט; דאָך ניט אַלעס, וואָס זי האָט געזאָגט האָב איך גוט פֿערשטאַנען. עס איז וואַהר, זי האָט מיר פֿערשפּראָכען, אַז איך וועל אויפֿוואַקסען וועל איך גוט פֿערשטעהן אַלעס, וואָס זי האָט מיר געזאָגט, אָבער מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זייט איך האָב גערעדט מיט וועראַ'ן, בין איך אויסגעוואַקסען אויף צעהן יאָהר; איך האָב זי געוואָלט זעהן און נאָך אַ מאָל ריידען מיט איהר, נאָך אַ מאָל הערען די הימלישע מוזיק פֿון איהר שטימע און בעגרייפֿען די גרויסע וואַהרהייטען, וואָס זי האָט אויסגעשפּראָכען.

געהן אַליין צו איהר אין הויז, האָב איך זיך ניט ענטשלאָסען. דאָך האָב איך געדיינקט, אַז אַ צופֿאַל וועט מיר העלפֿען. ביי אַ רייכען לאַנד־בעזיצער, וועלכער איז געווען גוט בעקאַנט מיט די פּאָרטונאַלאָווס האָט געזאָלט זיין אויף מאָרגען אַ באַל. אַלע פּאָר־טונאַלאָווס זיינען געווען איינגעלאַדען און זיי האָבען אויך צוגעזאָגט מיך מיטצונעהמען אויף דעם גרויסען באַל. איך האָב ווייניג וואָס געליעבט בעלער, דאָך דער געדאַנק, פֿילייכט וועל איך דאָרט בעגעגענען מיין וועראַ, האָט מיך געמאַכט מיט אונגעדולד צו ערוואַרטען די שטונדע פֿון דעם גלענצענדען באַל. ענדליך האָב איך זיך אַרומגעדרעהט מיט דער גוטער סאָניע אין דעם פּראַכטפֿאָל בעלויכטעטען זאַל, אָנגעפּאַקט מיט רייך פֿערפּוצטע דאַמען און הערען, צווישען וועלכע עס האָט אויך געשיינט, אין אַ הויכען קראַגען ביז צו די אויערען, מיין פּעטערבורגער קרימיקער. איך

וויים ניט וואָרום, נאָר קוקענדיג אויף איהם האָב איך זיך עראינערט אָן אַ אידיאָט, וועלכען איך האָב אַ מאָל געזעהען אין אַ צירק פּילייכט איז עס געווען דער הויכער קראַגען, וואָס האָט מיך געבראַכט צו אַזאַ עראינערונג. די מוזיק האָט געשפּיעלט די זיסע וואַלצען פֿון שטראוס, פּיעלע פּיגורען האָבען זיך געדרעהט אַרום מיר, אָבער מיין וועראַ'ן האָב איך ניט געזעהן, מיין ווערא איז ניט געווען צווישען זיי!

מיר איז אין גיכען נמאס געוואָרען די טאַנצעריי, די זשוזשעריי פֿון די זיידענע קליידלעך, די פֿראַנטען מיט די רוטע געזיכטער און די דאַמען מיט די צוקער־זיסע שמייכעלעך. איך האָב זיך שטיל אַרויסגע'גנב'עט פֿון זאַל און בין אַוועק וואַנדערען איבערן פֿעלד, וואָס האָט זיך געצויגען מיילען־ווייט אין יענער געגענד.

די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע, אַ ליכטיגע. מיינע געדאַנקען ווענען ווערא'ן האָבען מיך ניט פֿערלאָזען ניט אויף אַ מינוט. „וואו קען זי איצט זיין?" האָב איך געטראַכט. „זאָל זי זיצען אַליין אין הויז?" איך בין אָבגעגאַנגען אַ 15 מינוט, ווען איך האָב בעמערקט ניט ווייט אַ קליינע מיט שטרוי בעדעקטע הייזקע. דאָרט האָט געוואוינט מיינער אַ גוט בעקאַנטער בויער, מיט'ן נאָמען ניקיטאַ. מיר פֿלעגען אָפֿטמאָל געהן מיט איהם צוזאַמען אין וואַלד. ער פֿלעגט האַקען האָלץ און איך פֿלעג זוכען יאַגעדעס. איך האָב איהם שוין עטליכע טעג ניט געזעהען און האָב זיך איצט בעשלאָסען אַריינגעהן און זעהן וואָס מאַכט ניקיטאַ און זיין פֿרוי, וועלכע איז געווען זעהר אַ פֿלייסיגע אַרבייטערין אויף'ן פֿעלד.

די קליינע בויער־הייזקע האָט געהאַט אַ פֿענסטערל צום פֿעלד, וואו עס האָט איצט געצאַנקט אַ שוואַך פֿייערל. איך בין צוגעגאַנגען צום פֿענסטער און וואָס פֿאַר אַן אונערוואַרטעטעס בילד האָט זיך פּלוצלונג פֿאָרגעשטעלט פֿאַר מיינע אויגען!

דאָס קליינע הייזעל איז געווען קוים בעלויכטען פֿון אַ צאַנ־קענדען ליכטעל. אין אַ ווינקעל אויף עטליכע צונויפֿגעהאַקטע ברעטער איז געלעגען די יונגע בויערטע קראַנק, בלאַס, ווי דער טויט. גראַדע געגען איהר, אויף אַ הילצערנער באַנק, איז געזעסען ווערא. איהרע שוואַרצע געדיכטע האָר זיינען ווי שווערע כוואַליעס געפֿאַלען אויף איהרע אַקסלען. איהר געזיכט איז אויך געווען בלאַס און פֿערקומערט. זי האָט געהאַלטען אין איהרע הענד די דאַרע הענד פֿון דער קראַנקער בויערטע און האָט מיט איהרע זאַנפֿטע, סימפּאַטישע אויגען אַריינגעקוקט אין די פֿערטרערטע אויגען פֿון דער ליידענדער שקלאַפֿין.

אין אַ צווייטען ווינקעל איז געזעסען ניקיטאַ, זיין קאָפּ אַראָבגעלאָזען, זיין געזיכט בעהאַלטען אין די פּאָר גרויסע אַרבייטער־הענד. איך האָב געזעהן, ווי זיין ברוסט האָט זיך געהויבען. ער האָט געוויינט, ביטער געוויינט... אָרעמער ניקיטאַ! ער האָט אַזוי געליעבט זיין פֿרוי, זיין פֿלייסיגע מאַרינע! איך האָב געפֿיהלט, ווי טרערען קייקלען זיך פֿון מיינע אויגען. איך האָב ווי ניט ווי־לענדיג זיך אָבגעקעהרט פֿון דער טרויעריגער סצענע און געוואָרפֿען אַ בליק אויף דעם רייכען פּאַלאַץ, וועלכער האָט געשיינט פֿון ווייטען מיט טויזענד פֿייערען. דאָרט האָט איצט געקאָכט און געברויזט דער גרויסער גלענצענדער באַל. מוזיק האָט געקלונגען. שאַמפּאַניער האָט געשוימט אין די גאָלדענע בעכערס. רייכע דאַמען האָבען זיך פּראַכטפֿאָל אַמוזירט... און דאָ, אין אַן אָרעמען הייזעל, ביי אַ צאַנקענדען ליכטעל, פֿערמאַטערט און צובראָכען פֿון נויט און זאָרג, האָט זיך אַ יונגעס מענשליכעס וועזען געראַנגעלט מיט דעם אונצייטיגען טויט. ווער האָט אויסגעגראָבען פֿאַר איהר אין איהר לעבענס־פֿריהלינג אַ קאַלטע פֿינסטערע גרוב? ווער? נאָך מיט עטליכע טעג צוריק וואָלט איך ניט געקענט ריכטיג

ענטפערן אויף דיזע פראַגע. אָבער איצט, איצט, ווען ווערא, ווען דיזער מלאך האָט בעלויכטען מיין דונקעלע וועלטעל מיט איהר וואונדערבאַרע ערשיינונג, איצט האָב איך געוואוסט, ווער עס האָט פערמאַטערט, ווער עס האָט ערמאָרדעט דיזע יונגע זעעלע און נאָך אַנדערע טויזענדע שקלאַפינען, וואָס פאַלען, שטאַרבען אין שרעקליכען עלענד און נויט, אין דער צייט ווען די רייכע, די זאַטע אַמוזירען זיך אויף רייכע בעלער. — דיזעס בילד, דיזער קאָנטראַסט איז געווען פאַר מיר אַ שלאַגענדע אילוסטראַציאָן פון ווערא'ס ווערטער, פון איהרע טיעפע געדאַנקען! איצט, ווען עס זיינען שוין אַוועק פיעלע יאָהרען פון אַ שווערען לעבענס־קאַמפף און ביטערע ערפאַהרונגען, ווען איך האָב שוין געהאַט די טרויע־ריגע געלעגענהייט צו זעהן ווי וויט, שרעקליך וויט, איז ביי פיעלע אונזערע ראַדיקאַלע טהוערס דאָס וואָרט פון טהאַט, איז ביי מיר נאָך טייערער, נאָך הייליגער די ערינערונג פון ווערא. זי האָט ניט נאָר געפרייידיגט, אַז מיר מוזען אַלעס אָפּפערען פאַר די אונטערדריקטע און ערנידעריגטע. נור אויך איהר הארץ, איהר זעעלע, איהר יעדען געדאַנק, איהר גאַנצעס לעבען האָט זי אימער אָבגעגעבען צו די, וואָס האָבען געליטען, וואָס האָבען געטראָגען אויף זייערע פלייצעס דאָס יאָך פון טיראַניי און דעספּאָטיזמוס. און אויב איך האָב אין מיין לעבען געשטרעבט, אַז מיין וואָרט זאָל ניט ווידערשפּרעכען מיין טהאַט, אַז מיין פעדער זאָל זיין נור דאָס עכאָ פון מיין הארץ, דאַן בין איך דערמיט פערפפליכטעט צו דעם אידעאַל פון מיין יוגענד, צו ווערא'ן.

נאָך איינינע מינוט בין איך אונבעמערקט געשטאַנען ביי דעם אָרעמען הייזעל. ענדליך האָב איך דערהערט שריט. ווערא איז שטיל, פערטראַכט אַרויסגעגאַנגען פון דעם טרויערינען נעסט פון אָרימקייט און אייבינע ליידען און האָט געריכטעט איהר גאַנג

איבער׳ן ברייטען גרינעם פֿעלד. איך בין אַ ווילע נאָכגעגאַנגען.
זי איז געווען פֿערטיעפֿט אין איהרע געדאַנקען און האָט מיך ניט בעמערקט.

— ווערא! — האָב איך ענדליך אַ רוף געטהאָן. זי האָט אַ לייכטען ציטער געגעבען און האָט זיך אומגעקוקט; איהר געזיכט האָט זיך בעדעקט מיט אַ פֿריינדליכען שמייכעל, ווען זי האָט בעגעגענט מיין בליק.

— אזוי! זייט איהר נאָר דאָ, מיין יונגער דיכטער! — האָט זי זיך אָבגערופֿען, — איך האָב געדיינקט, איהר זייט איצט דאָרט, אויף דעם בעריהמטען באַל פֿון הערר באַלטשאַקאָוו!

— איך בין געווען דאָרט, — האָב איך געענטפֿערט. (איך האָב געפֿיהלט ווי מיין געזיכט ברענט פֿאַר שאַנדע) — אָבער איך האָב ניט געקענט דאָרט פֿערבלייבען. מיך שטיקט דיזע אויס־געפוצטע, קאַלטע געזעלשאַפֿט! — זי האָט מיך אַ ווילע אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע, געדאַנקען־רייכע אויגען.

— אַלזאָ, איהר ליעבט ניט יענע מיט זייד און בלומען פֿער־פוצטע שטיינער! יענע, אין גאָלד און דיאַמאַנטען אויסגעציערטע בעטלער! — האָט זי מיך געפֿרעגט, און אַ ביטערקייט, אַ טרויער אָהן אַן ענדע האָט זיך געהערט אין איהר שטימע.

— ווערא! — האָב איך אויסגערופֿען, ניט קענענדיג ווייטער איינהאַלטען די ליעבע, די אַכטונג, די פֿערגעטערונג, וואָס איך האָב געפֿיהלט צו איהר, צו דיזער נאָבעלער פֿרוי. — ווערא, זייט איך האָב אייך בעגעגענט, בין איך געוואָרען אַ גאַנץ אַנדער מענש, עס איז וואַהר, איך בין נאָך זעהר יונג, אָבער נויט און ליידען מאַכען דעם מענשען עלטער פֿון זיינע יאָהרען. איך האָב אייך פֿערשטאַנען, ווערא, ווען איך האָב אייך איצט געזעהן דאָרט ביי דעם בעט פֿון דער אָרעמער בויערטע, אַלס אַן ענגעל, אַ טרייסטער

פֿון די פּערוואָגעלטע און עלענדע; — איך האָב אויך געזעהן די אַנדערע פֿרויען דאָרט, ווי זיי טאַנצען און קאָקעטירען, און דיינקען קיינמאָל אין זייער לעבען ניט וועגען די, וואָס שמאַכטען אָהן אַ היים, אָהן אַ פֿריינד, אָהן די נויטוועגדיגסטע מיטלען צום לעבען. איך האָב זיי געזעהן אין זייער רייכטהום און איך האַס זיי; איך האַס זיי אַלס די פֿיינד פֿון די אָרעמע, אַלס די, וואָס בריינגען אַריין די גרעסטע ליידען אין די הערצער פֿון זייערע שוועסטער און ברידער! ווערא, זאָגט מיר, וואָס איך זאָל טהאָן. איך בין בערייט אויף אַלעס; אייער יעדעס וואָרט איז פֿאַר מיר אַ הייליגטהום, איך קען מעהר ניט בלייבען ביי די פּאָרטוגאַלאָווס, איך וויל לעבען צווישען אַזעלכע מענשען, ווי איהר זייט. ווערא, צייגט מיר דעם וועג! לערענט מיך צו זיין ניצליך, צו זיין אַ וואַהרער, אַן ערנסטער מענש!

דעם ערשטען מאָל אין מיין לעבען האָב איך גערעדט מיט אַזוי פֿיעל פֿייער. מיין שטימע האָט געציטערט, אָבער מיט יעדען וואָרט האָב איך געפֿיהלט, אַז איך זאָג איצט אַרויס דאָס, וואָס עס האָט שוין לאַנג מיך געדריקט. איך האָב אויך געפֿיהלט, דאָס צום ערשטען מאָהל אין מיין לעבען האָב איך בעגעגענט אַ פּער־זאָן, אין וועלכער עס זיינען פֿערבאָרגען די ריינסטע פּערל פֿון מענשליכען גייסט. אַ פּערזאָן, אין וועלכער עס האָבען זיך קריס־טאַליזירט די שעהנסטע געדאַנקען, די עדעלסטע שטרעבונגען פֿון דער דיינקענדער מענשהייט. זי איז געוואָרען גערירט פֿון מיין קינדערישער נאַאיוויטעט, מיט וועלכער איך האָב זי געבעטען צייגען מיר דעם וועג צום ליכט. איהרע אויגען זיינען געווען פֿייכט פֿון טרערען. זי האָט מיר דערלאַנגט איהר האַנד און האָט געזאָגט מיט אַ פֿריינדליכען שמייכעל:

— עס פֿרעהט מיך, דאָס מיינע ווערטער זיינען געפֿאַלען

אויף אַ גוטען באָדען. איך האָף, אַז איהר וועט זיין אימער דער ערנסטער פריינד פון די אָרעמע און אונטערדריקטע. איהר זייט נאָך גאַנץ יונג, לערנט די רוסישע ליטעראַטור, דיינקט איבער די שריפטען פון אַ דאָבראָליובאָוו, בעלינסקי, פיסאַרעוו, טשערנישעווסקי, זאָל נעקראַסאָוו'ס מוזע אייך דיענען פאַר אַ מאָדעל אין אייער שרייבען, דאָס לעבען פון אַ ראַכמעטאָוו — אין אייער לעבען. געדיינקט, אַז דער שוואכער קנעכט פאָדערט אַ פערטהיידיגער, דער שטאַרקער דעספּאָט — אַ בעקעמפפער! די צייט וועט שוין קומען אַמאָל, ווען איהר וועט אַליין בעגרייפען, וואו דאָס שלאַכטפעלד איז און וואו עס זיינען אייערע וואַפען.

זי האָט מיר דערלאַנגט איהר האַנד און מיר האָבען זיך צושיידט. נאָר נאָך איין איינציגען מאָל האָב איך געזעהען וועראַ'ן. דיזער ווידערזעהן איז געווען אַזוי אונערוואַרטעט, אַזוי טרויעריג, אַז איך קען איהם קיינמאָל ניט פערגעסען. עס זיינען פערבייגעגאַנגען עטליכע טעג נאָך מיין לעצטען געשפרעך מיט איהר אין פעלד. עס איז געווען אַזייגער 6 אין דער פריה. איך בין נאָך געלעגען אין בעט, מען האָט געשאָסען ערגעץ ניט ווייט פון פאָרטוגאַלאָוו'ס הויז. עס האָט זיך געהערט אַ געשריי, אַ לויפעריי פון פיעלע פיס. איך האָב זיך אויפגעכאַפט, האָב זיך שנעל אָנגעטהאָן און בין אַרויסגעלאָפען פון הויז. אַ גרויסע מאַסע מענשען האָט זיך צונויפגעקליבען ניט ווייט פון אונז, לעבען דעם הויז פון מיין וועראַ. איך האָב געזעהן דאָרט אַ גאַנצע באַנדע פון זשאַנדאַרמען און פאָליציי־לייט. דאָס גאַנצע הויז איז געווען אַרומגערינגעלט מיט מענשען אין בלויע רעק.

„וואָס זאָל דאָס זיין?" האָב איך זיך געפרעגט פערוואונדערט. „מיין נאָבעלע וועראַ?..." אין דיזער מינוט האָב איך דערפיהלט

א שווערע האַנד אויף מיינע אַקסלען. לעבען מיר איז געשטאַנען דער פעטערבורגער קוזין, אָנגעטהאָן אין אַ זיידענעם מאָרגען־ראָק און האָט געראויכערט מיט גרויס פֿערגעניגען אַ האַוואַנאַ ציגאַר.

— פֿערשטעהט איהר וואָס דאָס מיינט? האָט ער מיך אַ פֿרעג געטהאָן, צייגענדיג מיט זיין ווייסען פֿינגער אויף די זשאַנדאַרמען.

— ניין! האָב איך איהם געענטפֿערט גאַנץ אונשולדיג. — פֿילייכט ווייסט איהר וואָס דאָס איז, ערקלעהרט מיר, איך בעט אייך.

— מיט דעם גרעסטען פֿערגניגען! האָט דער פֿראַנט געענט־פֿערט און אַ טייפֿעלשער שפאָט האָט זיך געהערט אין זיין טאָן.

— דאָרט, אין יענעם הויז, האָט געוואוינט אַ געוויסע פֿריילין ווערא. דיזע ווערא האָט זיך ערלויבט צו זיין אַ געגנערין פֿון אונזער רעגירונג, פֿון אונזערע געזעצען. זי האָט זיך ערלויבט אויפֿצוהעצען די בויערען, פֿערשפרייטען צווישען זיי אַ געפֿעהרליכע לעהרע, וועלכע וויל פֿערניכטען רעליגיאָן און די הייליגסטע טראַדיציאָן פֿון פֿאַמיליען־לעבען. זי האָט ביז איצט אַזוי קלוג געפֿיהרט איהרע געשעפֿטען, אַז קיינער האָט זי ניט געקענט כאַפּען. אָבער דער קייזער האָט נאָך געגוג פֿריינד און טרייע דיענער. מען האָט זי ענדליך געפּאַקט. זי האָט געהאַלטען די פּאָליציי ביז 30 מינוט דרויסען; אין דער צייט, ווי עס זעהט אויס, האָט זי פֿערברענט געפֿעהרליכע פּאַפּירען, פֿון וועלכע די פּאָליציי האָט איצט געפֿונען צוברענטע אַש. זי האָט דריי מאָל געשאָסען אויף די זשאַנדאַרמען, אום צו געווינען צייט און פֿערניכטען אַלע איהרע געהיימע בריעף. איך זאָג אייך, דאָס איז אַ געפֿעהרליכע זאַך. זיי ווילען אומברייננגען אונזער וועלט און מאַכען אַ כאַאָס, אַ געזעלשאַפֿט פֿון רויבער און מערדער!

— עס איז אַ ליגען! — האָב איך אויסגעשריען. — ווערא איז די נאָבעלסטע פֿרוי אין דער וועלט!

— כאַ! כאַ! כאַ! — האָט ער זיך צולאַכט. — פֿילייכט ווילט איהר זיך טהיילען מיט איהר שיקזאַל אין פעטראָפּאַוולאָווסקי קריעפּאָסט!

אין דיזער מינוט האָט זיך דערהערט אַ קלאַנג פֿון קייטען. איך האָב אַ ציטער געטהאָן און בין געלאָפֿען צו ווערא'ס הויז. בעגלייט פֿון זשאַנדאַרמען איז געגאַנגען ווערא, איהר געזיכט איז געווען בלאַס אָבער רוהיג און ענטשלאָסען. איהרע שעהנע, וואונדערבאַרע אויגען האָבען שמאָלץ און מוטהיג געקוקט אַרום זיך, איהרע הענד זיינען געווען געשמידט אין שווערע אייזערנע קייטען, וועלכע האָבען געקלונגען ביי יעדען שריט פֿון דער געפֿאַנגענער.

מען קען זיך פֿאָרשטעלען, ווי מיין האַרץ האָט אין מיר שרעקליך געקלאַפּט, ווי טרערען זיינען געלאָפֿען פֿון מיינע אויגען, ווען איך האָב דערזעהן די גוטע, די נאָבעלע ווערא אין די הענד פֿון די בייזע זשאַנדאַרמען, געשמידט אין קייטען ווי אַ פֿערברעכערין! מיין האַרץ האָט זיך געריסען צו איהר, איך האָב געוואָלט כאָטש איין מאָל אויסריידען אַ וואָרט מיט איהר, פֿאַלען צו איהרע פֿיס, קושען די קייטען, וואָס זי האָט געטראָגען פֿאַר איהר הייליגער ליעבע צו די אָרעמע און אונטערדריקטע. נאָך אַ מאָמענט און זי וועט זיין פֿערשוואונדען פֿאַר מיר! די שווערע טהירען פֿון קאַזעמעט וועלען זי צודעקען, אויף אייביג פֿילייכט! ניין, איך מוז צוגעהן צו איהר, זאָגען דעם לעצטען אַדיע! — איך געדיינק, ווי איך האָב זיך דורכגעשלאָגען דורך דער מאַסע. און בליץ־שנעל זיך דורכגעדריקט דורך די זשאַנדאַרמען, צווישען וועלכע עס איז געשטאַנען ווערא.

— ווערא! האָב איך אויסגעשריען. — זי האָט אויף מיר געוואָרפֿען איהר זאַנפֿטען פֿריינדליכען בליק, אָבער איז דעם זעלבען מאָמענט האָבען צוויי שטאַרקע הענד מיך אָבגעריסען פֿון

איהר און מיך ווילד אוועקגעשלעפּט צוריק. איך בין געפאַלען אויף דער גאַס און א ביטערער געוויין האָט זיך ארויסגעריסען פון מיין ברוסט. ווי דורך א טרוים האָב איך געהערט דאָס צופאַהרען פון א קאַרעטע און דאָס קלינגען פון זשאַנדאַרמסקע שווערדען און ווערא׳ס קייטען. ווען איך בין געקומען צו זיך איז שוין די גאַס געוועזען ליידיג. נאָר אויף דעם באַלקאָן פון פּאָרטוגאַלאָוו׳ס הויז האָב איך בעמערקט די העסליכע פיגור פון דעם פּעטערבורגער טויי־גניכטס. ער איז געזעסען אין זיין ויידענעם מאָרגען־ראָק, מיט דעם האַוואַנאַ ציגאַר אין האַנד, און מיט א שפּאָטישען שמייכעל אויף זיין צופרידענעם געזיכט האָט ער אראָבגעקוקט אויף מיר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס איז געוואָרען פון ווערא׳ן? איך ווייס ניט. וואַהרשיינ־ליך האָט זי געטראָפען דאָס טרויעריגע שיקזאַל פון אַלע רוסישע קעמפּפער. — ג אַ ל ג ע ן און ס י ב י ר, דאָס זיינען פאַר־לויפיג די לאַרבער־קראַנצען, מיט וועלכע די רוסישע דעספּאָטען קרוינען די בעסטע פרויען און מענער פון אונגליקליכען רוסלאַנד. — איך בין אָבגעריסען פון מיין ווערא, פון דיזען זעלטענעם, נאָ־בעלען כאַראַקטער, וועלכען איך האָב קיינמאָל נאָך א מאָל ניט בעגעגענט אין מיין לעבען. אויף דעם אַמעריקאַנער סאָציאַלען שלאַכטפעלד קען מען נאָך א מאָל בעמערקען דעם שאָטען פון א ויעליאַבאָוו, נאָר אומזיסט וועט איהר זוכען א פונק פון א ס אַ פּ י ע פּ ע ר אָ װ ס ק אַ י אַ, א גייסטרייכע בילד פון א װ ע ר אַ; דער אַמעריקאַנער באָדען איז פאַרלויפיג צו אָרעם פאַר אַזעלכע בלומען. איהר קענט זיי דאָ ניט זעהן, ווען איהר טהוט אָן אפילו די פערגרעסערונגס־גלעזער פון דעם היציגסטען ענטהוזיאַזמוס.



וועט עס אימער אזוי זיין? אלס מענשען, וועלכע אנערקענען די נעזועצען פון עוואָלוציאָן, פון פאָרמשריט, מוזען מיר צוגעבען, אז אויך די אמעריקאנישע פרויען וועלען מיט דער צייט ענטוויקלען אין זיך מעהר גייסטרייכע, ענערגישע כאראַקטערע. פאָרלזיפיג אָבער בלייבט ווערא מיין איין און איינציגער אידעאַל.



# א בריעף פון א זעלבסטמערדער.

אד, וואס פאר א וואונדער־שעהנע נאכט!
דער הימעל איז אזוי בלוי, די שטערען פינקלען, ווי ריינע בריליאנטען. עס הערען זיך פון ווייטען די זיסע טרעלען פון א נאכטיגאל. אלעס איז אזוי פראכטפאל, פונקט ווי אין די פראנצויזישע ראמאנען, וועלכע איך האב אמאל געלעזען מיט יוגענד־ליכער ליידענשאפט.

אמאל וואלט איך אין אזא נאכט געטרוימט פון ליעבע, פון צוויי צארטע פערליעבטע הערצער, וואס גיסען זיך צונויף אין איין הארמאניע. איצט איז עס אנדערש. איצט טרוים איך פון טויט, פון א שטילען, רוהיגען, קאלטען קבר, וואו אין הארצען און אין מח ברענען נים קיין ליידענשאפטען; וואו עס טראגען זיך ניט ארום, ווי שווארצע שטורמפויגלען, פינסטערע, שווערע געדאנקען. ניין, אין קבר איז אלעס שטיל, רוהיג, קאלט, טויט.

איצט בין איך א גאנץ אנדער מענש! אמאל האב איך זיך געבוקט פאר דער נאטור, ווי פאר א הייליגער געטין, איצט אבער קוק איך אויף איהר ווי אויף אן אלטע, אויסגעפוצטע קאקעטקע, ארער — צו וואס לייקענען דעם אמת? איך קוק אויף דער רייצענדער נאטור, ווי אויף א גלענצענדער פראסטיטוטקע, וועלכע גיט זיך אב בלויז דעם רייכען. אה! די פיינע, אויסגעאדעלטע עסטע־טיקער קריצען מיט די ציין! ווי וואג איך עס צו פערגלייכען די

היילינגע נאטור מיט אזא אוננאטירליכקייט! און דאך איז עס אזוי. ווער געניסט די שעהנהייטען פון דער נאטור? ווער קוויקט זיך מיט איהר ווייין? ווער איז גליקליך אויף איהר בלומען־ברוסט? דער רייכער, דער וואס קען בעצאהלען. דעם ארעמאן, דעם עלענ־דען, צורייצט זי נור מיט איהרע שעהנהייטען.

אבער וואס רייד איך פון דער נאטור, אקוראט ווי זי וואלט געקענט פיהלען, דיינקען? אך, דאס איז אן אלטע געוואוינהייט, אן אלטער אבערגלויבען. איך האב זיך אזוי פיעל אנגעלעזען און אנגעהערט פון דער „היילינגער מוטער נאטור“, אז איך האב זי תמיד בעטראכט פאר עטוואס מענשליכעס, פיהלענדעס.

היילינגע מוטער נאטור! ניין! א מוטער וואלט ניט געשיינט אזוי פרעהליך און פרעכטיג מיט טויזענדע שטערען, וואלט זיך ניט אויסגעפוצט אין א בלויען בלומען־קלייד, ווען איהר קינד געזעגענט זיך דעם לעצטען מאל מיט איהר? וואס זאג איך? בין איך דען דער איינציגער, וואס געזעגענט זיך מיט דער וועלט אין דער בליה־הונגס־צייט פון זיין לעבען? וויפיעל מענשען־קינדער, אונשולדיגע, ערדלע, פלוכען איצט די שטונדע, אין וועלכע זיי זיינען געבארען געווארען אין אלע גרויסע און קליינע טהיילען פון דער וועלט? און זי? די נאטור, די מוטער פון דער מענשהייט, זי איז אויסגעפוצט, צוגעגלעט, אויסגעציערט אין בלומען און בריליאנטען, פונקט ווי א קאלטע קאקעטקע, וואס האט זיך צוגעגרייט צו א קייזערליכען באל, וואו עס ערווארטען איהר איהרע רייכע ליעבהאבער?

יא, אויב די נאטור איז אונזער מוטער, איז דאס א מוטער, וועלכע ברייננט אום איהרע בעסטע קינדער, די, וועלכע האבען נאך

א געוויסען, וועלכע טראָגען נאָך אין הארצען א פונק פון מענשען־ליעבע און גערעכטיגקייט; זי ברייננט זיי אום מיט א שטאָלצען שמייכעל אויף איהר הימלישען געזיכט און בעגלייט זיי צום קבר מיט פויגעל־געזאַנג און זונען־שטראהלען!

וואס טרייבט מיך צום טויט?

אונגליקליכע ליעבע? ניין, איך האָב קיינמאָל ניט געליעבט. איך האָב נור געטרוימט פון ראָמאַנטישע, ריטערליכע ליעבע. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט די פרוי אלס בעצויבערענדען אידעאַל, אלס די ריינסטע פערעל פון שעהנהייט, צעטרילכקייט, הומאַניטעט. — ווען איך בין בעקאַנט געוואָרען מיט פרויען, האָב איך אין זיי ניט געפונען מיין אידעאַל.

זיי זיינען געווען ניט שעהן; האָבען גערעדט, געקוקט, געגאַנגען, אקוראט ווי זיי וואָלטען געווען אויף א טהעאַטער־ביהנע. איינפאַכקייט, נאַטירליכקייט האָט זיי געפעהלט. זיי איז זעהר געפעלען געוואָרען מיין ענטהוזיאזם, מיין ליעבע צו דער ליידענדער מענשהייט; אבער ווען איך האָב צו זיי גערעדט פון אונזערע פליכטען צו די ליידענדע און ערנידעריגטע, האָבען זיי אויף מיר געקוקט, ווי קינדער אויף זייערע ניאַנקעס, ווען זיי דערצעהלען א מעשה פון טויזענד־און־איין־נאַכט. דאָס ערענסטע, דאָס פרינציפיעלע, ניט אלטעגליכע האָבען זיי ניט געקענט בעגרייפען. זיי האָט מעהר אינטערעסירט צו וויסען, וויפיעל איך „פערדיען“, איידער צו וועלכער אידעע איך דיען. איך האָב זיי ניט בעשולדיגט אין זייער קליינגייסטיגקייט. איך האָב געהאט מיטלייד מיט זיי, אבער ליעבען האָב איך זיי ניט געקענט.

טרייבט מיך די אָרימקייט צו אַן אונצייטיגען טויט?

ניין! די אָרימקיים וואָלט מיך נים געקענט פערטרייבען פון דער וועלט, ווען איך זאָל פיהלען נאָר מיין אייגענעם דלות אַליין, מיך פערטרייבט פון דער וועלט די אָרימקייט פון טויזענדע דערשלאָגענע, פערוואָגעלטע, קרעכצענדע און בלוטענדע מענשען־קינדער.

זאָגט נים, אז דאָס איז בלויז א פראַזע. (איך וויל נים מאַכען פון מיין טויט אן אדווערטייזמענט פאַר מיין „נאָבעלע" פּערזאָן.) ניין! איך האָב צופיעל די וועלט, אום זיך צו אינטערעסירען, וואָס מען וועט זאָגען אויף מיר נאָך מיין טויט.

דער אמת איז, אז נים מיינע פּערזענליכע ליידען טרייבען מיך צו א פריייוויליגען טויט. איך בין פון קינדהייט אָן געוואוינט צו ליידען, צו פּלאָגען זיך, צו ראַנגלען זיך מיט דער נויטה. אבער אויך פון קינדהייט אָן האָט זיך אין מיר ענטוויקעלט די ליעבע צו מענשען און א פייערינגע ליידענשאַפט, צו בעטראַכטען זייער לעבען, צו פערשטעהן וואָס זיי דיינקען, צו וויסען וואָס זיי פיהלען. קיין זאַך אין דער וועלט האָט מיך אזוי נים אינטערעסירט, ווי דער מענש גופא. איך האָב קיינמאָל נים געדיינקט וועגען רייכטהום, וועגען א גרויסען נאָמען, וועגען א וויסענשאַפטליכען טיטול. איך האָב אבער אימער און אימער געטראַכט וועגען מענשען. איך האָב זיך איינגעקוקט אין זייערע געזיכטער, אין זייערע אויגען, אין די פענס־טער פון זייערע וואוינונגען און האָב זיך בעמיהט צו שטודירען, ווי אזוי זיי לעבען, צו וואָס זיי שטרעבען, ווער עס העלפט זיי אין זייע־רע שטרעבונגען און ווער עס שטערט זיי צו ערגרייכען זייער ציעל. א טאָג נים זעהן קיין מענשען איז פאַר מיר געווען אונערטרעגליך, נוט האָב איך זיך געפיהלט נור צווישען א גרויסער מחנה מענשען. יעדער מענשליכע געזיכט איז געווען פאַר מיר אן אינטערעסאַנטעס

בּיז; יעדע נייע פּאָר אויגען—הייליגע פענסטער פון א מענשליכער נשמה, אין וועלכע איך האָב אריינגעקוקט מיט ברענענדער ליידענ־שאַפט, פונקט ווי מען קוקט זיך איין אין אן אינטערעסאַנטע פּאַ־נראַמאַ.

מיין בעאָבאַכטונגס־קראַפט האָט שנעל געוואַקסען.

איך פלעג בעמערקען טרערען דאָרט וואו אנדערע האָבען בע־מערקט נור א זיסען שמייכעל; איך האָב געהערט זיפצען און קרעכצען, וואו אנדערע האָבען געהערט א זאָרגלאָזען געלעכטער, מיין אויג האָט זיך צוגעוואוינט דורכצודרינגען דעם פּאָרהאַנג, אונטער וועלכען עס האָבען זיך אָפּגעשפּיעלט די טרויעריגסטע לעבענס־דראַמען.

מיינע קאַמעראַדען זיינען געווען פערנומען מיט זייער שטודיום, מיט זייער קאַריערע, מיט פּריוואַט־געשעפטען, מיט פרויען־ליעבע, מיט געלד־זאַרגען; איך האָב מיט גרויסער אָנשטריינגונג זיך אויס־געלערנט א מלאכה, דורך וועלכען איך האָב געקענט פערדיענען מיין ברויט און האָב מעהר ניט געטראַכט וועגען זיך. איך האָב ניט געקענט רוהיג לעזען א בוך, אדער אָבגעבען זיך מיט א שטודיום. פּאָר מיינע אויגען האָבען אימער געשוועבט די אונגליקליכע, דער־שלאַגענע, פערוואָגעלטע מענשליכע וועזענס, וועלכע איך האָב גוט געקענט. איך האָב אויסגעלערנט די אָרימקייט, איך האָב געוואוסט, ווי די זון ברענט זיי זומער־צייט; איך האָב געוואוסט, ווי זיי הונ־גערען, ווי זיי קריינקען, ווי זיי שטאַרבען פון נויטה און בעשטענ־דיגען פּלאָגען זיך. די האַרצרייסענדע בילדער פון הימעל־שרייענ־דער אָרימקייט האָבען מיך פערפאָלגט, ווי שרעקליכע שדים, ווי פערבלוטיגטע גייסטער.

איך בין געוואָרען אונגעדולדיג. א פּלאַקערנדער האַס צו די רייכע, צו די זאַטע, צו די ליכטזיניגע האָט אַרומגעכאַפּט מיין גאַנצע וועזען; איך האָב געקריצט מיט די צייהן און האָב זיך גע־ריסען די האָר, זעהענדיג די שרעקליכע ליידען פון די אָרעמע און פיהלענדיג, ווי אונמעכטיג, ווי עלענד איך בין.

איך האָב גערופען צו מלחמה, צו נקמה! מיין האַנד האָט זיך געצוינגען צום שווערד, מיין האַרץ האָט געדורשט נאָך בלוט. יאָ! נאָכ'ן בלוט פון יענע, וועלכע האָבען אריינגעבראַכט אין דער וועלט ניפּט, שרעקליכע און אונערטרעגליכע אונגליקען! פערוואַנדלען זייערע פּאַלאַסטען אין אש, זייערע קרוינען צוטרעטען מיט די פיס, אויף זייערע קרעכצען אונטער מיין שווערד, ענטפערן מיט א טייַ־פעלשען געלעכטער — דאָס איז געוואָרען דער ליידענשאַפטליכער בעגעהר פון מיין צובראָכענער, ליידענדער נשמה.

האָ! וואָס? איהר קוקט מיך אָן, ווי א ווילדען: „וואָס פאַר בלוט־דורשטיגע משוגע'נע געדאַנקען דער מענש האָט געהאַט!“ וועט איהר זאָגען.

איך קען אייך, איהר אָנשטענדיגע צבוע'קעס! איהר פריעדליכע פייגעלינגע! זאָגט מיר, ווייסט איהר די מענשליכע אָרימקייט? קענט איהר זי? האָט איהר זי געפיהלט, ווי איך? האָט איהר גע־צעהלט די טרערען פון די אונגליקליכע? האָט איהר געזעהן דאָס בלוט פון זייערע וואונדען? שטעלט אייך פאָר, אז אייער איינציגע שוועסטער פערקויפט זיך אויף דער גאַס! שטעלט אייך פאָר, אז אייער איינציגע אַלטינקע מאַמע וואַשט גרעט פאַר א יונגער רייכער, פעטער דאַמע! אז אייער אַלטער פאָטער פוצט די שיך פון א רייכען סוחר! שטעלט אייך פאָר א פאָטער, וועלכער זוכט מיטלען,

ווי אזוי צו דערשטיקען זיין אייגען קינד, וואָס ליגט נאָך אונטער'ן הארצען פון דער אָרעמער מוטער, ווייל ער האָט ניט פאר איהם קיין ברויט און קיין ווינקעל אויף דער גרויסער וועלט! שטעלט אייך פאָר אויף א ווײלע, דאָס אייער איינציג קליין קינד שטארבט אין א פערשטיקטען מענעמענט־הויז, ווייל עס האָט ניט געהאט גענוג לופט, גענוג פרישע נאהרונג! אָט צאַפּעלט עס זיך פאר אייערע אויגען אין די לעצטע מינוטען פון זיין לעבען; זיינע אונשולדיגע אויגעלאך קוקען נאָך אויף אייך, אזוי ווי זיי וואָלטען געפרעגט: „פארוואָס, פאָטער, פארוואָס?" קענט איהר אייך דאָס אלעס פאָר־שטעלען? קענט איהר מיר זאָגען, אז אויב מיין הארץ איז ניט פון שטיין, האָב איך געקענט אין מיר דערשטיקען דעם דורשט נאָך בלוטיגער נקמה, וועלכע קלינגט אזוי ווילד אין אייערע אויערען?

יאָ, איך האָב געדורשט נאָך'ן בלוט פון די, וועלכע זיינען פער־אנטוואָרטליך פאר אָט די אלע שרעקליכע פערברעכען געגען דער מענשהייט!

אבער ווארום האָב איך דאָס ניט געטהאָן? ווארום האָב איך ניט דורכגעבויערט מיט מיין שווערד די שלאַנגען־הערצער פון די צבועקעס, פון יענע, וועלכע איך האָב אָנערקענט פאר שולדיג?

איך האָב דאָס ניט געטהאָן, ווייל איך בין א שוועכלינג, א טרוס, ווי איהר אלע. דער אונטערשיעד איז נאָר, דאָס מיך פּלאָגט, טיראַניזירט דאָס געפיהל פון מיין שוואַכקייט, פון מיין מאכטלאָ־זיגקייט; דאָס דיזעם ביטערע געפיהל ברענט אין מיין ברוסט, ווי א העליש פייער און טרייבט מיך אין קאַלטען קבר; איהר אָבער, איהר זייט צופרידענע טרוסען. איהר וועט נאָך לאנג פערבלייבען אויף דער וועלט־ביהנע צו שפּיעלען די קלעגליכע ראָלע פון קאַלטע

פילאָזאָפען, פֿון פֿריעדליכע היפּאָקריטען און אָבגעשמאַקטע ליבע־ראַלען. אויך איהר זייט זעלבסטמערדער! דער אונטערשיעד איז נאָר, דאָס איך וועל בעגעהן זעלבסטמאָרד אין איין רגע און אייער זעלבסטמאָרד וועט דויערען יאָהרען־לאַנג. איהר וועט ביסלעכווייז אויסמאָרדען אין זיך אַלעס מענשליכע, עדעלע, גייסטיגע. וואָכע־דיגע גראָשען־זאָרגען וועלען אייך אין גאַנצען אריינכאַפּען אין די שמוציגע לאַפּעס. איהר וועט שטאַרבען „אינטש ביי אינטש“.

זאָל איך עס בעדויערען? ניין! מיר זיינען צו אַלט פאַר דעם נייעם קאַמף. נייע, פרישע, לעבעדיגע קעמפער שטעלען זיך שוין איצט אין די רייהען פון דעם אָרעמען פאָלק. אויך איך האָב אמאָל געטרוימט צו זיין איינער פון זיי, צו טראָגען שטאָלץ אויף מיין קאָפּ דעם בלומענקראַנץ פון א מעכטיגען קעמפער; עס איז אבער אויסגעקומען אנדערש. איך האָב געלעבט צו האסטיג, צו שנעל. מיין גייסטיגער מאָגען האָט זיך ענטוויקעלט שנעלער, ווי איך האָב געקענט קריגען פאַר איהם נאַהרונג; איך בין געשטאָרבען פון גייס־טיגען הונגער. מיינע אויגען האָבען געהונגערט, ניט זעהענדיג קיין מענשליכעס גליק; מיין הארץ האָט געהונגערט, ווייל עס האָט ניט געפונען קיין מענשליכע ליעבע; מיין גאַנצעס וועזען האָט זיך גע־ריסען צום לעבען, צו טהעטיגקייט, צו ליכט און ארום מיר איז אַלעס געווען — קאַלט, שלעפּעריג, פינסטער, דורכגעווייקט מיט טרערען... טויט! געניג! די לעצטע שטונדע האָט געשלאָגען!

וואָס זאָל זיין מיין לעצטעס וואָרט?

זאָל עס זיין א פלוך, א דרייפאכער פלוך דער קאַלטער, היפּאָ־קריטישער וועלט, וועלכע האָט אוועקגערויבט פון מיר מיינע גאָל־דענע טרוימען, מיינע היילינע האָפנונגען, מיין רעכט צו לעבען, צו

ליעבען און צו געניסען? זאל מיין לעצטעס ווארט זיין א קלאגע געגען דער וואהנזיניגער, ברוטאלער געזעלשאפט, וועלכע טראמפעלט מיט די פיס אויף אלעס, וואס איז מענשליך, נאבעל און הערליך? ניין! מיין לעצטעס ווארט וועט ניט זיין קיין קלאגע, ווייל פלוכען און קלאגען געהערט צו דער פערשקלאפטער געגענווארט; איך אבער בין תמיד געווען מיט מיין הארץ, מיט מיין יעדען געדאנק א קינד פון דער צוקונפט, פון דער פרייער גאלדענער צוקונפט.

ניין! מיין לעצטעס ווארט צו דער היפאקריטישער וועלט וועט זיין — א נבואה.

איך שטארב, אבער דער פרייהייטס־גייסט, דער גייסט, וועלכער איז געווען מיין גאנצע פרייד, מיין איינציגע טרייסט, בלייבט לע־בען! איהם קענט איהר ניט טרייבען צו זעלבסטמארד. איהם קענט איהר אויך ניט מארדען; ער וועט לעבען און וועט אייך בעקעמפען. ער וועט צוברעכען זיין פלאמענדע שווערד אן די טראהנען פון הער־שאפט און וועט זיי פערניכטען. ער וועט צושמעטערען די קייטען, וועלכע האלטען צוגעשמידט מיליאנען מענשען צו ארימקייט און אונטערטעניגליכע ליידען. דער שטורמס איז נאהענט! אבער נאך דעם שטורם וועט קומען א פרייער, שטילער פריעדליכער זונען־טאג. די פריהלינגס־בלומען וועלען בילדען א פראכטפאלען קראנץ פאר דער בעפרייטער מענשהייט. דיזער הייליגער בלומענקראנץ וועט אויך פאלען אויף דעם עלענדען קבר פון דעם זעלבסטמערדער, ווייל אויך ער איז געשטארבען ליעבענדיג פרייהייט און זונענשיין.

דער זייגער שלאגט דריי. די זילבערנע שטראהלען פון דער בלאסער לבנה שפיעלען אויף דאס שטאלענע הענטעל פון מיין רע־וואלווער. ציטער ניט, מיין האנד! פון לעבען צום טויט איז בלויז איין רגע רייזע!

# הונדערט יאָהר שפּעטער.

(א בליק אין די צוקונפט.)

א פראכטפאלער זומער־טאג. די זון שיינט און לייכט פון בלויען הימעל־געוועלב.

פאר אונז שטעהען קינסטלעריש־געבויטע הייזער, ניט הויך, מיט גרויסע פענסטער, וועלכע קוקען ארויס אין קליינע בלומען־גארטענס; די גאסען זיינען געפלאסטערט מיט ווייסען גראניט. דא און דארט זעהט מען זילבערנע פאנטאנען שפריצען צום הימעל זייערע דינע פעדל־שטראמען. פון ביידע זייטען טראטואר שטעהען הויכע גרינע בוימער, אלע טהירען און פענסטער זיינען אפען. מוזיק, לידער, פוינעל־געזאנג הערט זיך פון אלע זייטען. דער מענש און די נאטור טריאומפירען אין לעבענס־קראפט און לעבענס־לוסט.

אין איינעם פון די בלומען־גארטענס זיצען צוויי יונגע לייט. ביידע זעהען אויס שעהן, געזונד, פיזיש און גייסטיג ענטוויקעלט. איינער פון זיי האלט א בוך אין דער האנד, דער צווייטער זיצט און בעטראכט די שעהנע לאנדשאפט, וועלכע ליגט פאר זיינע אויגען.

דעם, וואס מיט'ן בוך, וועלען מיר רופען ג ע א ר ג, דעם צווייטען — ר א פ א ע ל.

— האסט דו שוין געלעזען דיזעם בוך? — פרעגט געארג.

— ניין, איך האב געהערט פון איהם, אבער נאך ניט געלעזען, — ענטפערט ראפאעל.

— איך האב איהם נאר וואס דורכגעלעזען, — זאגט געארג.

— דאָס בוך הייסט „בילדער און פאַקטען פון 19טען יאָהרהונדערט". איך מוז דיר מודה זיין, אז איך הויב ניט אָן צו גלויבען אין דיזע פאַקטען. נאָך מיין מיינונג, איז דאָס א פאַבעל, וועלכע האָט פאַר אונז קיין שום זין ניט, אָדער א טרוים פון א קראַנקער פאַנטאַזיע.

— לעז מיר פאַר עטוואָס פון דיזע פאַקטען, — האָט זיך ראַפאַעל געווענדעט צו זיין קאַמעראַד.

— גוט, הער זיך איין.

געאָרג האָט אָנגעפאַנגען צו לעזען:

„נאָך אין סוף פון 19טען יאָהרהונדערט איז די מענשהייט געווען געטהיילט אין 3 קלאַסען: רויבער, פּפאַפען און קנעכט. די רויבער האָבען געטראָגען פערשידענע נעמען, ווי קעניג, מייסטער, אָדער פּרעזידענט. דעם שקלאַף פלעגט מען אויך רופען: לוין־ארבייטער. ווען ער האָט רעבעלירט געגען די רויבער, האָט ער געהייסען סאָציאַליסט אדער אָנאַרכיסט.

„מיליאָנען קנעכט האָבען געארבייט פאַר עטליכע הונדערט רויבער. די רויבער צוזאַמען מיט די פּפאַפען פלעגען פערבלענדען דעם שקלאַף די אויגען. זיי פלעגען איהם זאָגען, אז גאָט האָט אזוי געהייסען, זיי פלעגען איהם נאָר געבען אזוי פיעל נאַהרונג, וויפיעל עס איז געווען נויטווענדיג, ער זאָל ווייטער קענען ארבייטען פאַר זיינע מייסטער אָדער רויבער.

„די רויבער האָבען געלעבט אין רייכע פּאַלאַצען; די קנעכט האָבען געשמאַכטעט אין פינסטערע, ענגע גריבער. די רויבער פלעגען מאַכען בעלער, וועלכע פלעגען קאָסטען טויזענדער און צעהנדער־ליגע טויזענדער דאָלארס; דער שקלאַף פלעגט זיך זאַט ניט אָנעסען מיט ברויט, און ווען ער פלעגט שטאַרבען אונטער דעם ביטערען

שקלאפען־יאָך, איז ניט געווען מיט וואָס איהם צו בעגראָבען. דעם רויבער'ס פרוי איז געגאַנגען געקליידעט אין זייד, אין גאָלד, אין דיאַמאַנטען; די פרוי פון'ם שקלאַף איז געגאַנגען אין טראַנטעס. די זיהן פון'ם רויבער פלעגען זיך בילדען און זיצען אין די באַנקען און פאַרלאַמענטען; די זיהן פון'ם שקלאַף — וואַקסען אין אונוויסענהייט, זיין שקלאַפען אָרער פערברעכער.

„די טעכטער פון די רויבער האָבען געלעבט אין לוקסוס און איבערפלוס, זיי פלעגען הייראַטהען רייכע פרינצען און רייכע לייריג־געהער; די טעכטער פון די שקלאַפען האָבען געלעבט אין נויטה, האָבען געליטען הונגער און קעלט. זיי זיינען געווען שקלאַפען און שקלאַפינען און האָבען געהייראַטהעט שקלאַפען. דער הונגער פלעגט זיי צווינגען צו פערקויפען זייערע לייבער צו די, וואָס האָבען זיי פערשקלאַפט און ערנידעריגט.

„עס האָט עקזיסטירט א גוט־אָרגאַניזירטע רויבער־באַנדע, וועל־כע האָט געזאָרגט, אז דער שקלאַף זאָל ניט קענען צוברעכען זיינע קייטען און פערניכטען זיינע פיינינגער. דיזע רויבער־באַנדע האָט געהייסען „שטאַאט". דיזער שטאַאט האָט געהאַט „געזעצען" און מיליטער מיט מארד־אינסטרומענטען. די געזעצען זיינען געווען פערפאַסט פון דערזעלבער רויבער־באַנדע, וואָס האָט געלעבט פון דעם שוויים און בלוט פון טויזענדע שקלאַפען. דאָס געזעץ האָט געלויטעט: „אלעס, וואָס מיר רויבען אוועק פון אייך, איז אונזער הייליגעס אייגענטהום. ווען איהר וועט ניט אַכטען אונזער געזעץ, וועלען מיר אייך צווינגען דערצו דורך קערקער, פולווער און בליי. וויפיעל ברויט מיר גיבען אייך, דאַרף זיין פאַר אייך גענוג. אין וואָס פאַר שמוציגע, פערפעסטעטע גריבער איהר זאָלט ניט וואוינען,

דארפט איהר זיין צופרידען. איהר, אייערע פרויען און קינדער זיינען אונזערע שקלאפען. איהר זיים אונצופרידען? עס וועט אייך ניט העלפען; מיר האבען די מאכט! מיר האבען מיליטער! מיר האבען העק, שטריק, ביקסען, קאנאנען, הענקער, בלוט־הינט און פפאפען, וועלכע וועלען מיט זייערע שווארצע קאפאטעס פערדעקען פון אייך די זון, איהר זאלט ניט זעהן אייערע קייטען, אייערע וואונדען, די טרערען און שאנד פון אייערע פרויען און קינדער. מיר וועלען אייך שלעפען אין די קערקערס. מיר וועלען אייך פייניגען. מיר וועלען אייך ווערגען און דערשיסען ווי די הינד. וואס קענט איהר אונז טהאן? מיר האבען די מאכט, איהר האט נאר טרערען. אייערע פראפעטען שרייען, אז דער טאג פון אויפשטאנד, דער טאג פון אברעכנונג איז נאהענט; מיר קרייציגען אייערע פראפעטען און ביז דער טאג וועט קומען, וועלען מיר אין דער פינסטערניש זיך באדען אין אייערע טרערען און בלוט".

דא האט זיך געארג אבגעשטעלט און האט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו זיין פריינד.

ראפאעל האט זיך פערטראכט און האט געשוויגען.

— שרעקליך! שרעקליך! — האט ער געמורמעלט. — איז עס מעגליך, דאס דיזעלבע מענשען, וואס מיר זעהען איצט, האבען ניט מעהר ווי הונדערט יאהר צוריק אזוי בארבאריש געשטיקט און גע־דריקט זייערע מיטמענשען?

— איך האב דאך דיר פריהער געזאגט, — האט זיך אבגערופען געארג, — אז איך בעטראכט דאס ניט אלס היסטארישע פאקטען, נאר אלס פאבעל. גלויבען, אז מענשען זיינען געווען אזוי אונ־

מענשליך, איז פאר מיר אונמעגליך. דאך ווארט, איך וועל דיר פארלעזען נאך א פאר אינטערעסאנטע שטעלען.

„אין דערזעלבער צייט האט זיך די מענשהייט געטהיילט אויף פערשידענע נאציאָנען, די ערד־קוגעל אויף פארשידענע לענדער. יעדע גרויסע נאציאָן האט געהאט איהר אייגען לאנד, וואָס איז געווען אָבגעטיילט פון דעם צווייטען מיט א וואנד. איין שריט פון דער וואנד, האט שוין געהייסען „פרעמדעס לאנד".

יעדע נאציאָן האט געשטרעבט צו פערגרעסערען איהר לאנד. זי פלעגט בעוואפענען איהרע יונגע לייט מיט מאָרד־אינסטרומענטען און שיקען זיי אָנפאלען אויפ'ן שכן און אוועקנעהמען פון איהם שטעדט, אדער זיין גאנצעס לאנד.

„איבער א שטיקעל ערד פלעגען זיך גיסען טייכען בלוט. פעלדער און קארן פלעגען בעדעקט ווערען מיט טויטע קערפער. הונגער און פעסט פלעגען פערניכטען און פערגיפטען טויזענדער מענשען.

„נ א צ י אָ נ א ל ־ ה א ס האט געהייסען דער האס צו די מיטמענשען, וועלכע שטאמען ניט פון דעם זעלבען שטיקעל לאנד, אדער ריידען ניט דיזעלבע שפראך.

„די אידען, אלס די פעהינסטע דורכלייגער פון א בעקוועמען לעבענס־וועג, אלס א פאָלק אָהן מיליטער, אָהן אן אייגען לאנד, האבען געליטען שרעקליך פון די בארבארישע נאציאָנען. מען פלעגט זיי בעהאנדלען ערגער ווי די הינט; מען פלעגט זיי שמידען אין קייטען, זייער פערמעגען בערויבען, זייערע טעכטער פערגוואלטיגען, זייערע טעמפלען פערברענען — זיי זיינען געווען פערפאָלגט און געפייניגט פון אלע זייטען.

זאָנדערבאר איז דער פאקט, דאָס די, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער שפיצע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג, — די וויסענ־שאפטס־מענער פון דער וועלט — האבען צוגעקוקט גלייכגילטיג דיזע בלוטיגע דראמען, גאנץ רוהיג צוגעזעהן, ווי די וועלט פער־וואנדעלט זיך אלץ מעהר און מעהר אין א דול־הויז, אין א נעסט פון פראָסטיטוציאָן און פערברעכען.

„ווער עס האָטווירקליך רעבעלירט געגען דיזען מערדערישען צושטאַנד, דאָס איז געווען דאָס אָרעמע, פֿון ליכט בערויבטע פֿאָלק, געדריקט פֿון רויבערס, פֿערבלענדעט פֿון פּפּאַפּענטהום, האָבען זיי דאָך בעמערקט די שטראַהלען פֿון דער שיינענדער זונן און האָבען זי בעגריסט מיט דעם דונערענדען רוף: „עס לעבע דאָס ליכט! עס לעבע די זונן! נידער מיט פֿינסטערניש!"

———

געאָרג האָט זיך אָבגעשטעלט.

— נו, וואָס זאָגסט דו עפּעס?

— זעהר ווידערשפּרעכענד, — האָט געזאָגט ראַפֿאַעל. — די מענער פֿון דער וויסענשאַפֿט און פֿון דער קולטור זאָלען מיט־שטימען מיט די רויבער און די אָרעמע אונוויסענדע זאָלען דער־בליקען אַ פֿרייע מענשליכע צוקונפֿט און שטרעבען זי צו פֿערווירק־ליכען? עס קלינגט ווירקליך עפּעס, ווי אַ בבא מעשה, ווי אַ פֿאַבעל.

— וואַרט, אָט איז נאָך דאָ אַ זעהר קוריאָזער, לעבערליכער פּונקט, — האָט אויסגערופֿען געאָרג מיט אַ שמייכעל אויף זיינע בלוט־רויטע ליפּען. — איך וועל דאָס דיר פֿאָרלעזען.

„עס האָבען אין דערזעלבער צייט עקזיסטירט צוויי פּאַרטייען, וועלכע האָבען פֿערשטאַנען קלאָהר די נידערטרעכטיגקייט פֿון שקלאַפֿעריי און האָבען געשטרעבט זיך צו בעפֿרייען פֿון דער רויבער־באַנדע. ביידע פּאַרטייען האָבען געמיינט ערנסט מיט דער זאַך; ביידע האָבען געהאַט אין זייער מיטע מענשען, וואָס האָבען פֿיעל אויפֿגעאָפּפֿערט פֿאַר דער זאַך פֿון פֿרייהייט. אָבער דער אונטערשיעד אין דעם אידעאַל פֿון דער צוקונפֿט האָט אַריינ־געטראָגען אַ ביטערען האַס צווישען די ביידע קעמפֿער פֿאַר דער מענשליכער בעפֿרייאונג. דער אונטערשיעד איז בעשטאַנען אין



דעם, דאָס איין פּאַרטיי האָט געזאָגט, אַז מיר מוזען אין גאַנצען פּטור ווערען פון קייטען און הערשער; די צווייטע האָט געזאָגט, אַז מיר דאַרפען די גרויסע קייטען פערבייטען אויף קייטעלאַך, די גרויסע בלוט-צאַפּערס אויף קליינע בלוט-צאַפּערלאַך, ביז מיר וועלען ענדליך אין גאַנצען ווערען פריי. איין פּאַרטיי האָט אין איהר קאַמפּף געגען טיראַנען אויך אויפגעהויבען דאָס שווערד געגען פּאַפּענטהום, וועלכער איז געשטאַנען אין וועג צו פרייהייט; די צווייטע האָט אָבגעלייקענט דיזען פאַקט, אָדער נים געקענט איהם בעגרייפען און איז געבליבען גלייכגילטיג צו דיזען פאַקט.

„די ערשטע האָט איינגעזעהן דעם שווינדעל פון דער בורזשואַזיע אין יעדער היגזיכט און האָט איהר גאָר נים געטרויט; די צווייטע האָט נאָך געגלויבט אין'ס שטאַאַט און געדיינקט דורך איהם דורכצופיהרען רעפאָרמען, וועלכע זאָלען פערבעסערען די לאַגע פון פאָלק.

„ביידע האָבען געהאַט איין ענד-ציעל: דאָס גליק און פריי־הייט פון דעם פאָלק. די ערשטע פּאַרטיי אָבער האָט איבערגעוואַקסען די צווייטע אין איהר אידעאַל. איינע האָט געפאָדערט די פולע אונבעשרענקטע פרייהייט, די צווייטע,—וועלכע עס איז פרייהייט.

„דער האַס צווישען ביידע פּאַרטייען איז געוועזן ביטער און לעכערליך. זיי האָבען פערלוימדעט איינע די אַנדערע, געהעצט דאָס פאָלק איינע אויף די אַנדערע. אָפּטמאָל, ווען די צייט האָט געפאָדערט, זיי זאָלען קעמפּפען מיט דעם ווירקליכען פיינד, וועלכער האָט געוואַרגען און געטראָטען דאָס מאַכטלאָזע פאָלק, האָבען זיך דיזע ביידע מענשען-פריינד שענדליך אַרומגעשלאָגען, געשפּיגען איינער דעם אַנדערען אין געזיכט און דעם איינענעם „איך" גע־שמעלט העכער פאַר דער פרייהייט און גליק פון טויזענדע שמאַכטענדע מענשען-קינדער. און דער גרוזאַמער פיינד פלעגט

מיט א פרעהליכען שמייכעל אָנקוקען דעם קינדערשען געפּעכט פון די קעמפפער פאַר פרייהייט און פלעגט זיך האַלטען פאַר די זייטען פון געלעכטער."
געאָרג האָט געענדיגט לעזען און האָט פערמאַכט דאָס בוך.
זיי האָבען ביידע א ווײלע געשוויגען.
— איך ווינש, אַז דאָס זאָל זיין נור א פאַבעל, — האָט ענדליך געזאָגט ראַפאַעל. — אויב דאָס איז ווירקליך א היסטאָרישער פאַקט, שעהם איך מיך צו קוקען אויף די גאָלדענע זונן.
— ווער וויים? — האָט פערטראַכטערהייט געענטפערט געאָרג. — פיליכט איז דאָס די אייזערנע מאַכט פון דער צייט, וועלכע פערוואַנדעלט פאַר אונז פאַקטען אין פאַבעלען, ווירקליכקייטען אין טרוימען. איך קען נור זאָגען, אַז מיר דאַרפען זיין מעהר אָדער ווייניגער צופרידען, וואָס מיר לעבען אין א צייט, אין וועלכער עס איז ניטאָ קיין אונטערדריקער און אונטערדריקטע. מיר אַלע זיינען ברידער און שוועסטער, אַלע פריי און גליקליך.
— פערהעלטניסמעסיג צו די פערגאַנגענע צייטען, פיליכט יאָ, — האָט זיך אָבגערופען ראַפאַעל. — איך מוז דיר אָבער זאָגען, אַז איך בין נאָך ווייט אין גאַנצען נים צופרידען און דיינק נים, אַז מענשען וועלען זיין ווען עס איז צופרידען...
— דו זאָגסט, מיר זיינען פריי... — האָט ער ווייטער געזאָגט. — אָבער דאָס איז נאָך נים אַלעס. איך בין אונצופרידען, דאָס די זונן געהט שוין אונטער; איך וואָלט געוואָלט, זי זאָל שיינען אָהן אַן ענדע איבער מיר. איך וואָלט געוואָלט, אַז די בלומען זאָלען אימער בליהען. נעכטען איז אונטערגעגאַנגען אין שטורם א שיף און מענשען זיינען דערטרונקען געוואָרען. דאָס מאַכט מיך אונצופרידען, איך וויל, דאָס אויך א נאַטירליכער שטורם זאָל קיין מענשען מעהר נים אומברייגנגען.



— דו האָסט רעכט, מיין פֿריינד! — האָט געזאָגט געאָרג.

— מיר האָבען אויך איצט אַ קאַמפּף, אָבער דיזער קאַמפּף איז נים מעהר געגען אונזערע מיטמענשען. עס איז דער קאַמפּף־פֿון דער מענשהייט געגען די אונבעקוועמליכקייטען פֿון דער נאַטור, וועלכע לאָזען איהר נים געניסען איהר פֿולען לעבען און פֿולען גליק.

# דער מאהלער.

אין אַ קליינעם צימער אויף'ן פינפטען שטאָק פון אַ טענער־מענט־הויז האָט געוואוינט אַ יונגער איטאַליענישער מאַהלער, לעאָנאַרדאָ פענאַראָ.

אַלס קינד איז ער געקומען מיט זיינעם אַן אָנקעל נאָך אַמעריקאַ. דער אָנקעל איז געווען אַ גוטער מאַהלער און לעאָנאַרדאָ האָט ביסלעכווייז זיך אויסגעלערענט פון איהם מאַהלעריי און האָט אַרויסגעוויזען גוטע פעהיגקייטען. לעאָנאַרדאָ איז געווען 18 יאָהר אַלט, ווען זיין אָנקעל איז געשטאָרבען און האָט איהם איבערגעלאָזען בירושה עטליכע פינזלען און עטליכע פלעשלעך מיט פערשידענע פאַרבען. לעאָנאַרדאָ איז געבליבען אויף דער וועלט עלענד, אַליין, אָהן אַ גראָשען געלד. ער האָט אָנגעפאַנגען טראַכטען, וואָס צו טהאָן. ווען דער אָנקעל האָט געלעבט, פלעגט ער איהם אימער פערזאָרגען מיט אַרבייט און לעאָנאַרדאָ האָט נור געוואוסט צו זיצען ביי זיין אַרבייט און פאַרטיג מאַכען פערשיעדענע בילדער און פאָרטרעטען. איצט אָבער האָט לעאָנאַרדאָ געדאַרפט אַליין געהן אין שטאָדט זוכען אַרבייט. ער האָט אָנגעפרעגט אין עטליכע פלעצער, אָבער מען האָט איהם ענטזאַגט. זיין נאָמען איז געווען אומבעקאַנט. יעדער איינער האָט מיט אַ שמייכעל אָנגעקוקט דעם יונגען קינסטלער און געפרעגט: פון וואַנען ער קומט? וואָס ער האָט געאַרבייט? און מען פלעגט איהם הייסען געהן ווייטער. לעאָנאַרדאָ'ס לאַגע איז מיט יעדען טאָג ערגער געוואָרען. זיינע לעצטע פענים האָט ער אויסגעגעבען אויף ברויט און אויף אַ

נייעם פינזעל, וועלכען ער האָט זעהר נויטיג בעדאַרפֿט צו זיין אַרבייט.

„וואָס זאָל איך טהאָן? וואָס זאָל איך טהאָן?" האָט ער זיך געפֿרעגט, זיצענדיג אין זיין קליינעם קעמערל, אַראָבגעלאָזען זיין שעהנעם שוואַרץ־לאָקיגען קאָפּ אויף זיין יונגער ברוסט. „איך בין שרעקליך הונגעריג. איך מוז ערגעץ קריגען עטליכע סענט אויף ברויט." ער האָט בעטראַכט אַ ווײַלע זיין קלענליכעס איינענטהום: בערשטלאַך, פֿלעשלאַך פֿאַרב, עטליכע סטענדערס, וואָס האַלטען דעם לייווענט ביים פֿאַרבען, אייניגע גיפּס־פֿיגורען. ער האָט גע־טהאָן אַ שוואַכען זיפֿץ.

„ניין! ניין! פֿאַר דעם אַלעם וועט קיינער קיין סענט נים געבען." אין פֿערצווייפֿלונג האָט ער אָנגעפֿאַנגען אַרומשפּאַנען אין זיין קליינער שטייג. פלוצלינג האָט ער זיך אָבגעשטעלט לעבען אַ קליינעם בילד, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל. דאָס איז געווען דער פּאָרטרעט פֿון זיין אָנקעל. לעאָנאַרדאָ האָט דיזען פּאָרטרעט געשיינקט דעם גוטען גרייז צו זיין געבורטס־טאָג.

„זאָל איך עס וואַגען?" האָט ער זיך שטילערהייט געפֿרעגט „זאָל איך דיזעס ערעלע, גוטע געזיכט טראָגען אויף'ן מאַרק, אום צו שטילען מיין הונגער?" טרערען האָבען געבליצט אין זיינע שוואַרצע אויגען. — „אָנקעל! אָנקעל! וואַרום האָסטו מיך פֿריהער נים בעקאַנט געמאַכט מיט די שטורמען פֿון לעבען, אום איך זאָל נים בלייבען אויף דער וועלט ווי אַ מאַכטלאָזעס קינד אויף אַ זינקענדען שיף!" עס זיינען פֿערביינגאַנגען עטליכע מינוטען. עטליכע מאָל איז ער צוגעגאַנגען צום פּאָרטרעט און איז ווידער אַוועק פֿון איהם. זיינע הענד האָבען געציטערט. דער הונגער האָט, ווי גיפֿט, געברענט זיין קערפּער. ענדליך האָט ער אַראָבגענומען

דאָס בילד, האָט עס צוגעדריקט צו זיין ברוסט און איז אַרויס־געלאָפֿען פֿון זיין צימער.

עס איז געווען אַ קאַלטער רעגנענדיגער טאָג. מיט זיין בילד אונטערן אָרעם האָט זיך לעאָנאַרדאָ טרויעריג געשלעפּט דורך די רוישענדע גאַסען פֿון נויאָרק. ער איז געגאַנגען פֿון איין מאַגאַזין צום צווייטען, אָבער קיינער האָט נים געוואָלט קויפֿען דאָס בילד.

— „מיר האָבען גענוג בילדער!" איז געווען דער ענטפֿער. אַנדערע האָבען זיך געמאַכט לוסטיג איבער איהם: „ווער איז דאָס? אַ באַנאַנען־הענדלער פֿון מאָט סטריט?" האָבען איהם געפֿרעגט די פֿרעכע הענדלער, צייגענדיג אויף זיין טהייערן אָנקעל.

טרערען האָבען זיך געגאָסען פֿון לעאָנאַרדאָ'ס אויגען. — „אונמענשען! ווילדע חיות!" האָט ער געמורמעלט און איז געלאָפֿען אַלץ ווייטער און ווייטער. עס איז שוין געוואָרען שפּעט אין דער נאַכט, ווען לעאָנאַרדאָ איז הונגעריג און דורכגענעצט פֿון רעגען, געקומען צוריק אין זיין וואוינונג. ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם אַלטען פּאָרטרעט אויף זיין טישעלע און האָט אָנגעצונדען זיין קליינעם אַרבייטער־לעמפּעל.

דער ערשטער שטראַהל פֿון ליכט האָט איהם געבראַכט אין ערשטוינען. איז דאָס ניט קיין טרוים? אויף זיין טישעל איז געלעגען אַ ברוים, אַ שטיק קעז, אַ גלאָז מילך און עטליכע פֿרישע פֿרוכ־טען. — ווי אַזוי קומט עס אַהער? האָט ער זיך געוואונדערט, אָנקוקענדיג מיט די הונגערינע אויגען די צויבער-שפּייז.

אָבער זעה, וואָס פֿאַר אַ נאַר איך בין? ווי קען איך, אַ הונגערינער מענש, זיך ערקלעהרען דיזען וואונדער? עס איז פֿילייכט בעסער, איך זאָל מאַקע עטוואָס געניסען און נאַכהער פֿילאָזאָפֿירען. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צום טיש און ווי אַ הונגערינער וואָלף פֿערצעהרט די שפּייז. פּלוצלינג האָט ער דערהערט דעם זיסען

קלאַנג פֿון אַן איטאַליענישער האַרפֿע. אַ ווייכע, צאַרטע, איטאַ־ליענישע מעלאָדיע האָט זיך שטיל געגאָסען נים ווייט פֿון זיין צימער. ער האָט זיך אויפֿגעהויבען פֿון זיין טיש און האָט זיך איינגעהערט. — אַ צויבער-נאַכט! האָט ער ביי זיך געטראַכט. דיזע שפּייז... און איצט דיזע הערליכע מוזיק! אַ זיסע פֿרויען־שטימע האָט געזונגען אין איטאַליעניש:

עס פֿינקלען די שטערען, עס רוישען די וועלען
פֿון דעם זילבערנעם וואַסער-פֿאַל;
עס לאַכען די רויזען, עס קלינגען די טרעלען
פֿון דער פֿערליעבטער נאַכטיגאַל.

זאָרג נים געליעבטער, וויש אָב דיינע טרערען,
רוה אויס דיין עלענדען קאָפּ אויף מיין ברוסט,
שלאָף רוהיג, שלאָף! איך וועל דיך נים שטערען,
איך האָב, ווי דו, פֿיעל ליידען געוואוסט.

לעאָנאַרדאָ איז געשטאַנען, ווי בעצויבערט.

„ווער זאָל עס זיין? אַן ענגעל? אָה, וואָס פֿאַר אַ שעהנע, זיסע שטימע!"

ענדליך איז די מעלאָדיע פֿערשטאָרבען אין דער לופֿט: עס האָבען דורכגעקלונגען נאָך עטליכע אַקאָרדען און לעאָנאַרדאָ האָט געהערט, ווי אַ פֿענסטער האָט זיך צוגעמאַכט, דאַן איז אַלעס ווידער שטיל געוואָרען.

אויסגעמאַטערט פֿון זאָרגען און איבעררעשענדע ערשיינונגען האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויף זיין בעטעל און האָט אָנגעפֿאַנגען צו דרעמלען. אָבער קוים האָט ער נור צוגעמאַכט זיינע אויגען, האָט אָנגעפֿאַנגען צו שוועבען פֿאַר איהם דאָס שמוציגע, רוישענדע נויאָרק, דורך וועלכען ער האָט געבלאָנדזשעט דעם גאַנצען טאָג, זוכענדיג עטליכע סענט אויף ברויט. ער האָט זיך ערמאנערט אַ

סצענע. ער איז דורכגעגאַנגען פֿערביי אַ רייכע קירכע. לעבען די מאַרמאָרנע טרעפּ איז געשטאַנען אַ בעטלער. זיין געזיכט איז געווען ווי אַ שטיק פֿערטריקענט לעדער, קאַלט און אָהן אַ ברעקעל לעבען. זיינע הענד זיינען געווען, ווי די הענד פֿון אַ סקעלעט, מען האָט געקענט איבערצעהלען יעדעס ביינדעל. אויף זיין שמוציגען האַלז האָבען זיך געזעהן שוואַרצע וואונדען. זיינע שמאַטעס זיינען געווען דורכגענעצט פֿון רעגען, זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט. פֿון קירכע איז אַרויס אַ רייך-געקליידעטער מאַן מיט שוואַרץ גרויע לאַנגע האָר אין אַ זיידענעם צילינדער. דער בעטלער האָט אויסגעשטרעקט זיין ציטערנדע סקעלעטען-האַנד. דער פֿיינער דזשענטעלמאַן האָט זיך אָבגעשטעלט. האָט לאַנגזאַם אַריינגעלייגט זיין האַנד אין טאַש און אַרויסגעשלעפּט אַ דיקען טייסטער. ער האָט פֿאָרזיכטיג אַרויסגעשלעפּט אַ פּאַק מיט פּאַפּירענע געלד, האָט זיי איבערגעצעהלט, צוזאַמענגעלייגט און האָט זיי צוריק אַריינגעלייגט אין קעשענע. נאָכהער האָט ער אַריינגעלייגט זיינע הענד אין זיין וועסט-קעשענע, האָט אַרויסגעשלעפּט עטליכע גאָלדענע מטבעות, נומ זיך צוגעקוקט צו זיי און ווידער לאַנגזאַם צוריק אַריינגעלייגט אין זיין וועסט. ער האָט אָבגעצויגען זיין זיידענעם האַלזטוך, אַ קוק געגעבען אויף זיין גאָלדענעם זייגער און אויסגערופען נער[?]: „איך האָב ניט קיין קליין-געלד!" האָט ער זיך אָבגעקעהרט פֿון איהם. דער בעטלער איז געבליבען שטעהן מיט זיין אויסגעשטרעקטער האַנד, ווי בעטויבט. דער רייכער דזשענטעלמאַן איז שוין לאַנג פֿערשוואונדען. דער רעגען האָט געגאָסען און געשמיסען אין געזיכט. דער בעטלער איז נאָך אַלץ געשטאַנען, זיין סקעלעטען-האַנד אויסגעצויגען. זיינע בלוטלאָזע ליפּען האָבען געפּליסטערט אַ ביטערען פֿלוך און זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פֿון ווינד און רעגען.

פֿאַר די אויגען פֿון לעאָנאַרדאָ איז איצט געשטאַנען דאָס שרעקליכע געשטאַלט פֿון דעם בעטלער. „איך בין די נויטה! די ביטערע, שרעקליכע נויטה!" האָט ער גערעדט צו לעאָנאַרדאָ'ן מיט אַ ציטערנדער, הייזעריגער שטימע. „איך בין דאָס שרעקענס־בילד פֿון 19-טען יאָהרהונדערט. אין מיר זיינען פֿערקערפּערט די פֿערברעכען, ליידען, די ברענענדיגע שמערצען פֿון טויזענדער בערויבטע, ערנידעריגטע, צוטראָטענע מענשען-לעבענס. קוק זיך גוט צו צו מיר. איך בין שמוציג, העסליך, בעדעקט מיט שמאַטעס. איך לעב ווי אַ הונד, איך לעק די שפּייועל פֿון יעדען איינעם, וואָס וואַרפֿט מיר צו אַ שטיקעל ברויט, אָן אָבגעגריזעט ביינדעל. איך בין פֿערקריפּעלט, פֿערפּעסטעט; איך בין אַ בעטלער, אַן אויסוואורף. אָבער ווער האָט גערויבט מיין מענשען-ווערדע? ס'איז ניטאָ קיין פֿערברעכער, וועלכער איז אַמאָל ניט געווען אַן אונ־שולדיג קינד. האָסטו געזעהן דעם רייכען קירכען־מאַן, פֿאַר וועלכען איך בין געשטאַנען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנד? ווי ער האָט זיך דאָס גלייכגילטיג אָבגעקעהרט פֿון מיר, נאָכדעם ווי ער האָט פֿאָרזיכטיג איבערגעצעהלט זיין געלד! ער איז אַוועק טרינקען וויין און האָט אָהן אַ שווידער איבערגעלאָזט זיינע מיט־מענשען שמאַכטען אין הונגער און קעלט. דאָס איז דער פֿאָר־שטעהער פֿון יענע טענשען-מערדער, וועלכע פּראָדוצירען אַזעלכע פֿערקריפּעלטע בעטלער, ווי איך. לעאָנאַרדאָ, דו מוזט מיין גע־שטאַלט צונאָגלען צו דיין מאָהלער-לייוונט. מיט דיין האַרצען־בלוט מוזטו מאָהלען מיין בילד פֿון מענשליכער אָרימקייט און ערנידערונג. ווען דו וועסט איבערטראָגען מיין געשטאַלט אויף דיין לייוונט; ווען פֿון אונטער דיין צויבער-פּינזעל וועט ענטשטעהן דאָס פֿערצווייפֿעלטע, הימעל-שרייענדע געשפּענסט פֿון דער בע־רויבטער, פֿערגוואַלטיגטער מענשהייט — דאַן קלאַפּ אָן אין די

פֿאַלאַסטען פֿון די רייכע און זאַטע, שטעל אַוועק פֿאַר זיי מיין בילד! צייג זיי די וועלט פֿון די בלוטענדע און ליידענדע! פֿאַר־הילך זייער לוסטיגע מוזיק מיט די פֿערצווייפֿעלטע געשרייען, מיט דעם בימערן פֿלוך פֿון מיין צובראָכענעם האַרצען! פֿערגיפֿט זייער ווין מיט'ן בלוט פֿון מיינע וואונדען! זייערע בלומען-קראַנצען דעק צו מיט מיינע שמוציגע בעטלער־שמאַטעס! פֿערפֿאָלג זיי מיט'ן שרעקען-בילד פֿון זייערע געפֿאַלענע אָפּפֿער!"

לעאָנאַרדאָ איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון זיין געלעגער. זיינע שוואַרצע אויגען האָבען געבליצט מיט אַ וואונדערבאַרען פֿייער. די שוואַרצע לאָקען זיינען געווען צוואוואָרפֿען אויף זיין בלאַסען שטערען, זיין יונגע ברוסט האָט זיך הויך געהויבען, ווי דער ים אין שטורם.

— פינזעל! פֿאַרב! — האָט ער געמורמעלט, ווי אין אַ פֿיבער. מיט ציטערנדע הענד האָט ער זיך גענומען פֿאַר זיין פינזעל, און איז געפֿאַלען אויף די קניע פֿאַר דאָס אָנגעצויגענע לייוואַנט.

— ענדליך האָב איך דיך געפֿונען, מיין אידעאַל, מיין לעבען! איצט וועסטו נים אַוועק פֿון מיר.

„יאָ, דאָס בילד פֿון מענשליכע ליידען מוז זיין דאָס ווערק פֿון מיין לעבען. איהם אַליין וועל איך אָבגעבען מיין בלוט, מיין האַרץ, מיין שטאָלצע יוגענד!"

אין קליינעם צימער האָט געהערשט אַ פֿאָלקאָמענע שטילקייט דאָס קליינע לעמפּעל האָט בעלייכטעט דעם יונגען מאָהלער. וועלכער איז געשטאַנען שעהן, בעגייסטערט, פֿול מיט לעבען און פֿייער פֿאַר זיין הייליגער אַרביים. פלוצלינג האָבען זיך אין צימער ווידער אַריינגעגאָסען די זאַנפֿטע מעלאָדיען פֿון דער איטאַליענישער האַרפֿע. עס האָט שטיל אין דער נאַכט געקלונגען אַ זיסע פֿרויען-שטימע:

עס פֿינקלען די שטערען, עס ראַוישען די וועלען
פֿון דעם ווילבערנעם וואַסערפֿאַל;
עס לאַבען די בלומען, עס קלינגען די טרעלען
פֿון דער פֿערליעבטער נאַכטיגאַל.

אבער לעאָנאַרדאָ האָט נור ווי אין אַ טרוים געהערט דאָס געזאַנג. ער איז אין גאַנצען געווען אָבגעגעבען זיין אַרבייט. דער סקעלעטען-בעטלער איז געשטאַנען פֿאַר איהם מיט זיין אויסגע-שטרעקטער האַנד.

עס איז שוין געווען פֿינף אוהר פֿאַרטאָג, ווען לעאָנאַרדאָ האָט זיך אָבגעריסען פֿון זיין בילד און האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף זיין בעטעל. אין אַ שטונדע אַרום האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַ ווייטאָג אין קאָפּ. זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט אין פֿיבער. ער האָט געפּרואווט זיך אויפֿהויבען, אָבער ער איז אונמעכטיג געפֿאַלען צוריק. דער הונגער, די קעלט, דער רעגען, די שלאָפֿלאָזע נאַכט האָבען צובראָכען זיין געזונד. קראַנק, עלענד איז ער געלעגען אַליין אין זיין פֿינסטערען פֿערשטיקטען צימער.

— אָה, ווען איך זאָל נור האָבען גענוג קראַפֿט צו ענדיי-גען דאָס בילד, דאַן וואָלט איך רוהיג געשטאָרבען! — האָט לעאָנאַרדאָ געטראַכט דריקענדיג זיין האַנד צו זיין ברענענדען שטערען.

די שטונדען האָבען זיך לאַנגזאַם געצויגען. לעאָנאַרדאָ האָט געפֿיהלט, ווי ער ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער.

— וואַסער! וואַסער! — האָט ער געמורמעלט פֿיהלענדיג, ווי זיין ברוסט ווערט פֿערברענט פֿון אַ שרעקליכער היץ, אָבער קיינער איז ניט געקומען שטילען זיין טורא'דיגען דורשט. דער טאָג איז פֿערשוואונדען און די נאַכט האָט געבראַכט דעם אונ-גליקליכען נאָך שווערערע ליידען. ער האָט זיך אונרוהיג אַרומ-

געוואָרפֿען אויף זיין געלעגער. די בלאַסע לבנה האָט קאַלט אַריינ־
געקוקט אין דעם קראַנקען׳ס צימער.

פלוצלינג האָט זיך דעם קראַנקען אויסגעוויזן, אַז פֿאַר איהם
שטעהט מיט אַן אויסגעשטרעקטער סקעלעטען־האַנד זיין בעקאַנטער
בעטלער.

— שטעה אויף און ענדיג דיין ווערק! — האָט ער שטיל
געשעפּטשעט. לעאָנאַרדאָ האָט אויפֿגעציטערט מיט זיין גאַנצען
קערפּער און האָט זיך מיט גרויס מיה אַוועקגעזעצט אויף זיין
בעטעל.

די בעטלער־געשטאַלט איז פֿערשוואונדען, אָבער זיין אויפֿפֿאָ־
דערונג האָט נאָך געקלונגען אין לעאָנאַרדאָ׳ס אויערען. ער האָט
אָנגעשטרענגט זיינע לעצטע קרעפֿטען און איז צוגעקראָכען צו זיין
בילד. די לבנה האָט אויף איהם געוואָרפֿען איהרע בלאַסע שטראַהלען.
עס איז געווען נור אַן אָנפֿאַנג, אָבער שוין אין דעם ערשטען
שטריך פֿון דעם קינסטלערישען מאַהלער האָט געשוועבט לעבען
און פֿייער. די אויגען פֿון׳ם בעטלער האָבען ווי לעבעדיגע אַרויס־
געקוקט פֿון׳ם לייוועגט. האַס און טרערען האָבען זיך געציינט ווי
דורך אַ וואָלקען. לעאָנאַרדאָ האָט מיט אַ ציטערנדער האַנד אָנגע-
צונדען זיין לעמפּעל. ווי אין אַ טרוים האָט ער אויפֿגעהויבען זיין
פינזעל און האָט זיך גענומען צו זיין בילד. זיין קאָפּ האָט גע־
ברענט, די הענד האָבען געציטערט און דאָך האָט ער זיך ניט
געקענט אָברייסען פֿון זיין אַרבייט. אַן אונבעזיגבאַרע קראַפֿט האָט
איהם געצווינגען צום לייוועגט. איהם האָט בעהערשט נור איין
געדאַנק. ער מוז פֿאָרטיגצען זיין אַרבייט, זיין הייליגע אַרבייט.
און ווי אין דער לעצטער נאַכט האָבען זיך ווידער געהערט זיסע,
זאַנפֿטע אַקאָרדען פֿון אַ האַרפֿע. און ווידער האָט אַ זילבערנע
שטימע געזונגען די שטילע פּאָעטישע מעלאָדיע פֿון ליעבע און פֿריעדען.

עס זיינען פֿערביינעגאַנגען אַ פּאָר מינוטען. פּלוצלינג האָט לעאָנאַרדאָ דערפֿיהלט, ווי זיינע לעצטע קרעפֿטען פֿערלאָזען איהם. אין זיינע אויגען איז געוואָרען פֿינסטער און מיט אַ לייכטען געשריי איז ער מיט זיין פּינזעל אין האַנד אַנידערגעפֿאַלען; זיין אָנגעפֿאַנגענעם בילד איז געפֿאַלען צו זיינע פֿיס און איז געלעגען לעבען דעם יונגען מאַהלער, ווי זיין מצבה.

די אַקאָרדען פֿון דער קלינגענדער האַרפֿע האָבען זיך פּלוצלינג איבערגעריסען, עס האָבען זיך דערהערט האַסטיגע טריט. די טהיר פֿון קליינעם צימער האָט זיך געעפֿענט. אַ שעהנע יונגע איטאַליענערין איז בלאַס, דערשראָקען צוגעלאָפֿען צו דעם געפֿאַלענעם לעאָנאַרדאָ. איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען האָבען מיט ליעבע און צערטליכקייט געקוקט אויף דעם בלאַסען מאַהלער.

— לעאָנאַרדאָ! — האָט זי שטיל גערופֿען. דער קראַנקער האָט געעפֿענט זיינע אויגען און האָט ערשטוינט אָנגעקוקט די יונגע פֿרוי.

— איך בין ראָזאַלינאַ! איך וואוין אין צווייטען צימער, דאָ לעבען אייך, איך בין אַ האַרפֿע־זינגערין. זאָגט, וואָס איז אייך? ווי קען איך אייך העלפֿען?

אַ גוטמוטהיגער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף לעאָנאַרדאָ'ס בלאַסע ליפּען.

— האַ! דאָס זייט איהר דער מלאך, וואָס האָט מיר געבראַכט מיין אָבענד־ברויט! — האָט ער קוים הערבאַר אויסגערעדט. — ליידער איז עס צו שפּעט! דאָך, העלפֿט מיר זיך אויפֿזעצען! הויבט אויף מיין בילד, גיט מיר מיין פּינזעל, איך וויל שטאַרבען מיט מיין געוועהר אין דער האַנד!

טרערען האָבען זיך געקייקעלט פֿון די צאַרטע אויגען פֿון דער שעהנער ראָזאַלינאַ. זי האָט געהאָלפֿען לעאָנאַרדאָ'ן זיך אויפֿזעצען און האָט איהם צוגערוקט זיין בילד.



„אַך, איך בין שרעקליך שוואַך! ראָזאַלינאַ, ברייננ דיין האַרפּע, זינג מיר אַ זיסעם איטאַליענישעס ליעד. עס וועט מיר עראינערען מיין אַלטע איטאַליאַ. עס וועט מיר בעגייסטערען פאַר מיין אַרבייט. ראָזאַלינאַ, געשווינד דיין האַרפּע!" — אַלעם האָט געשוואונדען פאַר זיינע אויגען. זיין האַנד האָט שרעקליך געציטערט.

ראָזאַלינאַ איז געשטאַנען פערלאָרען און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. ענדליך האָט זי געבראַכט איהר האַרפּע, האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיינע פיס. שטיל, ריהרענד, ווי דער רויש פון פליסענדע טרערען, האָט געקלונגען דאָס אַלטע איטאַליענישע ליעד:

זאָרג ניט געליעבטער, וויש אָב דיינע טרערען,
רוה מיט דיין עלענדען קאָפּ אויף מיין ברוסט,
שלאָף רוהיג, שלאָף! איך וועל דיך ניט שטערען,
איך האָב, ווי דו, פיעל ליידען געוואוסט.

און ווירקליך, דער שוואַרץ־לאָקיגער קאָפּ פון יונגען מאַהלער האָט זיך שטיל אַראָבגעלאָזען אויף ראָזאַלינאַ'ס ברוסט. מיט זיין פינזעל אין האַנד, ריכטענדיג זיין לעצטען בליק אויף זיין ניט־געענדיגטער אַרבייט, איז לעאָנאַרדאָ אויף אייביג איינגעשלאָפען.

## צווישען נויארקער ראדיקאלען.

(א שאָטען-בילד פון'ם אגיטאציאנס-לעבען אין נויאָרק.)

איך בין ניט קיין סאָציאַליסט און ניט קיין אַנאַרכיסט; איך בין, וואָס מען רופט ביי אייך, א „פּראָגרעסיוו לאָקש". ביז איצט האָב איך געלעבט אין א קליין שטעדטעל אָדער, ווי עס הייסט דאָ, אין דער קאונטרי.

שוין אַ פּאָר יאָהר, אַז איך סימפּאַטיזיר מיט די, וואָס שטרע־בען פערבעסערן די לאַגע פון די אָרעמע און מאַכען די וועלט בעקוועמער פאַר יעדען אָרענטליכען מענשען. איך לייען צייטונגען און בראָשורען. איך קען אַביסעל ענגליש, אַביסעל דייטש, און דאָס גיט מיר די מעגליכקייט צו וויסען, וואָס אונזערע גרויסע דיינקער שרייבען און זאָגען. איך אַליין, דאַרפט איהר וויסען, בין אויך אַ שטיקעל דיינקער, און איך דיינק, אַז ווען מיינע עלטערן וואָלטען מיר געגעבען אַ גוטע ערציהונג, וואָלט פון מיר געקענט אַרויסקומען אַ לייט, פיליכט אַ ספּענסער אָדער גאָר אַ דאַרווין, ווער וויים?...

איך געדיינק, צום ביישפּיעל. איידער איך האָב נאָך עפּעס געהערט פון דאַרווינען, איז מיר אַריין אין קאָפּ אַ געדאַנק, אַז די מענשען שטאַמען פון אַבעזיאַנעס. און ווייסט איהר וואָרים? איך האָב בעמערקט, אַז וואָס איינער טהוט, טהוען איהם אַנדערע נאָך. איך געדיינק, מיין טייערע מוטער, זאָל לעבען 120 יאָהר'



ווי זי פֿלעגט נור דערזעהן ביי דער שכנה אַ ניי קלייד, פֿלעגט זי באַלד לויפֿען צו דער נייטאָרין, זי זאָל איהר מאַכען פונקט אַזאַ קלייד ווי שרה דוואָסיע האָט. אָדער ווען זי האָט בעמערקט, אַז אונזער גבאי'טע רייסט איהר דיענסט פֿאַר די האָר, האָט זי, מיין מוטער הייסט עס, אויך געכאַפּט אונזער אָרעמע חנה פֿאַר די שוואַרצע צעפּ איהרע, ווייל זי האָט געלאָזט אויסלויפֿען אַביסעל מילך... דאָס איז די מאַמע, זאָל לעבען. היינט דער טאַטע האָט אויך ניט ווידערשפּראָכען דאַרווין'ס טעאָריע. האָט ער למשל געזעהן, אַז ר' חיים האַנדעלט מיט זאַמד אָנשטאָט מעהל, אַהאַ! מיין פֿאָטער זאָל לעבען שטייגט איהם נאָך אַריבער: ער שיט זאַמד אויף וואָס די וועלט שטעהט... אָדער האָט ער דערשמעקט, אַז ר' טודרוס קלייבט זיך מאַכען אַן אָנזעץ, האָט מיין פֿאָטער פֿערכאַפּט אַפֿריהער און באַנקראָטירט מיט אַ פּאָר וואָכען פֿאַר ר' טודרוס'ן.

ווי איהר זעהט, זיינען דאָס גוטע בעאָבאַכטונגען, וועלכע האָבען מיך געמאַכט פֿאַר אַ קליינעם דאַרווין אין מיין קליין וועלטעל. נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלעס. מיינע בעאָבאַכטונגען האָבען זיך ניט בעגרענעצט אויף מיין פֿאַמיליען־קרייז; זיי זיינען געגאַנגען אויך ווייטער. זומער פֿלעגט צו אונז אין שטעדטעל אָנקומען אַ סטודענט מיט לאַנגע האָר און אַ סטודענטקע מיט קורצע האָר. און וואָס מיינט איהר איז געווען? האָבען זיך אונזערע דאָרף־אַריסטאָקראַטען פֿערלאָזט לאַנגע קאָלטענעס און אונזערע דאָרף־אַריסטאָקראַטקעס האָבען זיך אונטערגעשניטען די האָר...

נאָר ניט דאָס בין איך אויסען. איך האָב אייך נור געוואָלט ווייזען, אַז פֿון מיר וואָלט אַרויסקומען אַ גרויסער לייט, ווען מען וואָלט מיר געגעבען אַ גוטע ערציהונג. נאָר אַזוי ווי מיינע עלטערענס עלטערן האָבען ניט געלערענט מיינע עלטערן צו זיין גוטע עלטערן,



האָבען אויך מיינע עלטערן ניט געקענט מיך ערציהען גוט, כדי איך זאָל פֿון מיין זייט אויך קענען ערציהען מיינע קינדער, ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר גוטע עלטערן.

אַצונד קעהר איך זיך אום צו מיין געשיכטע.

ווי איך האָב אייך שוין פֿריהער געזאָגט, האָב איך געלעבט אין אַ קליינער קאונטרי. עס איז מיר ענדליך דאָרט זעהר לאַנג־ווייליג געוואָרען, און איך האָב זיך בעשלאָסען פֿאָהרען קיין נויאָרק, ווי זאָגט דער רוף: „אי מענשען אָנקוקען אי זיך בעווייזען". געזאָגט געטהאָן. איך האָב איינגעפּאַקט מיינע זאַכען, געזאָגט „גוד ביי" מיין אייביג בלאַסער מיסס אַרמסטראָנג, ביי וועמען איך בין געוועזען אויף קעסט אַ פּאָר יאָהר צייט, און איך בין אַוועק קיין נויאָרק.

שוין אַ פּאָר וואָכען, זינט איך לעב אין אָט דער גרויסער, רוישיגער שטאָדט, און איך וועל אייך זאָגען דעם ריינעם אמת, איך וויים ניט אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט איך בין. עפּעס אַלעס טאַנצט און דרעהט זיך אַרום פֿאַר מיינע אויגען און איך געה אַרום ווי אַ צומישטער.

ווי איך האָב אייך פֿריהער געזאָגט, האָב איך סימפּאַטיזירט מיט די, וואָס שטרעבען צו מענשליכען גליק און פּראָגרעס. אַז איך בין אָנגעקומען קיין נויאָרק, איז מיין ערשטער געדאַנק געוועזען צו בעזוכען די סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע פֿערזאַמלונגען, זעהן און הערען וואָס עס טהוט זיך עפּעס אין דער סאָציאַלער וועלט. אַרום 8 אַזייגער אין אָבענד בין איך געקומען אין אַ האָל, וואו עס האָט געדאַרפֿט זיין אַ מאַסענפֿערזאַמלונג. דער זאַאַל איז שוין געוועזען געפּאַקט מיט מענער און פֿרויען. מיך האָט זעהר געפֿרעהט זעהן אַזאַ מאַסע מענשען. „דאָס זיינען אַלץ מענשען, וואָס דאגה'נען פֿאַר'ן כלל," האָב איך זיך געטראַכט און מיט אונגעדולד ערוואַרט דעם רעדנער.

— ווען פֿאַנגט דער רעדנער אָן זיין פֿאָרטראַג? — האָב איך אַ פֿרעג געטהאָן אַ יונגען מאַן, וואָס איז געשטאַנען לעבען מיר.

— איהר מיינט, ווען ער הויבט אָן שוואַצען? — האָט ער מיך איבערגעפֿרעגט מיט אַן איראָנישען שמייכעל, וואָס איז מיר באַלד שטאַרק ניט געפֿעלען.

דאָס וואָרט „שוואַצען" האָב איך צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען געהערט. אין דער ליטעראַטור האָב איך עס אויך ניט בעגעגענט.

— וואָס מיינט איהר מיט „שוואַצען"? איך וויל איינפֿאַך וויסען, ווען פֿאַנגט דער רעדנער אָן זיין רעדע? — האָב איך איהם ערקלעהרט.

— אָך, ווי מען זעהט, זייט איהר אַ גרינהאָרן. אַז איהר וועט אָבזיין אַ שטיקעל צייט אין נויאָרק, וועט איהר שוין וויסען, וואָס עס הייסט שוואַצען, — האָט צו מיר געזאָגט דער נויאָרקער און האָט זיך אָבגעקעהרט פֿון מיר.

אין עטליכע מינוט אַרום איז געקומען דער רעדנער. דאָס איז געווען אַ יונגער מאַן מיט אַן ערענסטען געזיכט, און ער איז מיר געפֿעלען גלייך פֿון ערשטען בליק. ער האָט גערעדט איבער דעם אַרבייטער'ס ליידען, וועגען דעם גרויסען קאַמפּף, צו וועלכען ער מוז זיך צוגרייטען. זיין רעדע האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיעפֿען איינדרוק. טרערען זיינען מיר געשטאַנען אין די אויגען.

„שוין אָבגעשוואַצט!" האָב איך פּלוצלינג דערהערט אַ שפּאַ־סענדינגע שטימע הינטער מיר. איך האָב זיך ווי מיט שרעק אומגעקוקט. לעבען מיר איז געשטאַנען דער רעדנער. וועלכער האָט נאָר וואָס געענדיגט זיין רעדע און איז געווען בלאַס און נאַס פֿון שוויים. מיט דער פֿראַגע: „שוין אָבגעשוואַצט?" האָט זיך צו איהם געווענדעט אַ יונגער מאַן מיט אַ צינישען געזיכטעל.

דער רעדנער האָט איהם נאַרנישט געענטפערט און איז פער־
שוואונדען אין צווייטען צימער.

די פערזאַמלונג האָט זיך געענדיגט. איך האָב זיך געלאָזט געהן אַהיים. פלוצלינג האָט מיך א יונגער מאַן אָבגעשטעלט און גערופענט אויף מיין פאַמיליען־נאָמען. מיר האָבען זיך באַלד דערקענט. ער איז געווען מיינער אַן אַלטער חבר, וועלכער איז שוין זייט צעהן יאָהר געווען אין נויאָרק.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, — האָב איך איהם א פרעג געטהאָן — וואָס הייסט דאָס ביי אייך אין נויאָרק שוואַצען?

מיין פריינד האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכעל.

— דו ווייסט נים וואָס שוואַצען הייסט? — האָט ער גע־
זאָגט — שוואַצען איז איינפאַך פּלוידערן, ריידען וואָס איז נים געשטויגען, נים געפלויגען.

— אָבער היינט האָט, דוכט זיך, דער רעדנער גערעדט גאַנץ פערנינפטיג און ערנסט. אויף מיר ווייניגסטענס האָט ער געמאַכט א טיעפען איינדרוק. פאַרוואָס רופט איהר דאָס שוואַצען?

— אַך, מיין פריינד, מיר נויאָרקער רופען אַלעס אַ שוואַץ; אַלע שוואַצען!

— אַלע שוואַצען! — האָב איך אויסגעשריען אין פערצווייפ־
לונג — אָבער האָט דען נים דער רעדנער מיט האַרץ און נשמה געוועקט און אויפגעמונטערט די מאַסע? האָט ער דען ניט אויפ־
מערקזאַם געמאַכט דעם אַרבייטער אויף זיין אויפגאַבע אין דער יעצטיגער צייט?

— אַה, דו ביסט אַ קינד! — האָט זיך מיין פריינד אָב־
גערופען מיט אַ קאַלטער מינע. — זיי אַביסעל אין נויאָרק, געה אָפט אויף די פערזאַמלונגען, וועסט דו זאָגען דאָסזעלבע וואָס מיר נויאָרקער. אַ שוואַץ און מעהר גאָרנישט!

איך האָב אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגען. מיר איז געוואָרען זויער אויף׳ן האַרצען, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט אויסגע-טרונקען אַ גאַנצע קוואָרט זויער-מילך...

— וואוהין געהסט דו איצט? — האָט מיך געפרעגט מיין קאָמפּאַניאָן.

— שלאָפען, — האָב איך געענטפערט, קוקענדיג אויף מיין זייגער, וועלכער איז געווען אַ פערטעל נאָך צוועלף.

— איצט שלאָפען! משוגע ביסט דו? אין נויאָרק איז אַ שאַנדע זיך לייגען פאַר צוויי, און אַלטע נויאָרקער געהען אימער שלאָפען נאָך דריי.

— נאָך דריי! — האָב איך זיך געוואונדערט — וואָס טהוט מען אַזוי שפעט?

— מען שוואַצט...— האָט ער געענטפערט קורץ און שאַרף.

— נאַ, אָבער איך וויל ניט שוואַצען און קען ניט שוואַצען.

— עס מאַכט ניט אויס, וועסט זיין אין נויאָרק, וועסט דו זיך שנעל אויסלערנען...

— אָבער וואוהין וועלען מיר דען געהן אַצונד?

— וואוהין? נאַטירליך אין קאַפע-סאַלון.

איך האָב זיך ענטשלאָסען בעקאַנט צו ווערן מיט דער נו-יאָרקער וועלט און איך בין שווייגענדיג נאָכגעגאַנגען מיין נויאָרקער חבר.

דורכגעהענדיג אַ פּאָר שמוציגע געסלאַך, וואָס זיינען פון ביידע זייטען געווען בעשטעלט מיט... איהר מיינט אפשר גרינע בוימער? ניין! איך מיין מיט שמוציגע מיסט-קעסטלאַך, האָבען מיר ענדליך דערגרייכט דעם קאַפע-סאַלון.

דער פּלאַץ איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענער. געלע, בלויע, שוואַרצע, בלאַסע, רוטע געזיכטער (רוטע איז אויך אַ מין פאַרב...)

האָבען געשמייכעלט, געקריממט זיך אָדער גלאַט אַזוי תּמ'עוואַטע געקוקט אין דער וועלט אַריין. מען האָט געטרונקען, געגעסען, געטריבערט סיגאַרעטלאַך, געלייענט ציימונגען, קריטיקירט, געשריען, געליאַרעמט אָדער, ווי אַ נויאָרקער האָלט זאָגען, געשוואַצט אויף וואָס די וועלט שטעהט.

— ווי געפעלט עס דיר? — האָט מיר אַ פרעג געטהאָן מיין פריינד, פערציהענדיג זיין סיגאַרעטעל.

— עס קוקט מיר אויס ווי אַ דול־הויז, — האָב איך געענט פערט, — און דאָ פערברייננט איהר דאָס גאַנצע נעכט!

— ועהסט דאָרטען אַ יונגען מאַן, וואָס שפּיעלט אַזוי הייס אין פינאָקעל? דאָס איז אַ רעדאַקטאָר פון אַן אַרבייטער־צייטונג, — האָט געזאָגט מיין קאַמעראַד מיט אַ שמייכעל.

איך האָב פערוואונדערט פונאַנדערגעעפענט מיינע אויגען און געשווינגען.

— דאָ, — האָט מיין פריינד ווייטער גערעדט, — דאָ פערברייננגען מיר די צייט נאָך אונזער אַרבייט, נאָך די פערזאַמ־לונגען; און ווען מיר אַרבייטען נים, זיצען מיר נאַטירליך מיט אַ פּאָר שטונדען מעהר.

— און ווען לייענט איהר עפּעס? ווען לערענט איהר, ווען שרייבט איהר עפּעס? ווען רוהט איהר זיך אָב פון אָט דעם טומעל און ליאַרם?

— דו ביסט אַ נאַר! ווער לייענט עפּעס אין נויאָרק, אַחוץ אַ צייטונג אין אַ קאַפע־סאַלון? ווער לערענט, אַחוץ דעם, וואָס דיינקט קריגען אַ דיפּלאָם און מאַכען ביזנעס? ווער רוהט אין נויאָרק, אַחוץ אַ קראַנקען, וועלכער האָט קיין קראַפט נים זיך אייפצוהויבען פון בעט? לעזען, לערנען, רוהען! דאָס זיינען אַלץ פראַזען, וועלכע קענען אין נויאָרק געהערט ווערן בלויז פון קליינ־שטעטעלדיגע טרוימער...

— געוואַלד, וואָס רעדסט דו? — האָב איך זיך צוקאָכט. — ווי קען אַ מענש לעבען אָהן עפּעס צו לעזען, אָהן עטוואָס נאָכ־צודיינקען איבער אַ ביכעל, אָהן אַ מינוט, אין וועלכער ער זאָל זיך קענען פריי אויסרוהען און גוט בעקלעהרען וואָס ער טהוט, וואוהין ער געהט, וואָס איז זיין צוועק אין לעבען, און פאַרוואָס ער טראָגט דעם נאָמען סאָציאַליסט אָדער אַנאַרכיסט?...

— דאָס איז אַלעס שוואַך, מיין פריינד. מיר נויאָרקער האָבען קיין צייט ניט פאַר אַזעלכע זאַכען ווי לערנען און נאָכדיינקען. ביי אונז איז שטענדיג פאַרהאַן אַ פּאַק מיט ביזנעס. יעדע נאַכט אַ געשעפט-זיצונג אָדער אַזוי אַ פערזאַמלונג, וועלכע נעהמט אַוועק 6 אָדער 7 שטונדען אַמאָל. יעדער פון אונז מוז זיך גוט אויסריידען אָדער, טאַקע דעם אמת געזאָגט, אויסשוואַצען... מעגסט מיר גלויבען, עס ווערט טרוקען אין האַלז ריידענדיג, נאָר מען קען זיך ניט העלפען. שטעל זיך פאָר, אַז יענער האָט שוין טאַקע געזאָגט דאָסזעלבע וואָס איך דיינק, אָבער איך מוז דאָך אַליין נעהמען דאָס וואָרט; ווען איך זאָל שווייגען, הייסט דאָך, אַז איך נעהם קיין אַנטהייל ניט אין די ביזנעס און בין אַן אונטהעטיגער מיטגליעד... און אַז מען נעהמט אַ וואָרט, ווילט זיך דאָך בעווייזען, אַז איך בין אויך ניט קיין קאַליקע און קען אַביסעל ריידען, אַלזאָ נעהמט עס נאַטירליך צו צייט. אָדער איינער מאַכט אַ פאָרשלאַג. דער פאָרשלאַג מעג זיך זיין אַ פערנינפטיגער, אָבער דער וואָס האָט איהם געמאַכט וויל אימער צייגען, אַז ער האָט מעהר שכל פון אונז אַלעמען. נו, ווי מיינסט דו? וועלען מיר איהם לאָזען דורכ־פיהרען זיינס? אַ נעכטיגער טאָג! מיר וועלען שרייען פינף שטונ־דען, מיר וועלען הייזעריג ווערן שרייענדיג, נאָר ער וועט זיינס ניט אויספיהרען...

— אָבער, פריינד, — האָב איך זיך געווענדעט צו מיין

בעקאַנטען, — דו מוזט דאָך מיר מודה זיין, אַז פינף יאָהר פון אזאַ לעבען, פון אַ לעבען אויף געשעפט־ויצונגען און אין קאַפע־סאַלונען קען פערווילדערן אַ מענשען און אַנשטאָט אויסצואַרבייטען פון איהם אַ זעלבסטבעוואוסטען סאָציאַליסט אָדער אַנאַרכיסט, אַן אינטעליגענטען דיינקער, וועלכער זאָל קענען ברייגנען נוצען פאַר אונזער זאַך און האָבען אַ גוטען איינפלוס אויף'ן פאָלק, ווערט אַזאַ לעבען נור אויסגעאַרבייטען אַ פראַקטישען שוואַצער, ווי איהר רופט עס, אַ ווילדע בריאה, וואָס לעזט גאָרנישט, דיינקט גאָרנישט און איז אימער נור פערנומען מיט געשעפטען, מיט טרוקענע געלד־זאַכען, כאָטש אמת ניט פאַר זיך אַליין. אַ מענש מוז שעפען פון וואַנען עס איז גייסטיגע נאַהרונג, אַניט מוז זיין גייסט אָבשטאַרבען אין איהם. און פון וואַנען קען אַ נויאָרקער גענאָסע שעפען אָט די גייסטיגע נאַהרונג? פון די געשעפט־זיצונגען אָדער אַגיטאַציאָנס־פערזאַמלונגען, וועלכע זיינען ביי איהם אַ שוואַך און מעהר גאָרנישט?!

— מיר קענען זיך ניט העלפען! — האָט מיין פריינד רוהיג געזאָגט.

— האָט איהר שוין געפרואווט דיינקען וועגען דעם, אַז מען זאָל העלפען? — האָב איך געפרעגט.

— כ'האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז מיר נויאָרקער האָבען קיין צייט ניט פיעל צו דיינקען, און אויך פון אָט דער געשיכטע האָבען מיר ווייניג וואָס געדיינקט.

איך האָב זיך אַ ווייל פערטראַכט. אַ נייער געדאַנק איז מיר אַריין אין מוח.

— ווייסט גאָר, וואָס איך וועל דיר זאָגען? — האָב איך זיך אָבגערופען. — איך ווער אַ מיטגליעד פון אייערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און אַנאַרכיסטישע פעראיינען. איך וועל אָנהויבען טהאָן עטוואָס אין דער הינזיכט.

— נאַ, קענסט פּרואוועןאַז דו ווילסט, — האָט מיר סקעפּ־טיש געענטפערט מיין נויאָרקער קאַמעראַד.

נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, ליעבע לעזער? איך האָב געפּרואווט! איך בין געוואָרען אַ מיטגליעד פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און אַנאַרכיסטישע פעראיינען, און... איצט בין איך אַלס אַן אונפּראַקטישער גרינהאָרן אַרויסגעוואָרפען געוואָרען פון די פּראַקטישע פעראיינען... איך פּאַק איין מיין רייזע־קאַסטען און פאָהר צוריק אין מיין קליין שטעדטעל, און — דוכט זיך, אַז איך וועל אַזוי גיך ניט קומען צוריק קיין נויאָרק.

נוד ביי! כ׳האָב מורא, איך וועל פערשפּעטיגען דעם טריין...

# די ביאגראפיע פון דער לבנה.

(אַן אָריגינעלע פאַנטאַזיע.)

איבער דעם בלויען הימלישען געוועלב איז שטיל געשוואומען די בלאַסע לבנה. די פונקעלענדע שטערען האָבען זי אַרום־גערינגעלט און ווי מיט מיטלייד געקוקט אויף זייער בלייכער געזיכט.

— לבנה, שטאָלצע, שעהנע לבנה! פאַרוואָס ביסט דו אַזוי בלאַס, פאַרוואָס אַזוי טרויעריג? — האָט געפרעגט אַ יונגער טרוימער, וועלכער האָט עלענד אַרומגעבלאָנדזשעט אין דער נאַכט און מיט זיינע גרויסע, טרוימערישע אויגען האָט ער שטיל בעטראַכט די זילבער־ווייסע לבנה.—פאַרוואָס ביסט דו אַזוי בלאַס? אָה, זאָג מיר נים, אַז דאָס איז אַ איבער־ערדישע פאַנטאַסטישע בלאַסקייט! ניין, איך ווייס, אַז דאָס איז די טויטע בלאַסקייט פון אַ ליידענדען, אונשולדיג בעליידיגטען וועזען. איך האָב געקענט אַ פרוי, וועלכע האָט אויף איהר געזיכט געטראָגען דיזעלבע מאַטאָווע בלאַסקייט און זי איז געווען — אַ ליידענדע. זי האָט געליטען אָהן אַ שיעור. טיעפע וואונדען האָט זי געטראָגען אין איהר ברוסט. אָט דיזעלבע בלאַסקייט זעה איך אויך ביי דיר, דו הימלישע נאַכט־וואַנדלערין! און איך פיהל, אַז אויך דו ביסט אַ ליידענדעס, בעליידיגטעס, ערנידעריגטעס און איידעלעס וועזען. אָה, פערטרוי זיך פאַר מיר! איך ליעב די ליידענדע, די פערשטויסענע, די

הימלאַזע, די פֿערשאָלטענע. איך ליעב זיי! איך פֿיהל זייערע שמערצען. זייערע הייסע טרערען בעהאַלט איך ווי אַ טייערן אוצר אין מיין ליידענדער זעעלע. שטאָלצע געטין פֿון דער נאַכט! פֿאַר דיר שטעהט איצט אַ טרוימער, אין וועמען עס ברענט דער היי־ליגער וואונש צו אומאַרמען די גאַנצע ליידענדע וועלט און צו־דריקען צו זיין ברוסט אַלעס, וואָס ליידעט, וויינט און בלוטעט! צאַרטע געטין! איך בויג אָן פֿאַר דיר מיינע קניע, מיינע שטאָלצע קניע, וועלכע האָבען זיך נאָך קיינמאָל ניט געבויגען פֿאַר קיינע אָבגעטער פֿון דער וועלט. זאָג מיר אַרויס דיינע געהיימע שמער־צען! רעד אַרויס דיינע שטומע ליידען! איך אַליין וועל פֿערשטעהן די טיעפֿעניש פֿון דיינע וואונדען, דיין יעדע טרעהר, דיין יעדען זיפֿץ וועל איך בעדעקען מיט הייסע קושען, ווי די בלומען פֿון אַ נייעם פֿריהלינג.

בלאָס ווי די לבנה אַליין איז געשטאַנען דער טרוימער אונ־טער דעם שטערענדיגען שלייער פֿון דער שטילער זומער־נאַכט. דער וואַרעמער ווינד האָט זיך געשפּיעלט מיט זיינע לאָקען, דער אַראָמאַט פֿון דופֿטענדע בלומען האָט זיך פֿריי געגאָסען אין זיין ברוסט. ער האָט געקוקט אויף זיין בלאַסער געליעבטע, אויף דער ליליען־ווייסער לבנה. ער האָט געוואַרט אויף אַן ענטפֿער, אויף אַ הימלישען ענטפֿער.

עס זיינען פֿערבייגעגאַנגען עטליכע מינוטען פֿון נאַכטיגער שטילקייט. ערגעץ ווייט, ווייט, אָט אָבשטאַרבענדיג, אָט ווידער טרעלענדיג, האָט זיך געקייקעלט די זיסע מעלאָדיע פֿון אַ פֿריה־לינג־נאַכטיגאַל. דער ווינד האָט שטיל גערוישט דורך די בוימער, און זייערע גרינע קרוינען האָבען זיך טרוימעריש בעוועגט אונטער די זילבערנע שטראַהלען פֿון דער לבנה.

לאַנגזאַם האָבען זיך די שטערען אויסגעלאָשען, די לבנה איז

נעוואָרען אַלץ בלאַסער און בלאַסער. ענדליך איז אויך דער לעצ־
טער שטערן פערלאָשען געוואָרען אויף'ן האָריזאָנט; די לבנה איז
געבליבען איינע אַליין.

שטאָלץ און עלענד, ווייס ווי אַן ערעלע ליליע איז זי געשטאַנען אויף'ן בלויען געוועלב און האָט מיט צערטליכער ליעבע, מיט טרויער אַראָבגעקוקט אויף דעם יונגען טרויטער. ער איז געשטאַנען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטהעם. ער האָט געפיהלט, אַז עס נעהענטערט זיך אַ צויבערהאַפטער מאָמענט, אין וועלכען אַן אונבעקאַנטע וועלט פון גרויסע הימלישע ליידען וועט זיך ענט־דעקען פאַר איהם. און ווי אויף גאָלדענע פליגלען פון אַ שטילען מלאך זיינען אַרונטערגעפלויגען צו איהם עדעלע, זיסע ווערטער, ווערטער ווייך ווי צושמאָלצענער וואַקס, ווערטער זיס ווי דער אַראָמאַט פון אַ ניי־געבוירענער רויז. ער האָט שוין ערגעץ געהערט אָט די צויבערהאַפטע מלאכים־שטימע, נאָר דאָס איז געווען לאַנג, לאַנג צוריק, נאָך אין זיינע קינדערשע יאָהרען, ווען ער איז אַמאָל געשמאַק איינגעשלאָפען אויף זיין מוטער'ס ברוסט און איהם האָט זיך גע'חלום'ט, אַז גאָלד־לאָקיגע נימפען פלעכטען איין פרישע מאַי בלומען אין זיינע האָר און זינגען איהם ליעדער. יאָ, דעמאָלט האָט ער אויך געהערט אָט די טיעף־ריהרענדע, אָט די לייכטע, וואונדערליכע שטימע:

— דיין האַרץ איז אַ טיעף, אַ ליעבענד האַרץ. דו ליעבסט און דו ליידסט. דערום וועל איך דיר אַרויסזאָגען מיין שמערץ, אויפדעקען פאַר דיר מיינע געהיימע ליידען. מיין געשיכטע איז די געשיכטע פון דער מענשהייט, מיינע וואונדען זיינען מענשליכע וואונדען. מיליאָנען יאָהרהונדערטע זיינען אַוועק, זינט איך האָב פערלאָרען מיין טראָהן, פערלאָרען דעם טראָהן פון דער געטין פון ליכט, פון דער זונן פון אַלע זונען! יאָ, איך בין ניט אימער

געוועזן אַ בלאַסע, טרויעריגע הימעל־וואַנדערין. ס'איז געוועזן אַ צייט, ווען איך בין געוועזן אַזוי גרויס, אַזוי אַלמעכטיג, אַז דאָס, וואָס איהר רופט איצט זונן, פלעגט פערשווינדען אין מיינע פור־פור־רויטע שטראַהלען! יאָ, די זונן, אָט די שטאָלצע, עהרגייציגע קאָקעטקע, וועלכע אַנטלויפט איצט פון מיר אין איהר זעלבסט־צופריעדענער גרויסקייט, איז געוועזן ניט מעהר ווי מיין געהאָרכזאַמע שקלאַפין, וועלכע פלעגט בעוואַכען מיין טראָהן.

איך בין געוועזן די מעכטיגסטע בעלייכטערין פון דער וועלט! קיין שום קראַפט האָט ניט געקענט זיך שטעלען געגען מיר! דורך פעלזען און בערג, דורך אייזען און גראַניט פלעגען דורכדרינגען מיינע פורפורנע שטראַהלען, מיין גאָלדענעס טאָג ליכט! קיין שום הינדערנים פון די שטערבליכע איז ניט געוועזן אים־שטאַנד אָבצוהאַלטען מיין ליכט, עס בעדרויבען פון לעבעדיגע אויגען. די שרעקליכע, טויטע פינסטערניש, וועלכע איהר רופט איצט נאַכט, צייט פון רוהה, איז דאמאָלס געוועזן אונבעקאַנט פאַר דער וועלט. ליכט, ליכט, אונענדליכעס ליכט האָט איבעראַל פערשפרייט זיינע גאָלדענע פליגלען, און די צייט פון רוהה איז ניט געוועזן אונטער די שוואַרצע וואָלקען פון אַ מרה־שחורה'דיגער נאַכט; ס'איז געוועזן אונטער דעם שטילען ליכטיגען הימעל, צווישען די דופטענדע פאַלמען און בלומען...

יאָ, איך בין דעמאָלט געוועזן די שטאָלצע קעניגין פון ליכט! איך בין געוועזן דאָס זונען־גליק פון דער מענשהייט! יעדע בלום, יעדע פלאַנצע, יעדע חיה, יעדעס לעבעדיגע וועזען האָט מיר געזונגען לויב־ליעדער און מיך געבענשט ביי זיך אין האַרצען. איך בין געוועזן גליקליך! כ'האָב גענאָסען דעם לוקסוס פון ליעבע און אונבעשרייַנקטע פרייהייט!

אָבער אויך ביי געטער איז דאָס גליק ניט אייביג!

איינמאָל, אויף איינעם פֿון די גלענצענדע הימלישע בעלער, אין וועלכע עס נעהמען אָנטהייל אַלע געטער און געטינען, אַלע מלאכים און נימפֿען, האָב איך לעבען אַ זילבערנעם פֿאָנטאַן, אונטער אַ רייכער פּאַלמע, בעמערקט אַ מלאך. ער איז געווען שטיל און טרויעריג. ער האָט זיך נור וואָס אומגעקעהרט פֿון אַ לאַנגער רייזע אין דעם קעניגרייך פֿון די שטערבליכע, וואוהין די אַלמעכטיגע געטער האָבען איהם געשיקט, ער זאָל בעטראַכטען דאָס לעבען פֿון די ערדישע בעשעפֿענישען. איך האָב געגעבען אַ בעפֿעהל, מען זאָל אָט דעם מלאך בריינגען צו מיר.

„פֿאַרוואָס ביסט דו אַזוי טרויעריג?" האָב איך איהם געפֿרעגט. „פֿאַרוואָס נעהמסט דו ניט קיין אָנטהייל אין די פֿערשיעדענע שפּיעלען און טענץ פֿון די מלאכים און נימפֿען? פֿילייכט קענסט דו מיר דערצעהלען די אורזאַכען פֿון דיין טרויער?"

דער מלאך האָט אויפֿגעהויבען צו מיר זיינע גוטע, בלויע אויגען, אין וועלכע עס האָט געבליצט אַ פּערל־טרעהר, און מיט אַ ציטערענדער שטימע האָט ער געזאָגט:

„קעניגין פֿון ליכט! בעלייכטערין פֿון דער וועלט! דו פֿרעגסט מיך די אורזאַכע פֿון מיין טרויער, איך וועל עס דיר זאָגען. איך קום פֿון דער ערד, פֿון'ם קעניגרייך פֿון די שטערבליכע, און דאָס וואָס איך האָב דאָרט געזעהן, דאָס וואָס איך האָב דאָרט געהערט, צורייסט מיין האַרץ אין שטיקער. עס פֿילט אָן מיין ברוסט מיט צאָרן און גיפֿט, און אָט דער פּראַכטפֿולער הימלישער גן־עדן מיט זיין גלאַנץ, מיט זיין לוקסוס, איז מיר ניט ליעב. מיר קומט פֿאָר, עפּעס אַזוי ווי דער הימעל אונזערער וואָלט געווען פֿערשפּריים מיט טויטע מענשליכע קערפּערס, אַזוי ווי די גן־עדן־בלומען וואָל־טען געשמעקט מיט מענשליכען בלוט!

„אָה, קעניגין פֿון ליכט, וואַרף נור אַ בליק אויף די מענש־

ליכע וועלט! זעה, וואָס עס טהוט זיך דאָרט! אין טרערען און בלוט זיינען פערשוואוּמען טויזענדע מענשען־קינדער. דער שטאַר־קער דריקט דעם שוואַכען, דער זאַטער גלויבט ניט דעם הונגע־ריגען. ליגען און נידערטרעכטיגקייט טריאומפירען, וואהרהייט און ליעבע שמאַכטען אין קייטען! וויפיעל אונשולדיגע פרויען ווערן דורך נויטה געטריבען צו אַ לעבען פון שמאַך און שאַנד! וויפיעל יונגע מענער זיינען געצוואוּנגען צו ווערן פערברעכער, רויבער, מערדער, ווייל אונוויסענהייט, האַרצלאָזיגקייט, אָרימקייט האָט זיי אַרומגערינגעלט פון קינדווייז אָן! די מענשהייט רעבעלירט געגען ערדישע און הימלישע געטער, ווייל די ערשטע און די לעצטע זיינען ניט מעהר ווי טיראַנען, ניט מעהר ווי קאַלטבלוטיגע פיי־ניגער פון די ערדישע קינדער! זיי געניסען אַ וועלט פון לוקסוס און צופרידענהייט, זיי שלאָפען אויף דופטענדע בלומען, זיי טרינקען דערקוויקענדען וויין, אין דער צייט וואָס דאָס אָרעמע פאָלק אַר־בייט פאַר זיי, שמאַכט פאַר זיי און ווערט נאָך דערפאַר געטראָטען מיט די פיס! נור אייזלען גלויבען נאָך אויף דער ערד אין דער גערעכטיגקייט פון הימעל. זיי גלויבען, ווייל די נאַטור האָט פון זיי אַוועקגערויבט די פעהיגקייט צו דיינקען און פערשטעהן. אָבער אַלעס, וואָס איז געזונד אין פערשטאַנד, אַלעס, וואָס האָט אַ מענשליך האַרץ, שיקט אַ דרייפאַכען פלוך דער קראַפט, וואָס האָט געמאַכט די מענשהייט אזוי אונגליקליך, אַזוי עלענד, אַזוי בלוט־דורשטיג און באַרבאַריש!

„הייליגע געטין פון ליכט! ביי דיר אין די הענד איז דער סצעפטער פון מענשליכען פריעדען און גליק. איין ריהר מיט דיין זונען־האַנד און די שקלאַפען־קייטען פאַלען, די באַרבאַרישע טראָהנען פערוואַנדלען זיך אין חורבות, און די טיראַנען וועלען זיך בוקען צו דיין ליכט! איין מאַך מיט דיין זונען־שווערד און

אַלעס, וואָס איז געמיין און ברוטאַל, ווערט פֿערשוואונדען פֿון דער ערד; די וועלט ווערט אַ צױבערהאַפֿטער גן עדן פֿון פֿריי־היים, פֿריעדען און גליק!"

אַזוי האָט צו מיר גערעדט דער גוטער מלאך. און דאָס פֿייער פֿון זיינע הייליגע ווערטער האָט דורכגענומען מיין נשמה. אַלע שמערצען און טרעהרען פֿון די ערדישע מענשען־קינדער האָבען געברענט אין מיין ברוסט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך הער די האַרצרייסענדע געשרייען, די זיפֿצען און קרעכצען פֿון די אונגליקליכע אונטערדריקטע שקלאַפֿען פֿון דער ערד. פֿאַר מיר האָבען געשוועבט זייערע בלאַסע, פֿערוויינטע געזיכטער. זייערע פֿערטרערהרטע אויגען האָבען געקוקט אויף מיר, ווי רופֿענדיג נאָך הילף, נאָך מיטלייד מיט זייערע שרעקליכע ליידען.

מיין האַנד איז שוין געווען גרייט אויפֿצוהויבען דעם סצעפּטער מיינעם געגען אַלע טיראַנען פֿון דער מענשליבער וועלט, צושמעטערן די טורמעס און די קייטען פֿון שקלאַפֿעריי, נאָר... פּלוצלינג איז צו מיר אין מיין הימלישען שלאָס אַריינגעפֿאַלען מיט איספּעט דער נאָמ פֿון אַלע געטער, דער טיראַן פֿון אונזער הימלישער מלוכה. דונער און בליץ זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך זיין יעדען טריט. ער האָט מיט ווילדען צאָרן געקוקט אויף מיר און אויף דעם אייד־רעלען מלאך.

„ווער איז דאָס דער, וואָס וואַגט צו צווייפֿלען אין דער גע־רעכטיגקייט פֿון די הימלישע געטער?" האָט ער אויסגערופֿען מיט זיין דונערענדער שטימע, און אַלעס אַרום אונז האָט זיך אַרומ־געוואָרפֿען, ווי אין אַ געוואַלדיגען שטורם. אַלעס איז פּלוצלינג שטיל געוואָרען. נימפֿען און געטער האָבען אונז שווייגזאַם אַרומ־גערינגעלט און זיינען מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ געשטאַנען פֿאַר זייער הימלישען הערר.

„דאָס בין איך דאָס דער, וועלכער צווייפעלט אין דער גע־רעכטיגקייט פון די הימלישע געטער און וועלכער אַנערקענט זייערע האַנדלונגען געגען די שטערבליכע, געגען די מענשען פאַר ברוטאַל, פאַר שרעקליך אונגערעכט!" האָט דער מלאך, דער הימלישער רעוואָלוציאָנער אויסגערופען מיט זיין מעכטיגען קול. „די מענשליכע וועלט איז אונגליקליך, טיראַניזירט איז זי, בערויבט פון פרייהייט און פריעדען. אין נאָמען פון הימעל ווערן פער־שקלאַפט מיליאָנען מענשען, אין נאָמען פון הימעל ערלויבען זיך טיראַנען צו געוועלטיגען איבער גאַנצע נאַציאָנען, שמידען זיי אין די קייטען פון זייער הערשאַפט, רויבען, שענדען און מאָרדען אונשולדיגע מענער און פרויען, — אַלעס אין נאָמען פון הימעל, פון הימלישער גערעכטיגקייט! ווער זיינען איצט אויף דער ערד די פריסטער פון הימלישער גערעכטיגקייט? ווער זיינען זיי? שמו־ציגע היפאָקריטען, ליגען־פערשפרייטער, פערטהיידיגער פון טי־ראַניי און פאָלקס־פערדומינג, — דאָס זיינען די פריסטער פון הימלישער גערעכטיגקייט. אַרונטער מיט אַזעלכע געטער, וואָס האָבען נים קיין מאַכט און קיין פערנונפט צו מאַכען פון דער וועלט אַ גן עדן פאַר די לעבעדיגע!"

די פלאַמענדע ווערטער פון דעם גוטען מלאך האָבען געמאַכט אַ מורא'דיגען איינדרוק אויף די הימלישע פאַראַזיטען. זיי האָבען געציטערט פאַר שרעק און האָבען אַלע געקוקט אויף זייער אַל־מעכטיגען מאָנאַרך, וועלכער איז יעצט געווען אויסער זיך פון ווילדען צאָרן.

„פערדאַמטער גערעכטיגער!" האָט מיט שוים אין זיין געמט־ליכען מויל אויסגעשריען דער הימלישער הערשער. „איז דען דער הימעל ווען עס איז געווען אונגערעכט געגען דער ערד?"

„יאָ!" האָט אויסגערופען דער מלאך.



„יאָ!" האָב איך איהם אונטערשטיצט. „די הימלישע נעטער זיינען נים מעהר ווי פּאַראַזיטען, וועלכע העלפען די טיראַנען אונטערדריקען די מענשהיים, און איך פאָדער די בעפרייאונג פון דער מענשליכער ראַסע פון אַלע איהרע הימלישע און ערדישע געטער!"

דער גוטער מלאך האָט מיט ליעבע און צערטליכקייט גע־וואָרפען אַ בליק אויף מיר.

„איך פאָדער ראַסזועלבע!" האָט ער זיך געווענדעט צו די הימלישע געטער און נימפען. „ווער פון אייך אַנווענדע שטימט איין מיט אונז?"

די שעהנע נימפען, די גאָלד־לאָקינע מלאכים זיינען געשטאַנען שטום און האָבען מיט שרעק געקוקט אויף זייער הימלישען מייסטער.

„האַ, וואָס קומט דאָ פאָר? אַ רעוואָלוציאָן!" האָט געדונערט דער הימלישער מאָנאַרך. „ניין, דאָס וועט קיינמאָל נים זיין! נידער מיט די רעבעלען: שלעפט זיי אין תפיסה, און לאָזט זיי נים פריי ביז איך וועל אייך געבען מיין בעפעהל!"

מען האָט ביי מיר אָבגענומען מיין זונען־שווערד, אַ־ונטער־געריסען פון קאָפּ מיין זונען־קרוין, און מיך אַריינגעוואָרפען אין קערקער אַלס אַ רעבעל געגען הימלישער הערשאַפט. דעם גוטען מלאך האָט מען אָבגעהאַקט זיינע גאָלדענע פליגלען און אַריינ־געזעצט ווי מיך אין תפיסה...

די בלאַסע לבנה איז אַ ווייל געבליבען שטיל. דער יונגער טרוימער האָט טרויעריג געקוקט אויף זיין הימלישע געליעבטע און געוואַרט אויף'ן סוף פון איהר לעבענס־געשיכטע.

— וואָס עס האָט פּאַסירט ווייטער, — האָט פאָרטגעזעצט די בלאַסע לבנה — איז זעהר טרויעריג. מען האָט מיך פער־

ריבען פֿון מיין גן עדן, מען האָט מיך פֿעראורטהיילט צו זיין אַן ייבינגע נאַכט-וואַנדלערין. איך קען זיך נור דאַן ווייזען פֿאַר דער וועלט, ווען פֿינסטערניש בעדעקט די ערד-קוגעל. דער ערשטער שטראַהל פֿון פֿריה-מאָרגען פֿעריאָגט מיך צוריק אין מיין הימעל-תּפיסה. אָבער דערפֿאַר בין איך נאָהענט צו דער ליידענדער מענשהייט און מיט מיינע בלאַסע שטראַהלען בעלייכט איך אָפֿט זייער וועג אין דער פֿינסטערניש... איך בין די פֿריינדין פֿון אַלע פֿערליעבטע און ליידענדע, די דיכטער בעזינגען מיך, ווייל זיי פֿיהלען, אַז איך בין אויך אַ ליידענדע, אַ ליעבענדע זעעלע ווי זייערע. און וואו איז דער גוטער מלאך? פֿרעגסט דו. איך וועל עס דיר זאָגען: די אויפֿגערייצטע געטער האָבען איהם פֿערוואַנדעלט אין אַ שטורמישען ים.

„דו ליעבסט די מענשען?" האָט צו איהם געזאָגט דער הימלישער טיראַן, „גוט, איך וועל דיך שיקען צו זיי. נאָר ניט אַלס מלאך; איך וועל דיך פֿערוואַנדלען אין אַ ים. דו וועסט אימער ידען און רוישען. דיין ברוסט וועל איך אָנפֿילען מיט פֿערשיעדענע שלאַנגען און אַלערליי ברואים. אויף דיינע אַקסלען וועסט דו טראָגען שיפֿען מיט דיינע ליעבלינגע, מיט די, וועלכע דו האָסט אַזוי גוט פֿערטהיידיגט אין הימעל. אָבער פּלוצלינג וועסט דו זיך דערמאָנען אָן מיין נקמה. דיין ברוסט וועט זיך אָנפֿילען מיט ווילדען צאָרן, זי וועט זיך הויבען ווי זודיגע וואולקאַנען און דו וועסט אומבריינגען אין די קאַלטע כוואַליעס די, וועמען דו האָסט אַזוי ליעב!... איך וויעל דיך אַרומרינגלען מיט אַ פֿעלזען-מהורם, אָן וועלכען דו וועסט זיך אומזיסט אָנשלאָגען מיט דיין אויפֿגערעגטער ברוסט. דו וועסט ניט צובּרעכען די פֿעלזען און וועסט אימער זיין מיין שקלאַף!"

דאָס איז געווען דער שרעקליכער אורטהייל פֿון דעם הימ-



לישען היינקער. אָבער דער גוטער מלאך האָט נאָך איצט אויך נים פֿערלאָרען זיינע האָפֿנונגען אויף דער צייט, ווען די מענשליכע וועלט וועט זיך בעפֿרייען פֿון אַלע הימלישע און ערדישע געטער. איך זעה זיך מיט איהם אָפֿט; ווען איך מאַך מיין נאַכט-רייזע שטעל איך זיך אָב לעבען דעם רוישיגען ים, אין וועלכען עס שלאָגט נאָך דאָס נאָבעלע האַרץ פֿון מיין עהרליכען פֿריינד. מיט מיינע בלאַסע שטראַהלען בעריהר איך זיין ציטערענדע ברוסט. ער דערפֿרעהט זיך מיט זיין אַלטער פֿריינדין און איך הער ווידער זיין שטאָלצע העלדען-שטימע:

שעהנע, ליידענדע הימעל-וואַנדערין! איך בין ווי אימער נאָך פֿול מיט שטאָלץ, קראַפֿט און ליעבע. די צייט איז נאָהענט, ווען אַלע הימלישע און ערדישע טיראַנען וועלען פֿאַלען, פֿינסטערניש וועט פֿערשווינדען, און די שקלאַפֿען-פֿעלזען וועלען אומגעוואָרפֿען ווערן דורך די שטורם-כוואַליעס פֿון דער אויפֿגעוואַכטער פֿרייהייט. דאַן וועלען מיר ווידער זיין צוזאַמען; איך, מלאך פֿון מענשען-גליק, און דו, שעהנע געטין פֿון זונען-ליכט! אומאַרעמט וועלען מיר בעגעגענען די ליידענדע מענשהייט און עפֿענען פֿאַר איהר דעם גן עדן פֿון אַ פֿרייען, דערקוויקענדען לעבען פֿון ליעבע, פֿריעדען און גליקזעליגקייט. ליכט און וואַהרהייט מוזען זיעגען! און די, וועלכע זיינען בעוואַפֿענט אין זייער נאָמען; די, וואָס שטעלען ליכט און וואַהרהייט אַלס ענד-ציעל פֿון דער מענשהייט, — זיי דאַרפֿען אימער זיין שטאָלץ און מוטער, ווייל די שעהנ־סטע פערל-קרוין פֿון דער מענשליכער וועלט בעדעקט זייער קאָפּ!



# מוזיק.

(אַ געדיכט אין פּראָזאַ.)

איך האָב געהערט מוזיק, הייליגע בעצויבערענדע מוזיק; מוזיק, וואָס מאַכט פֿייכט דאָס אויג און יואַרעם דאָס האַרץ; מוזיק, וואָס צוגיסט זיך איבער אַלע גלידער, ווי אַן ערקוויקענדער באַלזאַם; מוזיק, וואָס טראָגט אייך אַוועק אויף איהרע זילבערנע פֿליגעל אין אַ וואונדערבאַרע וועלט פֿון זונענשיין, בלומען און ליעבע.

אָה! ווי זיס זיינען די בעגייסטערענדע מעלאָדיען! די מוזיק-פּאָעמאַ פֿון אַ ווערדי, די נאָבעלע, הערליכע האַרמאָניע פֿון אונשטערבליכע קינסטלער, ווי מאַיערבעער, גונאָ, ראָסיני...

ווי גליקליך פֿיהלט מען זיך צווישען די זיס-רוישענדע װעלען פֿון אַ מוזיקאַלישען ים!

ער וויגט אונז איין אין אַ גאָלדענער וויעג פֿון זיסע טרוימען, ער טראָגט אונז אַוועק וויים און ווייטער פֿון אַלע ערדישע שטרע-בונגען און ליידענשאַפֿטען!

די גאָלדענע שטערען פֿון ליעבע, דער בלויער געוועלב פֿון הייליגסטע אידעאַלען, די שטילע, בלאַסע לבנה פֿון פּאָעטישען טרויער — אַלעס, אַלעס שפּיגעלט זיך אָב אין דעם גאָלדענעם ים פֿון דער מוזיק; אַלעס געפֿינט אַן אָבקלאַנג אין איהר בעצוי-בערענדער האַרמאָניע!

וועמען זיינען ניט בעקאַנט די נעמען פֿון די קינסטלער און געטער פֿון דער מוזיק? ווער פֿון אונז האָט ניט געהערט פֿון אַ בעטהאָווען, מאָצאַרט, וואַגנער, מאַיערבעער, גונאָ, ווערדי, ראָסיני, ליסט, שאָפּען און רובינשטיין? די וועלט קרוינט זיי מיט לאָרבער-קראַנצען פֿון רוהם און אונשטערבליכקייט, זייערע גריבער זיינען בעדעקט מיט אונפֿערוועלקטע בלומען.

עס איז אָבער דאָ אַ געניאַלער, בעגייסטערטער דיכטער פֿון דער מוזיק, וועמעס נאָמען איז בעקאַנט נאָר ווייניגע, וועמעס קאָפּ איז ניט בעדעקט מיט לאָרבער-קראַנצען פֿון דער וועלט און דאָך האָט דיזער קינסטלער געגעבען דער מענשהייט אַן אונשטערבליכעס מייסטערווערק, וואָס וועט אימער לעבען אין האַרץ פֿון פֿאָלק און פֿיהרען איהם צו די נאָבעלסטע העלדען-טהאַטען.

זיין נאָמען איז רוזשע דע-ליסעל, זיין מייסטערווערק — די מאַרסעליעזע. ער האָט פֿערפֿאַסט דיזען וואונדערבאַרען שטורם-געזאַנג, דיזען געזאַנג פֿון פֿרייהייט און שטאָלצער אונאַבהייניגקייט אין 1792טען יאָהר, אין דער צייט פֿון רעוואָלוציאָנערען שטורם. דאַרום קלינגט אויך זיין מוזיק מיט אונבעזיגבאַרען מוטה, מיט הייליגער בעגייסטערונג פֿאַר אַלעם, וואָס איז נאָבעל און ערהאַבען.

הערט זיך צו צו דער מאַרסעליעזע, — פֿיהלט איהר ווי אין אייער האַרצען דערהויבט זיך אַ שטורם? פֿיהלט איהר, ווי אַן אונבעזיגבאַרע, שטאָלצע קראַפֿט רייסט אייך אַוועק פֿון אייערע אַלטעגליכע רעכענונגען, פֿון אייערע וואָכעדיגע געדאַנקען און עס ציהט אייך פֿאָרווערטס, פֿאָרווערטס אין פֿרייהייטס-קאַמפּף: פֿאָרווערטס אויף דעם ברייטען שלאַכט-פֿעלד, וואו עס פֿלאַטערען די רויטע פֿאָהנען, וואו עס הילכען די קאַנאָנען, וואו אונזערע קאַמעראַדען פֿעכטען אַזוי בראַוו געגען שונא און קעמפּפֿען ווי לייבען פֿאַר דער אַלגעמיינער בעפֿרייאונג! זאָלען מיר קאַלטבלוטיג



בלייבען שטעהן פֿון דער ווייטען? זאָלען מיר אָבגעבען אונזער לעבען, אונזער שטאָלצע יוגענד דער שמוציגער, בורזשואַזער וועלט פֿון שקלאַפֿען, פֿייגלינגע און פּאַראַזיטען? די וואונדערבאַרע מעלאָדיע גרייפֿט אַלץ טיעפֿער און טיעפֿער אין אונזער האַרצען מיט איהר הערליכער שטימע: ניין! דו וועסט ניט איינבויגען דיין שטאָלצען קאָפּ פֿאַר די פֿערשימעלטע געטער פֿון לוקסוס, אונמענשליכקייט און צולאָזענהייט! ניין, דו וועסט צוברעכען די קיים, וועלכע שמידט דיך צו צו דיזען קליינגייסטיגען לעבען, און טראָץ אַלע הינדערניסע, טראָץ האַס און פֿערדאַמונג פֿון דיין פֿרעכען פֿיינד און דעם געלעכטער פֿון זאַטע נאַרען, וועסטו טראָגען פֿאָרווערטס דאָס עוואַנגעליום פֿון דער מענשען-ליעבע, דעם פֿאַקעל פֿון פֿרייהייט און גערעכטיגקייט!

---

איך געדיינק אַ טרויעריגען אָבענד. איך בין געזעסען אַליין אין מיין צימער. שוואַרצע געדאַנקען פֿון ווילדער פֿערצווייפֿלונג האָבען, ווי געדיכטע שטורם-וואָלקען, פֿערדעקט מיין לעבענסוועג; מיינע הייליגסטע האָפֿנונגען, מיינע שטאַרקסטע איבערצייגונגען, צובראָכען פֿון ביטערען שטורם, זיינען ווי פּוסטע חורבות געלעגען שמום און לעבענסלאָז.

איך האָב געוויינט..., געוויינט איבער מיינע געשטאָרבענע האָפֿנונגען; געוויינט איבער מיין פֿערוואונדעטע יוגענד, געוויינט איבער די טהייערע הייליגע אידעאַלען, וועלכע די וועלט האָט אַזוי ציניש, אַזוי ברוטאַל געטראָטען מיט איהרע פֿיס!

וועלט! וואַרום ביסטו אַזוי אונמענשליך? וואַרום אַזוי אונבאַרעמהאַרציג צו אַלעם, וואָס איז נאָבעל און פֿריי?

פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ געזאַנג, אַ וואונדערבאַר זיסען געזאַנג. איך בין געזעסען ווי בעצויבערט.

איז דאָס מעגליך, אַז דיזע נאָבעלע, הייליגע טענער, פֿול מיט טרייסט און אויפֿמונטערונג, זאָלען קומען פֿון דער מענשען־וועלט, פֿון דער קאַלטער פֿערפֿראָרענער וועלט? די טרערען האָבען זיך אָבגעשטעלט אין מיינע אויגען, איך האָב געפֿיהלט ווי מיין האַרץ צוגעהט פֿון דער צערטליכקייט פֿון דער מוזיק.

איז דאָס אַ טרוים? פֿאַר מיינע אויגען שוועבט אַן עדעלעס, ליעבענסווירדיגעס געזיכט: וואונדער־שעהנע אויגען פֿול מיט ליעבע און מיטלייד בליקען פֿריינדליך אַריין אין מיינע פֿערוויינטע אויגען. איך הער, ווי אין אַ טרוים, אַ זיס קלינגענדע שטימע: ליידענדער, היימלאָזער! זאָרג ניט, טרויער ניט, דו ביזט ניט אַליין אויף דער וועלט. איך בין מיט דיר, איך, די שטאָלצע ליעבהאָבערין פֿון יעדען פֿרייען גייסט; הויב אויף דיין שטאָלצען קאָפּ! צינד אָן אויף דאָס ניי דיין רויטען פֿאַקעל! קלינג אין די גלאָקען פֿון אויפֿשטאַנד! וועק דיינע ברידער!

איך האָב מעהר ניט געוויינט. שטאָלץ האָב איך אויפֿגעהויבען מיין קאָפּ. אין מיין קראַנקער ברוסט, ווי אונטער די וואַרעמע שטראַהלען פֿון אַ פֿריהלינגס־זונן, האָבען ווידער אָבגעלעבט און אויפֿגעבליהט פֿרישע בלומען פֿון נייעם לעבען, מוטה און בעגייסטערונג.

אונטער מיין פֿענסטער איז געשטאַנען אַן אָרימער, בלינדער מוזיקאַנט און האָט געשפּיעלט די מאַרסעליעזע. דאָס איז געווען אַ היימלאָזער וואַנדערער, אַן אונגליקליכעס קינד פֿון דער קונסט. זיינע קליידער זיינען געוועזען זעהר אָרעם. זיין געזיכט — צוקנייטשט און אַלט; אָבער איצט האָט אויף דיזען געזיכט געשפּיעלט אַ וואונדערבאַרער שטראַהל פֿון ענטהוזיאַזמוס, פֿון בליצענדער בעגייסטערונג. האָט ער אין דיזע מינוטען געטרוימט פֿון זיין געליעבטער היימאַטה פֿראַנקרייך? האָט אין זיין ברוסט געשטורמט

דער פֿריער גייסט פֿון 1793 ? אָדער פֿילייכט האָט ער זיך דערמאָנט אָן די פֿערגאַנגענע טעג פֿון זיין יוגענד, ווען פֿול מיט האָפֿנונג און מוטה האָט ער אין די אָרעמס פֿון זיין געליעבטער געטרוימט פֿון אַ גאָלדענער צוקונפֿט ? איך וויים ניט. פֿול מיט פֿלאַקערענדען ענטהוזיאַזמוס, פֿול מיט נאָבעלע געפֿיהלען, וועלכע געפֿינען זייער שפּראַך נור אין האַרצען פֿון מוזיק, האָבען זיך די טענער מיט געניאַלער קראַפֿט אַרויסגעריסען פֿון אונטער זיינע פֿינגער.

די מאַרסעליעזע איז ענדליך פֿערשטאָרבען אין דער לופֿט. איך בין אַלץ געשטאַנען ביי מיין פֿענסטער. דער בלויער הימעל האָט געפֿונקעלט מיט מיריאַדען פֿון שטערען, די בלאַסע לבנה האָט לעבהאַפֿט אַראָבגעקוקט אויף דער ערד און... אַ וואונדער־באַרער געדאַנק ! מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך הער, ווי די פֿונקעלענדע שטערען, ווי די שטאָלצע לבנה און מיט זיי די גאַנצע נאַטור זינגט די מאַרסעליעזע... די בלאַסע ליליע, די בלוט־רויטע ראָזע, די ערוואַכטע נאַכטיגאַל — אַלע און אַלעס זינגט דאָס היילינגע ליעד פֿון פֿרייהיים, — די אונשטערבליכע מאַרסעליעזע.

# פרינציפּענלאזיגקייט פון דער זשארגאנישער ליטעראטור אין אמעריקא.

---

וועלכער דיינקענדער מענש בעוואונדערט נימ די הייליגע פרייהייטס־ליעבע, דעם גייסטיגען לוקסוס, דעם אונבעזויעגבארען מוטה פון דער רוסישער יוגענד אויף'ן סאָציאַלען שלאַכטפעלד? און ווילט איהר וויסען די קוועלע פון וועלכער די רוסישע העלדען האָבען געשעפּט זייער מוטה און בעגייסטערונג? ווילט איהר וויסען, וועלכע זיינען די וואָרצלען, וואָס פון זיי האָבען אַרויסגעשפּראָצט די גייסטרייכע בלומען, וועלכע בילדען יעצט אַ פּראַכטפאָלען רויזען־קראַנץ צווישען די דערנער פון דער רוסישער געשיכטע? — קוקט דורך די רוסישע ליטעראַטור פאַר די לעצטע 30 אָדער 40 יאָהר; ווארפט אַ בליק אויף די אונשטערבליכע שריפטען פון איסקאַנדער, טשערנישעווסקי, ביעלינסקי, דאָבראָליובאָוו, פיסאַרעוו, שטשעדרין, טורגעניעוו, נעקראַסאָוו און פיעלע אַנדערע גלענצענדע פערטהיידיגער פון גלייכהיים און גערעכטיגקיים, הייליגע אַפּאָסטאָלען פון פרייהייט און מענשען־ליעבע! הערט זיך צו צו זייער מעכטיגער שטימע, וועלכע קלינגט ווי אַ צורוף־גלאָק און וועקט יעדעם יונגע האַרץ צו אַ הייליגער טהעטיגקייט, צו אַן ענערגישען ווידערשטאַנד געגען דעם רוסישען בלוט־דורשטיגען דעספּאָטיזמוס! הערט זיך צו צו דער רעוואָלוציאָנערער שטימע פון דער ראַדיקאַלער רוסישער ליטעראַטור — און איהר וועט בעגרייפען די מעגליכקייט פון אַזעלכע וואונדערבאַרע

ערשיינונגען, ווי די אונשטערבליכע פרייהייטס־קעמפפער און קעמפפערינען אויף דעם רוסישען סאָציאַלען שלאַכט־פעלד, וועלכע געפינען נור זייער גלייכען אין די קלאַסישע בילדער פון דער גריכישער און רוימישער געשיכטע!

די אַלע גלענצענדע דיינקער און פערטהיידיגער פון דעם אונטערדריקטען רוסישען פאָלק זיינען ערצויגען געוואָרען אויף דעם גייסט פון דער רוסישער ליטעראַטור. די פרייע רוסישע שריפט־שטעלער, דיכטער און קריטיקער האָבען אַריינגעאָטהעמט אין זייער היילינע אַרביים די ערהאַבענסטע אידעאַלען פון דער דיינקענדער מענשהיים. די עקאָנאָמישע און מאָראַלישע וואַהרהייטען פון 19טען יאָהרהונדערט, דער עסענץ פון אַלעם וואָס איז עדעל, טיעפזיניג און גייסטרייך האָט זיך קריסטאַליזירט אין דער רוסישער ליטעראַטור און האָט געשאַפען אַ פרישע, געזונדע גייסטיגע נאַהרונג פאַר דער בליהענדער רוסישער יוגענד. דער פרייער גייסט האָט פערשפרייט זיינע היילינע פליגעל, האָט דורכגעשניטען די טונקעליכע פינסטערניש און מיט זיין זונען־שווערד געצייגט דעם יונגען רוסישען פאָלק דעם ליכטיגען וועג צו אַלגעמיינער פרייהייט.—

עס איז וואַהר, אַז ניט בלויז די ליטעראַטור, נאָר אויך אַנדערע היסטאָרישע אומשטענדען האָבען געהאָלפען אויסאַרבייטען דיזען גייסטיגען עלעמענט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג; דאָך שטעהט עס פעסט, אַז די רוסישע ליטעראַטור איז געוועזען דער וויכטיגסטער פאַקטאָר אין דער מאָראַלישער און רעוואָלוציאָנערער ענטוויקלונג פון דעם רוסישען יונגען דור.—

יעצט לאָמיר איבערגעהן אויף דעם אַמעריקאַנישען באָדען, וואו טויזענדע רוסיש־אידישע יונגע לייט, אָבגעריסען פון זייער היימאַטה, שפראַך און ליטעראַטור, האָבען געמאַכט די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור פאַר זייער איינציגע קוועלע, פון וועלכער זיי שעפען



יעצט וייערע בעגייסטערונגען, וייערע מאָראַלישע און אינטעלעק־
טועלע אַנשויאונגען.

יעדער דיינקענדער מענש, וואָס איז בעקאַנט מיט דער
זשאַרגאָנישער ליטעראַטור אין אַמעריקאַ, מוז קומען צו דער
איבערצייגונג, אַז זוכען אין דער אידישער זשורנאַליסטיק עפּעס אַ
פּרינציפּ, אַן עהרליכע נאָכפאָרשונג נאָך וואַהרהייט איז איינפאַך
לעכערליך. די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור אין אַמעריקאַ האָט אַרויס-
געהאַנגען אַ גרויסע רויטע פאָהן — אָבער ניט אַלס צייכען פון
פרייהייט אָדער רעוואָלוציאָן, אָה ניין! די רויטע פאָהן בעדייטעט
נור אַן אָקשיען, אַן אויספערקויף. די פאָהן צייגט אָן, אַז אויף דעם
מאַרק פון דער אידישער זשאַרגאָן־שרייבאַכץ פערקויפען זיך אויס
פאַר ביליגע פּרייזען פון אונטערן האַמער פערשיעדענע חפצים:
מענשליכער געוויסען, געשוואָרענע טרייהייט צום פאָלק, הייליגע
אידעאַלען, עהרע, גייסט, מענשליכקייט, ברודער־ליעבע, רעספּעקט
פאַר זיך זעלבסט, מיט איין וואָרט — אַלעס, מיט וואָס די ענט־
וויקעלטע מענשהייט פון היינטיגער צייט שטאָלצירט! אויף דיזען
ליטעראַטור־אָקשיען קריגט איהר אַלעס, וואָס פערדאָרבען איז, און
וואָס עס בעצאָהלט זיך בעסער, דאָס ווערט אַם מייסטען דאָרטען
אָנגעשלעפּט.—

דאָך, אינטערעסאַנטער פאַר אַלעס זיינען די מערקווירדיגע
קונצען־מאַכער, וועלכע איהר בעגעגענט אויף דיזען מאַרק. אין
אייערע אויגען פערוואַנדלען זיך מענשען אין עזלען. און זיי קלאַפּען
מיט די גרויסע אויערען און הירזשען אויף אייך טאַקע ווי עזלען.
פּלוצלינג ווערט פון דעם עזעל אַ בילענדיגער הונד, וואָס שפּרינגט
אייך אין פּנים אַריין און רייסט אייך פאַר די פּאָלעס — אַלעס
אַזוי געשווינד און מערקווירדיג, אַז איהר מוזט ניט ווילענדיג
אָנהויבען קליאַטשען בראַוואָ דעם אָרעמען קינצלער! און וואָס

מיינט איהר, קריגט ער פֿאַר דער גאַנצער אַרביים? אַ גראָשען אָדער צוויי, אַ גלעט איבערן הײַזקעל פֿון „גרויסען אָקשיענער" און אַ צוזאָג פֿילייכט אויף נאָך אַ דזשאָב!...

איהר בעגעגענט אויף דיזען ליטעראַטור-מאַרק די בעקאַנטע „כאַטעלעאָנס", די פֿיעל בעריהמטע חיה'לעך, וואָס בייטען אַלע מינוט זייער פֿאַרב און געשטאַלט, ווי עס פּאַסט זיי בעסער צו די אומשטענדען. זייער פֿעדער פֿערוואַנדלען זיי אין אַ נעץ צו פֿאַנגען גראָשענס; פֿון די פֿרייהייטס-שלאַכט-באַריקאַדען מאַכען זיי מאַרקעט-סטענדס, וואו זיי פֿערקויפֿען דעם פֿאָלק זייערע ווערך, צוויי פֿאַר אַ פּעני" — און דאָך זעלטען ווער עס ווערט ערשטוינט, זעהענדיג ווי

דאָס, וואָס היינט ווערט געלויבט און פֿערגעטערט,
ווערט מאָרגען מיט בלאָטע בעדעקט,
און איבערמאָרגען שוין ווידער פֿערצוקערט,
געשמייכעלט, גע'חנפ'עט, געלעקט...

און ווען איהר בעטראַכט אָט די אַלע טרויעריגע און לעבער-ליכע בילדער פֿון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור און הייבט אויף אַ דונערענדען פּראָטעסט געגען דער פּרינציפּענלאָזינקייט, געגען דעם ציניזמוס, פּראָסטיטוציאָן פֿון אַ פֿערדאָרבענער, קאָרומפּירטער פּרעסע, דאַן הערט איהר אַ קאַלטבלוטיגען געלעכטער פֿון די „פּראַקטישע" מענשעלאַך: „קינד, וואָס מאַכסטו אַזאַ ליאַרם? אַ מענש דאַרף אַ לעבען מאַכען; זאָל זיך דיר דוכטען, אַז ער איז אַ שוסטער, וואָס קריגט בעצאָהלט פֿאַר זיינע שיך!" — „אָבער, איהר פּראַקטישע אונמענשען", שרייט דער אידעאַליסט, „מיר ריידען יעצט ניט וועגען שוסטעריי; מיר ריידען וועגען ליטעראַטור, פּרינציפּען, לעהרען!" — וואָס געהט דאָס איהם דעראָן? פֿון ויינעטוועגען רופֿט דאָס ניט ליטעראַטור נאָר שוסטעריי, אַבי ער זאָל דערביי אַ לעבען מאַכען...

מיר קענען ניט זיין אַזעלכע קאַלטע „פּראַקטיקאַנטען" צוצו-
זעהען רוהיג, ווי מען האָרעוועט דאָס אָרעמע פֿאָלק מיט פֿערטוכ-
לעטע, פֿערגיפֿטעטע קרייטיכער; מיר זיינען ניט אַזוי פֿיעל
„פּראַקטיש" צו געבען אַ מאַך מיט דער האַנד אויף אַלעם אַחוץ
אונזער מאָגען; מיר זיינען ניט אַזוי פֿיעל קאַלטבלוטיג צו בלייבען
רוהיג, זעהענדיג ווי מען פֿערגיפֿטעט די גייסטיגע נאַהרונג פֿון
דער אידישער יוגענד. מיר גלויבען אין דער מענשליכער ערציהונג
דורך שריפֿט און וואָרט און מיר שטרעבען צו זעהען אין דער
זשאַרגאָנישער ליטעראַטור אַזעלכע פֿערזייטע קערנער, פֿון וועלכע
עס מוזען אַרויסשפּראָצען די הייליגע בלומען פֿון פֿרייהייט, ליעבע
און גערעכטיגקייט!

דער געזונדער עלעמענט, וועלכער לעבט נאָך אין פֿאָלק מוז
ערוועקט ווערן צו הייליגער טהעטיגקייט! דער אונערבאַרמליכער
בייטש פֿון שניידענדער קריטיק, פֿון פֿלאַמענדער סאַטירע מוז
צושמעטערן די בלעכענע געמשקעס, צו וועלכע עס בוקט זיך
יעצט די אונענטוויקעלטע מאַסע! דער באָדען פֿון דער זשאַרגאָני-
שער ליטעראַטור מוז געררייניגט ווערן, די גיפֿטיגע גראָזען מוזען
אויסגעריסען ווערן מיט'ן וואָרצעל און מאַכען פּלאַץ פֿאַר איידעלע,
הייליגע בלומען און פֿלאַנצונגען, וועלכע זאָלען ערוועקען און
ערהויבען דעם גייסט פֿון'ם יונגען אידישען דור! —

# זשארגאנישע דיכטער.

ענגלישע, דייטשע, רוסישע דיכטער, דיכטער פֿון יעדער שפּראַך האָבען זייערע קריטיקער, וועלכע צייגען אָן דעם דיכטער'ס גוטע און שלעכטע זייטען, צוגלידערן זיינע ווערקע, ווייזען איהם אָן זיין פּלאַץ אין דער ליטעראַטור און לערנען אויך דעם פּובליקום צו אורטהיילען ריכטיג, אויף וויפֿיעל דער אָדער יענער דיכטער פֿערשטעהט דעם גייסט פֿון זיין צייט און אויף וויפֿיעל ריכטיג עס שפּיגלען זיך אָב אין זיינע ווערקע די מענשליכע נאַטור, שעהנהייט און הומאַניטעט, וואַהרהייט און פֿרייהייט, ליעבע און האַס, בעגייסטערונג פֿאַר די ערהאַבענסטע אידעאַלען פֿון דער מענשהייט און פֿאַר אַלעס, וואָס איז הערליך און פֿריי, איידעל און מענשענ-ווירדיג.

די וואַהרע קריטיק האָט פֿאַר זיך אַ צווייפֿאַכע אַרבייט. ערשטענס, אָנצואווייזען דעם קינסטלער זיינע פֿעהלערן, זיינע שוואַכקייטען, און אויב די קריטיק איז נור פֿערנינפֿטיג און אונ-פּאַרטייאיש שטרעבט זי דעם קינסטלער אויסצובעסערען. צווייטענס, אויסצואַרבייטען דעם געשמאַק פֿון די לעזער. די קריטיק צייגט זיי אָן דעם אונטערשיעד צווישען טאַלאַנט און פּאַטשקעריי, צווישען אַ ווערק, וואָס איז דאָס גייסטיגע קינד פֿון'ם שרייבער, פֿון זיין פֿיהלען און דיינקען און צאַפּעלט זיך אין זיין הארץ ביז עס רייסט זיך אַרויס אויף דער פֿרייער וועלט צו שעפּען לופֿט און פֿרייהייט, און צווישען אַ שטיקעל געאָרדערטע, בעצאָהלטע אַרבייט, מיט גלעקלאַך און ווינצלאַך, אין וועלכער איהר זעהט ניט קיין שפּור פֿון



אַ דיכטער, נאָר דערפֿאַר שפּרינגט אייך אין צורה אַ פּאַיאַץ, אַ קאָמעדיאַנט, אַ „שוט־גאָראַכאָוואָי", יועלכער בעשימפּפֿט די קונסט און חנפֿ'עט די נידעריגסטע אינסטינקטען פֿון דעם האַלב־ענטוויקעלטען לעזער.—

די ציימונגס־קאָמעדיאַנטען האָבען, צו אונזער בעדויערען, אַ גרויסען ערפֿאָלג ביי דעם אידישען פּובליקום. די אורזאַכע פֿון דיזען טרויעריגען ערפֿאָלג איז פֿון איין זייט די אונוויסענהייט פֿון דעם זשאַרגאָנישען לעזער און פֿון דער צווייטער זייט די אָבוועזענהייט פֿון אַ וואַהרער פֿערנינפֿטיגער קריטיק, וועלכע זאָל זיין געשמאַק אין אַן אמת'ן וועג אויסבילדען.

דאָס פֿערשווייגען פֿון אַלעס, וואָס איז וויכטיג, גייסטרייך און ערנסט ווערט אַזוי וויים געטריבען אין אונזער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור, דאָס דער אידישער לעזער קעהרט זיך אָב פֿון אייך ווי פֿון אַ משוגענעם, אויב איהר גיט איהם עטוואָס אַזעלכעס צו לעזען, וואו ער דאַרף צולייגען אַביסעל זיין פֿערשטאַנד, אָנשטריינגען אַביסעל זיין פֿערנונפֿט. דאָס, זאָגט ער, איז עפּעס ניט פֿאַר מיר. דערפֿאַר אָבער וואַרפֿט ער זיך אַרויף ווי אַ הונגעריגער וואָלף אויף אַלעס, וואָס איז וויציג, לייכטזיניג, פּוסט און צווייַדייטיג, אָפּטמאָל אויך ציניש, גראָב און נאַריש. שוין ניט ריידענדיג פֿון דעם, וואָס אַזאַ מין ליטעראַטור לאָזט ניט איבער אין זיין קאָפּ קיין איינציגען הערליכען געדאַנק, פֿערדאַרבט זי נאָך מעהר זיין געשמאַק, ערוועקט אין איהם אַן אַפּעטיט צו אַלעס, וואָס איז פּראָסט, כאַראַקטערלאָז און לייכטזיניג.

אונזערע זשאַרגאָנישע שרייבער, אָנשטאָט אויסצובילדען דעם אידישען לעזער און איהם פֿיהרען פֿאָרווערטס, מאַכען זיך אונטער אונטער'ן נידריגען טאָן פֿון דער אונוויסענדער מאַסע, קרימען זיך און ברעכען זיך פֿאַר איהר און זיינען שטאָלץ מיט זייער ערפֿאָלג,

שמאָלץ מיט דער בלאָטע, אין וועלכער זיי זינקען אַלץ מעהר און מעהר, ביז זיי פערזינקען אין איהר אויף אייביג. דעם אידישען דיכטער, אויב ער איז ווירקליך אַ דיכטער און נים קיין בדחן, קומט אוים זעהר שלעכט צווישען דעם באַרג מיסט, וואָס „ער־שיינט" פאַר דעם אידישען פובליקום אלס קונסט און ליטעראַטור.

וואָס טויג דעם אידישען זשאַרגאָנישען לעזער, וועלכער איז ערצויגען אויף וויציגער ליטעראַטור, וואָס טויג איהם, פרעג איך אייך, אַן ערנסטער דיכטער, וועלכער, בלייבענדיג טריי דער קונסט, דער וואַהרהייט, דעם גייסט פון זיין צייט, קען זיך נים קרימען און קוליען פאַר דעם אידישען פובליקום? וואָס טויג דעם אידישען לעזער דער קראַנקער דיכטער פון אונזער יאָהרהונדערט מיט זיין קלאָגענדיגער האַרפע, אין וועלכער עס קלינגען אָב די האַרצרייסענדע געשרייען פון זיינע מיליאָנען ברעדער, פערשקלאַפטע, פערהונגערטע ברידער! וואָס נעהען איהם אָן דיזע טרויעריגע מעלאָדיען, אין וועלכע עס הערען זיך די זיפצען, דער פלוך פון טויזענדער פרויען, ערנידעריגטע, געשענדעטע פון די פאָרשטעהער פון אונזער „בעסטער" געזעלשאַפט! וואָס דאַרף זיך דער אידישער זשאַרגאָנישער לעזער צוהערען צום טרויעריגען מויטען־מאַרש, וואָס רייסט זיך אַרוים ווי אַ שטורם פון דיכטער'ס האַרץ, אַ מאַרש פול מיט טרויער אָהן אַ סוף נאָך טויזענדע יונגע בליהענדע בלימעלאַך פול מיט לעבען און הימלישער שעהנהייט, וועלכע ווערן צוטראָטען פון די שמוציגע פים פון אונזערע „ציוויליזירטע" הער־שער, פון אונזערע „אַנשטענדיגע" בירגער...

וואָס נעהמט דאָס אַלעס אָן דעם אידישען לעזער! זינג איהם וויציגע ליעדעלעך, טאַנץ פאַר איהם אַ קאַזאַטשקע, קוליע זיך פאַר איהם, ברעך זיך פאַר איהם ווי אַ גאַסען־קאָמעדיאַנט, און ער וועט דיר אַפּלאָדירען, ער וועט דיר פאַלען אויף'ן האַלז און שרייען: בראַוואָ!

אָרעמער אידישער דיכטער! פֿאַר וועמען שפּיעלט דיין האַרפֿע?
פֿאַר וועמען פֿאַלען דיינע טרערען? וועמען לאָזסטו אַריין אין די הייליגסטע ווינקעלאַך פֿון דיין ליעבענדער, ליידענדער זעעלע!

די טרויעריגע ראָלע פֿון יעדען וואַהרען אידישען דיכטער האָט גוט פֿערשטאַנען און געשילדערט דער געניאַלער רוסישער און אידישער פּאָעט ש. פֿרוג. לעזט דורך זיינע עטליכע סטראָפֿען און איהר וועט זעהן דעם אונטערשיעד פֿון אַ וואַהרען דיכטער ביז אַ גראַמען־שרייבער. איהר וועט הערען די מעלאָדיע פֿון אַ פּאָעטישער האַרפֿע, אין וועלכער עס צאַפּעלט זיך אַ האַרץ, אַ גרויס מענשליך האַרץ, וואָס קלאַפּט פֿאר די ליידענדע, פֿאַר די אונטערדריקטע, וואָס פֿיהלט טיעף די אונענדליכע ליידען פֿון דער מענשהייט און קען ניט שמייכלען, קען זיך ניט אָבגעבען מיט וויצען און ווערטלאַך, קען ניט טאַנצען אַ קאַזאַטשקע, ווען ביי איהרע פֿים זיפֿצט און בלוטעט די פֿערשקלאַפּטע מענשהייט.

אָט דאָס זיינען פֿרוג׳ס הייליגע ווערטער:

די גאַנצע נאַטור איז מיין רבי געוועזן:
זי האָט מיך געלערענט אי זינגען, אי שפּיעלען,
זי האָט מיך געלערענט אי דיינקען, אי פֿיהלען,
זי האָט מיר געצייגט וואָס איז מיאוס און וואָס שעהן,
דאָס האַרץ זאָל זיין פֿריש און דער קאָפּ זאָל זיין ניכטער,
צו אַלץ זאָל איך האָבען אַ וואָג און אַ מאָס...
און איך בין געוואָרען, צו מזל, אַ... וואָס?
אַ דיכטער, רבותים, אַ אידישער דיכטער!

איהר ווייסט וואָס דאָס איז? וואָס דאָס האָט פֿאַר אַ ווערטה?
פֿון וואַנען דאָס נעהמט זיך?... אַך, לאָזט מיך צופֿריעדען!
פֿערשאָלטען איז דער, וועמען גאָט האָט בעשערט
צו זיין אַ משורר... ביי אידען!

אַ משורר — אַ כלי-זמר, אַ ברחן איז ער:
אַ גראַם און אַ ווערטעל, אַ ליעדעל, אַ נגון,
אַ דרעה זיך אַהין און אַ קרים זיך אַהער—
דער עולם זאָל האָבען פון איהם פערגניגען.

און וועה איז צו איהם, אויב עס ויצט אין זיין ברוסט
אַ לעבעדיג האַרץ, פול מיט ליעבע און צאָרען,
וואָס לאָזט איהם ניט מאַכען צו שפּאַס און צו לוסט
די האַרפּע, וואָס איז איהם געגעבען געוואָרען,
ער זאָל אויף איהר שפּיעלען דאָס הייליגע ליעד
פון האָפנונג און ליעבע, ער זאָל מיט זיין שפּיעלען
ערוועקען די גוטע און ריינע געפיהלען
פון פרייהייט און עהרליכקייט, פריינדשאַפט און פריעד.

יאָ, וועה איז צו איהם! — ער וועט זיין ווי דער קול,
וואָס שרייט אין דעם מדבר צו שטיינער און ביינער:
עס וועלען איהם הערען דער באַרג און דער טהאָל,
דער וואַלד און דאָס פעלד... אָבער מענשען — ניט איינער!
אַ איד וועט זיך נעהמען דאָס בערדעל אין האַנד,
וועט שטעהען דעם קאָפּ אויף אַ זייט אָנגעבויגען,
וועט הערען מיט אויערען, קוקען מיט אויגען
און טאַקע פערשטעהען... אַזוי ווי די וואַנד!...

אַך, זאָגט מיר, ערקלעהרט דאָס מיר ריכטיג און גוט,
וואָס איז דאָס מיט אידען געוואָרען?—
אַזוי פיעל געליטען אין שרעק און אין צאָרען,
אַזוי פיעל פערגאָסען אי טרערען, אי בלוט;
אַ טאָג געהט ניט פאָר, וואָס ער זאָל ניט צוקראַצען,
צושטעכען אַ מכה אָט וואו נאָר אַ גליעד;
עס שיטען זיך צרות ווי באָב — און אַ איד?—
אַ איד דאַרף אַ כלי-זמר מיט פויקען און טאַצען,

א בדחן מיט גראַמען און ווערטלעך; אַט דאָס
פֿערשטעהט ער, אויף דעם איז ער, זעהט איהר, אַ טבֿע:
עס וואַקסט אין איהם פשוט דאָס האַרץ ווי אויף הייוון,
ער טרינקט פֿון דעם נחת און פֿרייד אָהן אַ מאָס;
אַ פשט׳ל, אַ ווערטעל, אַ נגון, אַ ליעדעל,
אַ מעשה, אַ חידה, אַ גראַם און אַ שפּיעל...
פֿאַר וואָס-זשע זינגסט דו אַזוי טרויעריג, שטיל,
מיין פֿיעדעל, מיין אַלטע, צובראָכענע פֿיעדעל?

# רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק.

זיין אַ רעוואָלוציאָנער הייסט, ניט נור גלויבען אין דער סאָציאַלער אומוועלצונג, אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, נאָר האַנדלען רעוואָלוציאָנער אין אַלע הינזיכטען, אין אַלע אַנגעלעגענהייטען, וואָס האָבען עטוואָס צו טהאָן מיט דער בעפרייאונג פון דעם פערשקלאַפטען פראָלעטאַריאַט.

אַ רעוואָלוציאָנער האָט נור איין וועג פאַר זיך, דאָס איז דער וועג פון פעסטע, אייזערנע רעוואָלוציאָנערע איבערציינגונגען, וועלכע שטיצען זיך אויף פאַקטען פון דער וועלט־געשיכטע, אויף די ריינע, נאַקעטע וואַהרהייט, אויף דעם געזונדען מענשען־פערשטאַנד. דיזע איבערציינגונגען ערלויבען ניט קיין קאָמפּראָמיסען (פשרות) אונטער קיינע אומשטענדען.

ווי שווער, ווי אונאַנגענעהם דער רעוואָלוציאָנערער וועג איז; וואָס פאַר שטעכענדיגע, גיפטיגע דערנער עס זאָלען ניט זיין דאָרט; וואָס פאַר הויכע בערג און שרעקליכע פעלזען עס זאָלען זיך איהם ניט פאָרשטעלען אויף זיין געפעהרליכען וועג, — טאָר דער רע־וואָלוציאָנער ניט אָבטרעטען ניט אויף אַ האַלבען שריט פון דער ליניע, וועלכע לינט פאַר איהם רויט אָנגעצייכענט מיט טרעהרען און מיט בלוט פון די ערמאָרדעטע שקלאַפען; ער טאָר ניט אָב־טרעטען פון דער רעוואָלוציאָנערער ליניע, וועלכע פיהרט צו דער פרייהייט, צו דער פאָלקאָמענער בעפרייאונג פון דער הערשענדער טיראַניי

יעדער רעוואָלוציאָנערער שריט פאָדערט אָפּפער. ער טוז

געמאַכט ווערען מיט געוואַלט, מיט העלדענמוטה און מיט איי־זערנער ענערגיע. יעדער נייער שריט בעשאַפֿט דעם רעוואָלוציאָנער נייע פֿיינד צווישען די אונטערדריקער און נייע פֿריינד צווישען די אונטערדריקטע.

דער רעוואָלוציאָנער האַסט די דיפּלאָמאַטיע, ער קען ניט ליידען די הינטער־פּיסלעך, ער קאָקעטירט ניט מיט די אַרבייטער, ער מאַכט ניט קיין חן'דלעך דער אונוויסענדער מאַסע, אום צו געווינען איהר פֿערטרויען, מיט אַ פֿעסטער האַנד רייסט ער אַראָב דעם פֿאָרהאַנג פֿון אַלע שרעקליכע פֿערברעכען און נידערטרעכ־טיגקייטען פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט; מיט דעם אייזערנעם האַמער פֿון זיינע פֿעסטע, אונבעשטרייטבאַרע איבערצייגונגען צו־האַקט ער די גאָלדענע און שטיינערנע געטער, פֿאַר וועלכע די מאַסע בוקט זיך אין איהר אונוויסענהייט.

ווען די מאַסע געהט אַרויס אין קאַמפּף און געברויכט וואַפֿען, וועלכע זיינען מעהר שרעליך פֿאַר די קעמפּפֿענדע, איידער פֿאַר די, וועמען זי וויל בעקעמפּפֿען; ווען דער רעוואָלוציאָנער פֿער־שטעהט, אַז אַלע שרעקליכע אָפּפֿער, וועלכע דער קאַמפּף פֿאָדערט, זיינען נוצלאָז, אַז די אַלע אָפּפֿער קענען קיינמאָל ניט בעפֿרייען דעם שקלאַף פֿון זיינע קייטען, — דאַמאָלס מוז דער רעוואָלוציאָנער צייגען זיינע ברידער די וואהרהייט, ווי אונאַנגענעהם זי זאָל ניט זיין.

שרייען צום פֿאָלק, „דו האָסט געזיעגט!" ווען דער זיעג בעדייטעט ווייטערע שקלאַפֿעריי, ווייטערע רויב און מאָרד פֿון דער הערשענדער קלאַסע איבער דעם אונטערדריקטען פּראָלע־טאַריאַט; שרייען צום פֿאָלק: „דו האָסט געזיעגט!" דאַן, ווען דער שקלאַף מוז אָנטהאָן אויף דאָס ניי די פֿערבלוטיגטע שקלאַפֿען־קייטען און צוזאַמען מיט זיין פֿרוי און קינד אָנבויגען דעם אויס־געמאַטערטען רוקען פֿאַר דעם פֿעטען בורזשוא, פֿאַר דעם טיראַ־

נישען אויסבייטער, שרייען — זאָג איך — אין אזעלכע בימערע מינוטען צום פאָלק: „דו האָסט געזיעגט!" קען נור אַ קריכער, אָבער ניט קיין רעוואָלוציאָנער.

די ריינע, נאַקעטע וואַהרהייט! קיין קאָמפּראָמיסען אונטער קיינע אומשטענדען! דאַרף זיין דאָס מאָטטאָ פון אַ רעוואָלוציאָנער. מען וועט אונז זאָגען: „ס'טייטש! דאָס איז דאָך אונפּראַקטיש!" דאַן, זאָג איך, וויל איך בעסער שטעהן פאַר אַן אונפּראַקטישער וואַהרהייט איידער פאַר אַ פּראַקטישען ליגען! און וואָרום איז די וואַהרהייט אונפּראַקטיש? לאָמיר אומיסטען זעהן, וואָס האָבען אויפגעטאָהן די פּראַקטישע מיט זייער פּראַקטיק? וואָס איז געווארען פון די מיליאָנען סאָציאַליסטישע שטימען אין דייטשלאַנד? וואָס איז געוואָרען פון די גרויסע פּאַראַדען, פון די גרויסאַרטיגע מאַרטשען, פון דעם זיעג איבער ביסמאַרק און פון די אַנדערע פּראַקטישע זיעגען?

דער קייזערליכער סאָציאַליסט איז איצט בעשעפטיגט מיט „פּראַקטישע" רעפאָרמען, ווי בעסער צו דערשטיקען די סאָציאַלע בעוועגונג אין דייטשלאַנד: „אַזוי וויל איך! אַזוי בעפעהל איך!" איז איצט זיין מאָטטאָ. אין זיין רעדע צו די סאָלדאַטען האָט ער זיך זעהר דייטליך אויסגעשפּראָכען, אַז דער איצטיגער פיינד פון דייטשלאַנד איז ניט רוסלאַנד, ניט פראַנקרייך, ניין! דיעזער פיינד איז דער דייטשער סאָציאַליזמוס און מיט איהם דאַרף מען זיך איצט ראַנגלען! מיט אַנדערע ווערטער, די מאָרד־קאַנאָנען פון דער דייטשער אַרמעע דאַרפען איצט געריכטעט זיין נעגען די פערטהיידינער פון דעם פּראָלעטאַריאַט! די לעצטע רעפאָרמע פון דיזען קייזערליכען סאָציאַליסט, ווי די צייטונגען מעלדען, איז דער פערבאָט, אַז די בערלינער סאָלדאַטען זאָלען ניט בעזוכען די 79 ווירטהשאַפטען, וועלכע געהערען צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטען.

אַלזאָ, דאָס זיינען די פֿרוכטען פֿון דעם פּראַקטישען וואַהל-קאַמפּף! דאָס זיינען די פֿאָלגען פֿון די גלענצענדע מאַרטשען, פֿון די מיליאָנען שטימען, וועלכע זיינען איצט פֿערשטומט געוואָרען פֿאַר די דעספּאָטישע שטימע פֿון אַ געקרוינטען באַנדיט!

די בענעבענהייטען פֿון׳ם דייטשען געזעצליכען סאָציאַליזמוס זיינען פֿאַקטען, שלאָגענדע בעווייזע, דאָס דער רעוואָלוציאָנער האָט נור איין וועג: דעם אונגעזעצליכען, דעם ריין רעוואָלוציאָנערען; דאָס אַלע געזעצליכע, פּאַרלאַמענטאַרישע רעפֿאָרמען, וועלכע געהען דורך די הענד פֿון בורזשואַזנע פּאָליטיקער, זיינען נור זייפֿען-בלאָזען, וועלכע הויבען זיך אין דער הויך, שפּיעלען און גלענצען מיט שעהנע פֿאַרבען און — פּלאַצען באַלד, איבערלאָזענדיג אביסעל שמוציגע וואַסער.

דער רעוואָלוציאָנער מוז פֿאָרטזעצען זיין וועג, ווי שווער, ווי אונדאַנקבאַר ער זאָל איצט ניט זיין; ער טאָר זיך ניט יאָגען נאָך אַן ערפֿאָלג, ווען דיזער ערפֿאָלג מוז געקויפֿט ווערען אפילו מיט דעם קלענסטען קאָמפּראָמיס; ער טאָר ניט פֿערשווייגען, וואָס איז וואַהר און לאָגיש. ער מוז דורכברעכען דעם ניט אויסגעטראָטענעם וועג צו דער אַלגעמיינער פֿרייהייט, ער מוז מיט זעלבסט-אויפֿאָפּפֿערונג, מיט שוויים און בלוט פֿערטהיידיגען זיין פֿרייהייטס-לעהרע. פֿעראַכטעט, פֿערפֿאָלגט, אפילו אונטער דעם שוואַרצען שאָטען פֿון דער תליה, מוז ער געדיינקען זיין מאָטטאָ: די ריינע, נאַקעטע וואַהרהייט! קיין קאָמפּראָמיסען אונטער קיינע אומשטענדען!!

# אנארכיזם־קאמוניזם.

מאַכט אַ פֿאָרשלאַג אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט צו בויען נייע טורמען, נייע אַסטראָגען, נייע דול-הייזער; מאַכט אַ פֿאָרשלאַג פֿאַר נייע פינקערטאָנס, פֿאַר נייע מאָרד-אינסטרומענטען, און מייזענדער וועלען אייער פֿאָרשלאַג אונטערשטיצען און אָנ־ווענדען אַלע קרעפֿטען איהם דורכצופֿיהרען.

פרואווט אָבער איבערצייגען דער געזעלשאַפֿט, אַז די מענש־הייט איז ניט קיין ווילדע חיה און דאַרף ניט קיין אייביגע קייטען און שטייגען; זאָגט איהר, אַז מיר קענען עקזיסטירען אָהן הערשער, אָהן טיראַנען, אָהן פינקערטאָנס, אָהן מאָרד-אינסטרומענטען, אָהן באַרבאַרישע געזעצען, אָהן געזעצמאַכער — און מען וועט אייך אָנקוקען ווי אַ משוגענעם, ווי אַ רוהע-שטערער, און ווען איהר וועט טרייבען אייערע איבערצייגונגען צו ווייט, וועט מען אייך אַריינוואַרפֿען אין קערקער אָדער דערשטיקען אויף דער תליה.

נאָך מעהר, די אונטערדריקטע מאַסע אַליין, אין די אינטע־רעסען פֿון וועלכע איהר טרעט אַרויס געגען שקלאַפֿעריי, און אויך דער פֿאָרטגעשריטענער עלעמענט פֿון דער מאַסע, וועט אויף אייך קוקען מיט פֿורכט און צווייפֿעל און וועט אייך זאָגען אַזוי:

יאָ, ברודער, דו ביזט טאַקע גערעכט, בערויבט זיינען מיר, אונטערדריקט זיינען מיר, אָבער וועלען מיט אַמאָל גאָר ניט האָ־בען קיין רויבער און גאָר קיין אונטערדריקער, דאָס איז אונמעגליך! מיר קענען די קייטען פֿערבייטען אויף קייטעלאַך, די בלוט-צאַפּערס אויף בלוט-צאַפּערלאַך, די גרויסע באַרבאַרישע געזעצען אויף

קליינע באַרבאַרישע געזעצעלאַך, אָבער עקזיסטירען אָהן אַ שום רעגירונג, אָהן וואָסערע עס איז געשריבענע געזעצען, — דאָס קען נור פאָדערן אַ פעררירקטער!

איצט לאָמיר אַקאָרשט זעהן, אויב צו פאָדערן די אָבשאַפונג פון יעדע רעגירונג, פון יעדען באַרבאַרישען געזעץ דאַרף מען זיין פעררירקט, אָדער פילייכט גאָר פערקעהרט, דאָס הייסט רעגירונגען און געשריבענע געזעצען האָבען נור אַ מאַכט איצט דערפאַר, ווייל די מאַיאָריטעט פון דער היינטיגער געזעלשאַפט שטעלט מיט זיך פאָר אַ גוטען קאַנדידאַט פאַר אַ דול-הויז...

די יעניגע, וואָס פאָדערן די אָבשאַפונג פון רעגירונגען, און וואָס פאַר אַ פאָרמע זיי זאָלען נים זיין, די אָבשאַפונג פון גע־שריבענע געזעצען, וואָס פאַר אַן אינהאַלט זיי זאָלען נים האָבען, — דיזע מענשען הייסען אַ נ אַ ר כ י ס ט ע ן. דאָס וואָרט אַנאַר־כיזמוס בעדייטעט הערשאַפטסלאָזיגקייט, דאָס הייסט, די אַנאַר־כיסטען שטרעבען צו אַזאַ צושטאַנד, וואו איין מענש וועט נים הערשען איבער דעם צווייטען, וואו אַ ל ע וועלען זיין גלייך אין זייערע מענשען-רעכטע.

וואָס קען זיין, דוכט זיך, איינפאַכער און נאַטירליכער, ווי צו פאָדערן, אַז דער צווייטער זאָל נים קאָמאַנדעווען איבער מיר, און וואָס קען זיין עהרליכער און נאָבעלער, ווי צו שטרעבען צו אַזאַ צושטאַנד, וואו איך זאָל נים האָבען די מעגליכקייט צו קאָ־מאַנדעווען איבער'ן צווייטען? דאַרף מען דען נאָך בריינגען וויסענ־שאַפטליכע פאַקטען, אום צו דערווייזען, אַז בעהערשען דעם צווייטען, אָדער זיין אַליין אונטער'ן צווייטענס הערשאַפט, איז אַ געוואַלדיגער פערברעכען געגען מענשליכע פרייהייט און גליק?

נאָך ווילדער קלינגען אונז די אַרגומענטען געגען אַבסאָלוטע הערשאַפטסלאָזיגקייט, ווען מיר פאָרשען נאָך די ענטשטעהונג

און ענטוויקלונג פֿון רעגירונגען, און פֿון דעם שטאַאַט איבער־הויפּט.

ווילדהייט, אונוויסענהייט, און פֿינסטערניש דאָס איז די מוטער פֿון רעגירונגען. ברוטאַליטעט, העסליכע שקלאַפֿעריי און מאַסען־מאָרד זיינען זייערע קינדער. ווען די מענשהייט איז געווען נאָך אין איהר קינדהייט, אויף די ערשטע שטופֿען פֿון איהר ענטוויקלונג און האָט געלעבט אין זאָגענאַנטע „טרייבס", שבטים, ווי איצט די ווילדע אינדיאַנער, דאַמאָלס זיינען ענטשפרונגען די ערשטע טיפען פֿון רעגירער און רעגירונגען. דאָס זיינען געווען די יעניגע פֿון די ווילדע, וועלכע האָבען געהאַט אַ שטאַרקערע פֿיזישע קראַפֿט און האָבען זיך אויסגעצייכענט אין דער שלאַכט מיט ווילדע טהיערען און אין בלוטיגע מלחמות מיט אַנדערע ווילדע: אַמאָל פֿאַר אַ פֿרוי, אַמאָל פֿאַר אַ פֿעל פֿון אַ דערשלאָגענער חיה; אָדער זיי פֿלעגען בעווייזען זייערע מאַיעסטעטישע איינגעשאַפֿטען מיט דעם, וואָס זיי פֿלעגען מזיק'ן יעדען איינעם, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג. אָט פֿון דיזע ברוטאַלע וואַלד־גולנים זיינען ענטשטאַנען אונזערע רעגירער און אונזערע רעגירונגען. אָט דאָס איז דאָס אייזען, פֿון וועלכען יאָהרהונדערטע האָבען געשמידט קייטען פֿאַר דער ליידענדער מענשהייט און האָבען געשטיקט אויף יעדען שריט און טריט דעם פֿרייען מענשליכען גייסט.

עס וואָלט גענומען פֿיעל צייט דורכצוקוקען אַלע שטופֿען וועלכע די רעגירונגען זיינע דורכגעגאַנגען, ביז זיי זיינען געקומען צו דעם איצטיגען צושטאַנד פֿון ציוויליזירטע הערשער. איך וועל נור זאָגען, וויפֿיעל פֿאָרמען און וואָס פֿאַר פֿאָרמען די רעגירונגען האָבען אָנגענומען אין זייער עקזיסטענץ, וואָס פֿאַר נעמען זיי האָבען זיך געגעבען און וואָס פֿאַר מאַסקעס זיי האָבען גע-טראָגען, — איין זאַך שטעהט פֿעסט, די וויכטיגע איינגעשאַפֿט

פון הערשער: אונוויסענהייט, טיראַניי און ברוטאַליטעט, זיינען געבליבען, ווי אימער, דער פונדאַמענט פון רעגירונגען. אונטער דעם פראַק פון אַ רעפובליקאַנישען שטאַאַטס-מאַן שטעהט פאַר אונז דער ווילדער וואַלד-גולן, וואָס איז בערייט צו דערווערגען יעדען איינעם, וואָס פראָטעסטירט געגען זיין פּאָליטיק-שווינדעל אָדער דעספּאָטיזמוס. דער אונטערשיעד איז נור, וואָס די ווילדע פלעגען זיך בענוגענען מיט דעם פלייש פון אַ חיה און היינטיגע הערשער דורשטען נאָך מענשליך בלוט און פערצעהרען דאָס פלייש פון זייערע איינענע שוועסטער און ברידער. מיר קענען זאָגען, אַז נאָך קיינמאָל האָבען רעגירונגען ניט ערגרייכט אַזאַ ברוטאַלע קראַפט, אַזאַ געוואַלדיגע טיראַנען-מאַכט ווי איצט. צוזאַמען מיט די רעליגיאָנס-פערפינסטערער, צוזאַמען מיט די רויבער פון דעם אָרעמען אַרבייטער-פאָלק, שטעהן די רעגירונגען ווי אייזערנע פעלזען אויף דער ברוסט פון'ם פראָלעטאַריאַט. וועלכער מענש מיט אַ געזונדען פערשטאַנד, וועלכער מענש מיט אַ פונק פון עהרליכקייט און פון מענשליכע געפיהלען ועט ניט פאָדערן מיט יעדען טראָפּען פון זיין בלוט די אַבסאָלוטע פערניכטונג פון יעדען סאָרט רעגירער און רעגירונג אין דער מענשליכער געזעלשאַפט!

דער באָדען, אויף וועלכע רעגירונגען זיינען געשטאַנען און שטעהן נאָך איצט, איז בעגאָסען מיט אונשולדיגען בלוט פון זייערע הימעל-שרייענדע נידערטרעכטיגקייטען. טויזענד-יאָהריגע קאָרופּציאָן און די שענדליכסטע פּראָסטיטוציאָן האָבען דאָרטען געבויט זייערע נעסטען. אויף אַזאַ באָדען איז ניטאָ קיין פלאַץ פאַר עטוואָס מענשליכעס. עס קען ניט ווערן רעפאָרמירט, עס קען ניט ווערן געהיילט. אַזאַ פעסט פאָדערט פערניכטונג, אַבסאָלוטע צושטערונג. דאָס וואָרט רעגירונג האָט קיין פלאַץ אין דעם ווערטער-בוך פון פרייע מענשען.

וואָס פאַר אַ נאָמען איהר וועט נים געבען דער הערשאַפט, דער רעגירונגס-מאַכט, — אונטערדריקונג וועט זיין איהר אויפ־גאַבע, נייע קייטען צו שמידען פאַר דעם פרייען מענשליכען גייסט וועט זיין איהר אַרבייט. זי וועט דיזע קייטען אָנרופען געזעצען, און פיליכט אויך ליבעראַלע, פערנינפטיגע געזעצען, אָבער אין דער ווירקליכקייט וועט דאָס נור זיין אַ מיטעל, ווי אַם בעסטען צו עקספלאָאַטירען און צו מאָנאָפּאָליזירען דעם שוואַכען, דעם שוצלאָזען, דעם אונערפאַהרענעם מענשען.

פון דעם אַלעס, וואָס איך האָב ביז איצט געזאָגט, איז קלאָר, אַז יעדער רעכט-דענקענדער מענש איז מאָראַליש פערפליכטעט צו קעמפפען געגען יעדען סאָרט רעגירונג, געגען דער מאַכט פון יעדען מין געשריבענע געזעצען, ׳וועלכע זיינען נים מעהר ווי אַ טיראַנען-געוועהר, געריכטעט געגען די אָרעמע און אונערפאַהרענע מענשען.

אָבער (און דאָס איז אַ גרויסער אָבער) פּאָליטישע פרייהיים איז נאָך נים קיין פרייהיים. מיר מוזען זיין אויך עקאָנאָמיש פריי, אום צו קענען געניסען די פולע מענשליכע פרייהיים. און דאַרום זיינען מיר נים נור אַנאַרכיסטען, נאָר — אויך קאָמוניסטען.

מיר ווייסען די געשיכטע פון דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און מיר זיינען איבערציינגט, אַז פּריוואַט-איינענטהום איז נים מעהר ווי אַ טויזענד יעהריגע רויבעריי פון דעם שטאַרקען ביי דעם שוואַכען; אַז דער היינטיגער זאָגענאַנטער שטאַאַט איז אַ גיגאַנטישע ברוטאַלע רויבער-באַנדע, צוזאַמענגעשטעלט פון איינ־פאַכע גנבים, פּאַראַזיטען, פּוילענצער און פּאָליטישע שווינדלער. מיט דער הילף פון רעליגיאָנס-פערפינסטערער און געשיצט פון בעצאָהלטע בלוט־הונד, פון ביקסען און קאַנאָנען, רויבען זיי אויף זואָס די וועלט שטעהט אַלעס, וואָס די אַרביימער־קלאַסע פּראָ־

דוצירט מיט איהר שוויים און בלוט. דיזע רויבער־באַנדע האָט פֿערכאַפּט אין איהרע לאַפּעם אַלע מיטלען פֿון זעלבסטשטענדיגער פּראָדוקציאָן: מאַשינען, ווערקצייג, לאַנד, — אַלעס, וואָס איז אויף דער ערד און אין דער ערד בעלאַנגט צו איהר; דאָס איז איהר היילינעם איינענטהום. לאַנגע יאָהרען פֿון רויב און מאָרד האָבען איהר געגעבען דאָס געזעצליכע רעכט אויפֿצוהייגען אַ שלאָס אויף די רייכטהימער פֿון דער נאַטור, אויף די פֿרוכטען פֿון פֿרעמדער אַרבייט — און איצט, אום צו האָבען ברויט, אום צו האָבען מיטלען פֿאַר אייער עקזיסטענץ, מוזט איהר פֿערקויפֿען אייער אַרביימס־קראַפֿט צו דיזע באַנדיטען אָדער אַליין ווערען אַ באַנדיט, ווען איהר האָט דערצו פֿעהיגקייטען און געלעגענהייט. דער אַר־בייטער ליגט איצט אונטער דעם אייזערנעם פֿוס פֿון קאַפּיטאַליזמוס. ער האַט ניט קיין זעלבסטשטענדיגע היים; ער איז קיינמאָל ניט פֿערזיכערט, אַז ער וועט מאָרגען האָבען זיין שטיקעל ברויט; ער איז אַ שקלאַף, און פֿילייכט דער אונגליקליכסטער שקלאַף פֿון אַלע שקלאַפֿען פֿון דער פֿערגאַנגענהייט.

איך דיינק ניט, אַז עס איז נייטיג צו דערצעהלען אייך אַלע גרויזאַמע בלוטיגע לעבענס־דראַמען, וואָס אַזאַ באַרבאַרישע שקלאַ־פֿעריי פֿעראורזאַכט צווישען די אָרעמע קלאַסען. ווּעמען פֿון אייך זיינען ניט בעקאַנט דיזע טרויעריגע האַרצרייסענדע בילדער פֿון'ם פּראָלעטאַריער'ס לעבען? וועמעס האַרץ קען בלייבען רוהיג, זע־הענדיג, ווי אונשולדיגע יונגע מענער, פֿרויען און קינדער אין דער בליהונג פֿון זייער לעבען מוזען אומקומען אין די פֿינסטערע קערקערם פֿון לוין־שקלאַפֿעריי? ווער שוידערט ניט ביי דעם גע־דאַנק, אַז אויך זיין ברודער קען דורך נויט געטריבען ווערן צו די גרויזאַמסטע פֿערברעכען, אַז אויך זיין שוועסטער — צו דעם שענדליכסטען האַנדעל מיט זיך, אום צו קענען שטילען איהר

הונגער! וועמעס האַרץ בלוטעט ניט ביי די צייטונגס-נאַכריכטען, אַז דאָ אָדער דאָרט זיינען אין קאַפּיטאַליסטישע מינען לעבעדיי־נערהייט בעגראָבען געוואָרען הונדערטע עהרליכע אַרבייטער, איבערלאָזענדיג פרויען און קינדער, וועלכע וועלען פּילייכט דאַרפּען געהן בעטלען, אָדער וועלען זיין דורך נויטה געטריבען צו פּראָ־סטיטוציאָן אָדער זעלבסט מאָרד! ווער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר די אונצעהליגע אָפּפער פון דער קאַפּיטאַליסטישער טיראַניי? פאַר די צוטראָטענע לעבענס, פאַר די קערפער פון די ערמאָרדעטע מיינערס? אַלעס רופט נאָך ראַכע! נאָך ראַכע פאַר אונשולדיג בלוט, פאַר מענשליכע בלוט, וואָס ווערט פערגאָסען טאָג-טעגליך פון די נידריגע, געזונקענע הערשער פון דער היינטיגער געזעל־שאַפט! וועלכער מענש, ביי וועמען דער דיינקונגס-אַפּאַראַט איז ניט פערדאָרבען, די מענשליכע געפיהלען ניט אָבגעשטאָרבען, וועט ניט פעראורטהיילען צום טוידט אַזאַ באַרבאַרישע געזעל־שאַפט! ווער, אַחוץ אַ פּייגלינג אָדער אַ שוועכלינג, וועט זיך ענטזאָגען צו שטעלען זיך אין די רייהען פון די, וואָס ווילען צושטערען די פערבלוטיגטע טראָהנען פון באַרבאַרישער הערשאַפט?

די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט מוז געשטירצט ווערן! און דאָס קען נור געשעהן דורך אַ געוואַלדיגע סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. עס איז אַן אונזין צו דיינקען, אַז מען קען מיט וואַלד-רויבער דורכקומען אויף א פריעדליכען וועג. ווען עס וואָלט ווירקליך געווען אַ מעגליכקייט צו מאַכען אַ סוף צו דעם היינטיגען שקלאַפען-סיסטעם אָהן בלוט-פערגיסונג, וואָלטען די אַנאַרכיסטען פּילייכט געווען די ערשטע צו פערמיידען דאָס שרעקליכע בלוט־באָד; אָבער נור קינדער קענען גלויבען, אַז די היינטיגע קאַפּי־טאַליסטישע געזעלשאַפט וועט אָבגעבען איהרע פריווילעגיען און איהרע אָנגערויבטע רייכטהימער אָהן אַ ביטערן בלוטיגען קאַמפף.

א געוואַלדיגע שלאַכט פֿון דעם פֿעראייניגטען פראָלעטאַריאַט פֿון דער וועלט געגען זיינע אויסבייטער און אונטערדריקער איז דער איינציגער וועג צו דער פֿאָלקס-בעפֿרייאונג, און דער טאָג איז ניט וייט, ווען דיזע שלאַכט וועט ערשיטערן אַלע דעספּאָטישע טראָהנען און צוברעכען אַלע שקלאַפֿען-קייטען!

די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט מוז מאַכען פּלאַץ פֿאַר אַ נייע קאָמוניסטישע געזעלשאַפֿט. אַלע גיטער און רייכטהימער פֿון דער וועלט ווערן געמיינשאַפֿטליך פּראָדוצירט פֿון דער אַרבייטער-קלאַסע און דאַרום איז עס ניט מעהר ווי לאָגיש און רעכט, אַז דיזע אַלע רייכטהימער זאָלען אויך ווערן געמיינשאַפֿטליך געברויכט פֿון אַלע די, וואָס האָבען גענומען אַנטהייל אין דער שאַפֿונג פֿון דיזע רייכטהימער.

מיר זיינען ניט איינפֿערשטאַנען מיט די סאָציאַליסטען, וועלכע בעהויפּטען, אַז אויך אין דער צוקינפֿטיגער געזעלשאַפֿט וועט דער שטאַרקערער האָבען אַ פֿאָרצוג געגען דעם שוואַכען. „יעדער איינער — זאָגען זיי — וועט בעצאָהלט ווערן אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל ער איז אימשטאַנד צו פּראָדוצירען, און דער, וואָס האָט אַ פּאָר פֿונט מעהר פֿלייש און איז פֿיזיש שטאַרקער פֿון מיר, זאָל אויך קענען פֿערדינען מעהר ווי איך“. דיזער בעגריף פֿון שטאַרקערע און שוואַכערע איז די איינענשאַפֿט פֿון אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט. אין אַ פֿרייער קאָמוניסטישער געזעלשאַפֿט וועט יעדער אַרבייטען נאָך זיינע קרעפֿטען און געברויכען נאָך זיינע בעדירפֿניסע.

אין דער מענשליכער פֿאַמיליע קען הערשען די הייליגסטע האַרמאָניע פֿון אַ גליקליכען ברידערליכען לעבען. די נאַטור האָט גענוג רייכטהימער פֿאַר איהרע אַלע קינדער, גענוג קאָרן און זונענשיין פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט. די בעהויפּטונג, אַז די

מענשליכע געזעלשאַפט איז ניט פעהיג פאַר אַ פרייען קאָמוני־סטישען צוזאַמענלעבען, איז גרונדלאָז און פאַלש.

יעדער איינער איז פעהיג צו פערבייטען אַ קערקער אויף אַ פּאַלאַץ, טרוקען ברויט אויף אַ זיסען קוכען, דעם בייטש פון אַ שקלאַפען-הענדלער אויף אַ פריי פאַמיליען-לעבען. נאַטירליך, ווען ער האָט דערצו די מעגליכקייט.

דער מענש איז איצט ברוטאַליזירט דורך דעם אונענדליכען קאַמפף פאַר זיין עקזיסטענץ, דורך די ביטערע ערנידערונגען, וואָס ער שטעהט אויס טאָג־טעגליך פון זיינע אויסבייטער. ווארפט פון איהם אַראָב דעם יאָך פון שקלאַפעריי, רינגעלט איהם אַרום מיט אומשטענדען פון אַ פרייען מענשליכען לעבען, גיט איהם די מעגליכקייט צו אַרבייטען דריי, פיער שטונדען אַ טאָג, (און מעהר דארף אַ מענש ניט אַרבייטען פאַר זיין עקזיסטענץ אין אַ פרייער געזעלשאַפט), אַרבייטען ניט אונטערן בייטש פון אַ פאָרמאַן, נאָר צווישען פרייע ברידער און האָבען אַלעם וואָס קען בעפריעדיגען די בעדירפניסע פון אַ פרייען מענשען, און דאַן וועט נור אַ פעררוקטער זיין פעהיג צו בעגעהן עטוואָס אַן אונגערעכט אָדער אַ פערברעכען געגען זיינע מיט־מענשען.

99 פראָצענט פון היינטיגע פערברעכען ווערן פעראורזאַכט דורך די שלעכטע עקאָנאָמישע פערהעלטניסען, אין וועלכע די איצטיגע געזעלשאַפט ווערט מעהר און מעהר פערדאָרבען און געטריבען צו רויב און מאָרד, צו פראָסטיטוציאָן און זעלבסט־מאָרד. אין אַ פרייער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וואו יעדער וועט האָבען די מעגליכקייט צו ערווערבען אַ פרייען גליקליכען לעבען דורך לייכטע אַרבייט און זיין אַ פרייער בירגער פון אַ פרייער געזעלשאַפט, וועלען אַלע דיזע קראַנקהייטען פון דער היינטיגער קאַפיטאַליסטישער אָרדנונג זיין פאָלקאָם געהיילט, און

די געפענגניסע, רולהייזער און גאַלגענס וועלען פערשווינדען צוזאַמען מיט דער באַרבאַרישער געזעלשאַפט, אין וועלכער מיר לעבען איצט.

איך דיינק, אַז דאָס וואָס איך האָב דאָ געזאָגט איז גענוג צו איבערצייגען אַ מענשען אָהן פאָראורטהיילען, אַז דער אַנאַר־כיזמוס־קאָמוניזמוס איז ניט קיין פאַנטאַזיע, נאָר אַ וויסענשאַפט־ליכעס געזעלשאַפטס־סיסטעם. די ענטוויקלונג פון קאַפיטאַליסטישער פראָדוקציאָן פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט די אָב־שטאַרבונג פון הערשאַפטס־ און רעליגיאָנס־אָבערגלויבען וועלען אונז העלפען פערווירקליכען דעם אַנאַרכיזמוס־קאָמוניזמוס אין דער צוקינפטיגער געזעלשאַפט. נור אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס וועט געבויט אויף פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט, קען ער־רייכען די העכסטע שטופע פון איהר פיזישער און גייסטיגער ענטוויקלונג.

פאָליטישע פרייהייט אָהן עקאָנאָמישע איז קיין פרייהייט ניט; עקאָנאָמישע פרייהייט אָהן גלייכהייט, איז ווידער ניט קיין פרייהייט. אַנאַרכיזמוס־קאָמוניזמוס פעראייניגט אין זיך פאָליטישע און עקאָ־נאָמישע פרייהייט און אויך גלייכהייט. דאַרום איז ער דער ער־האַבענסטער אידעאַל פון פרייהייטס-ליעבענדע מענשען! אַ אידעאַל, פאַר וועלכען עס איז ווערטה צו אָפפערן אַלעס, אַ אידעאַל, וואָס וועט מיט זיך מאַכען אונשטערבליך די, וועלכע וועלען אַרבייטען און קעמפפען פאַר איהם...

**ע נ ד ע.**

